ז. סעגאַלאָוויטש

# לידער, דערציילונגען, זכרונות



יוסף ליפשיץ-פאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייוואָ

ז. סעגאַלאָוויטש

# לידער, דערציילונגען, זכרונות

**לידער, דערציילונגען און טעאַטער־שפּיל**

מוזיק צו 2 לידער

**פֿראַגמענטן פֿון פֿאַרשאַרבעטן**
**צו דער כאַראַקטעריסטיק**
**און זכרונות**

**אַרײַנפֿיר און רעדאַקציע**
**פֿון**
שמואל ראָזשאַנסקי



37סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

## י ו ס ף  ל י פּ ש י ץ - פ אַ נ ד

פון דער

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם יִווֹא
אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע
פון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור און די נאָטן מיטן געכתיבהטן טעקסט
יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.500 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ט — 1968
ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייווא אין אַרגענטינע

# תוכן

זײַט

זײַט

## ביאָגראַפּישע שטריכן

זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, געבוירן 26 פעברואַר 1884 אין ביאַליסטאָק אין אַ רבנישער משפּחה, איז אַליין אין דער פריִער יוגנט אַוועק צו האָרעפּאַשנער אַרבעט. נאָכן לערנען אין פּריוואַט־שולן און אין דער היים אַוועק אויף פּאָסטנס, פריִער ווי אַ משרת אין געשעפטן, דערנאָך ווי אַן אַרבעטער אין אַ קאַכל־פאַבריק. אין די שטורמישע יאָרן פון 1904־1905 זיך באַטייליקט אין אַרבעטער־שטרײַקן, אָרגאַניזירטע פון „בונד", ווי אַן אָנפירער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן אַ סך חדשים אין טורמע, דער עיקר אין ביאַליסטאָק. דעבוטירט — אין רוסיש — אָבער דער טיטל איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן ייִדישן שאַפן: דאָס ליד אין רוסיש האָט געהייסן שטיל, שטיל, האַרץ.

יולי 1904 דעבוטירט ס. אין ייִדיש, אין פּעטערבורגער פרײַנד, און פון דעמאָלט געוואָרן אַ שרײַבער דורכויס אין ייִדיש. אַ סך פון זײַנע שאַפונגען זײַנען איבערגעזעצטע דערשינען, אויך אין בוכפאָרעם, אויף פּויליש, רוסיש, פראַנצייזיש, רומעניש, דײַטש און, אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן, זייער אַ סך אויף העברעיִש. ער איז געווען פון די געלייענטסטע ייִדישע שרײַבערס.

*

נאָכן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם (1—3 יוני 1906) איז ז. ס. אַריבער מיט די עלטערן וווינען אין לאָדזש, וואָס איז פּונקט ווי ביאַליסטאָק געווען דער גרויסער צענטער פון ייִדישע וועבערס. די דאָזיקע סביבה און אירע מענטשן ווערט געשילדערט אין פאַרשיידענע שאַפונגען זײַנע, בעיקר אין פּראָזע. די שילדערונגען פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן קומען־אַרויס בײַ ס. בלאָס. דאָס שטאַרקסטע בײַ אים איז דאָס לירישע ליד.

אין 1909 דערשײַנט אין וואַרשע זײַן ערשטע לידער־זאַמלונג, שטילע טרוימען, און אין 1912 — אין קאַזמערזש, וואָס ווערט זײַן דערפאָלגרײַכסטע פּאָעמע. זי ווערט אַ סך מאָל איבערגעדרוקט, פּונקט ווי זײַן באַלאַדע רייזעלע דעם שוחטס (דערשינען אין 1921 אין דער 5טער אויפלאַגע).

אין דער 1טער וועלט־מלחמה וווינט ס. אין פאַרשיידענע שטעט פון רוסלאַנד, אין באָברויסק, אָדעס, קרים, קאַווקאַז, און די דאָזיקע מקומות ווערן אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע לידער און דערציילונגען, שפּעטער אין זכרונות און עפּיזאָדן פון זײַן לעבן, געדרוקטע אין אַ סך צײַטונגען און זשורנאַלן, אַ סך פון זיי צונויפגעזאַמלטע אין בוכפאָרעם, פּונקט ווי זײַנע אי־

בערלעבונגען אין רוסישן מיליטער, ווו ער איז געוואָרן מאָביליזירט אין 1916 און באַפרײַט ערשט נאָך דער מאַרץ־רעוואָלוציע פון 1917. נאָך אַ קורצער צײַט זײַן אין קיִעוו און מאָסקווע, ווו ער פֿאַרבינדט זיך גאַנץ באַזונדער מיט משה בראָדערזאָנען — מיט וועמען ער זעצט שפּעטער פֿאָר זײַן פֿרײַנדשאַפֿט אין לאָדזש און אין וואַרשע — קומט ער אין 1919 אין ווילנע. און דאָ באַשליסט ער זיך צו באַזעצן אין וואַרשע, וואָס איז אויף אַ סך יאָרן געוואָרן זײַן היים, ווו ער האָט געשאַפֿן מער ווי ערגעץ אַנדערש ווו און געוואָרן באַליבט בײַם ברייטן לייענער־עולם. דאָ דערשײַנען די מערסטע ביכער זײַנע. דרוקט אין צײַטונגען ראָמאַנען, וועלכע גייען באַלד אַרויס אין בוכפֿאָרעם און ווערן איבערגעדרוקט, טייל אין עטלעכע אויפֿלאַגעס, ספּעציעל די ראָמאַנען: ראָמאַנטישע יאָרן (פֿון 1905), די טרילאָגיע „זעליקס יאָרן", אייביק איינזאַם, דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל, אונדזער פֿרוי. זייער פּאָפּולער ווערט ער דורך זײַן ראָמאַן די ווילדע צילקע. די קריטיק, וועלכע גיט זיך מיט אים אָפּ גאַנץ ווייניק, שענקט אים אָבער אויפֿמערקזאַמקייט איבער הויפּט פֿאַר זײַנע לידער.

*

ז. סעגאַלאָוויטש ווערט אין וואַרשע אַקטיוו געזעלשאַפֿטלעך, דער עיקר אין דעם ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין, וואָס ווערט באַרימט אונטערן אַדרעס טלאָמאַצקע 13. ער איז אַ סך יאָרן זײַן פֿאָרזיצער, דער איניציאַטאָר פֿון אַ סך פּראָיעקטן אינעם ייִדישן קולטור־לעבן, צווישן אַנדערע, פֿון שולקולט, אַן אָרגאַניזאַציע פֿאַר ייִדיש־העברעיִשע שולן פֿון שטאַרק נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אויף וועלכע די פֿירערס פֿון די וועלטלעכע ציש״אָ־שולן האָבן געקוקט ווי אויף קאָנקורענטן... דאָס האָט פֿאַרמערט די צאָל קעגנערס, וואָס ס. האָט געהאַט באַזונדער צווישן שרײַבערס, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז ער גייט אויפֿן לײַכטסטן וועג. דאָס פֿאַרמערט אָבער, פֿון דער אַנדערער זײַט, די צאָל פֿון זײַנע חסידים. ער ווערט אויך פּאָפּולער ווי אַ ליטעראַרישער לעקטאָר. ער פֿאָרט־אַרויס איבער גאַנץ פּוילן און ווערט אויך אַרויסגערופֿן אויף ליטעראַרישע פֿאָרלעזונגען פֿון אַנדערע ייִדישע צענטערס אין אייראָפּע, ספּעציעל פֿון פּאַריז. פּוילן איז אָבער זײַן היים.

*

דער אויסבראָך פֿון 2טן וועלטקריג און חורבן פּוילן מאַכט אין דעם דיכטער פֿון אייביק איינזאַם אַ גוואַלדיקע איבערקערעניש. ווי גאָר די נאַציִשע וואַקכאַנאַליע פֿאַרפּלייצט פּוילן, דערשפּירט ס. אין זיך די שליחות פֿון אַ פֿאָלקס־מקונן. ער הערט־אויף צו זינגען און דערציילן וועגן די יחידישע עקבערנישן — עס רעדט פֿון אים אַרויס, עס וויינט פֿון אים אַרויס דאָס געפּײַניקטע און פֿאַרפּײַניקטע פֿאָלק.

ער ראַטעוועט זיך פֿון ברענענדיקן וואַרשע און, נאָך אַ לאַנגער וואַנדע־

רונג דורך ווילנע, קאָוונע, רוסלאַנד, בולגאַריע, טערקײַ, סיריע, דערשלאָגט ער זיך אין 1941 קיין ארץ־ישראל. באַזעצט זיך אין תל־אָביב און דאָ ווערט ער אומגעהייער שעפעריש. דאָ שרײַבט ער אָן אַ ריי פּאָעמעס, וועלכע געהערן צו די קרעפטיקסטע שאַפונגען וועגן חורבן פּוילן: דאָרטן, נישטאָ, די מעמואַרן געברענטע טריט. זײַנע שאַפונגען, סײַ לידער, סײַ פּראָזע, ווערן אין איבערזעצונגען געדרוקט אין העברעיִשע צײַטונגען און זשורנאַלן אין ישראל, ווי אין נ״י און ב״א אויף ייִדיש. ס., צעבראָכן פון די געשעענישן אין פּוילן, האָט 7 יאָר געוווינט אין ישראל און אין די אַלע 7 יאָר אויסגעמיטן צו קומען אויף שמחות, אין טעאַטער אָדער קינאָ, דינענדיק פאַר אַלעמען ווי דער רירנדיקסטער בײַשפּיל פון אַן אָבל. בעת אין פּוילן איז די פאָלקסמאַסע געווען זײַן פאַרערער, האָט ס. אין ישראל געהאַט צווישן זײַנע צוהערערס דער עיקר די הויכע אינטעליגענץ, אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, געלערנטע, דאָקטוירים, סטודענטן. לסוף האָט ס. באַשלאָסן „אַריבערצופאָרן” קיין ניו־יאָרק און דאָס האָט ער דורכגעפירט סוף 1947 נאָכן באַזוכן פּאַריז, בריסל און אַמסטערדאַם. זײַנע זכרונות מײַנע זיבן יאָר אין תל־אָביב גיבן צו פאַרשטיין, פאַר וואָס ער האָט אויסגעקליבן ניו־יאָרק פאַר זײַן לעצט וווינאָרט. דאָ, אויפגענומען לכתחילה מיט באַגײַסטערונג, איז ער גאָר גיך געוואָרן אַן עלנטער און איינזאַמער, און געמאַכט פּלענער צוריקצופאָרן קיין ישראל... ער האָט נאָך באַוויזן זיך צו באַטייליקן אין דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס (1948).

זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, זינט סעפּטעמבער 1939 כסדר אַ פאַרזונקענער אין טיפן טרויער און צערודערט נאָך אַנאַנד פון באַנײַטע דערשיטערונגען, וואָס מען פילט אין זײַנע פּאָעטישע שאַפונגען פון די לעצטע יאָרן, איז אומגעריכט געשטאָרבן (אין זײַן ניו־יאָרקער האָטעל־צימער) דעם 19טן פעברואַר 1949.

## ז. סעגאַלאָוויטשעס שאַפונגען אין בוכפאָרעם

שטילע טרוימען, לידער, וואַרשע 1909, פאַרלאַג השחר, 48 זײַטן.
אין קאַזמערזש, פּאָעמע, וואַרשע 1912, פ׳ א. גיטלין, 48 זז׳.
ווען די זון פאַרגייט, וואַרשע 1914, פ׳ א. גיטלין, 48 זז׳.
גאָלדענע פּאַוועס, פּאָעמע אין פּראָזע, מאָסקווע 1917, אַר׳ חבר, 32 זז׳.
אַ לעגענדע וועבט זיך, דערציילונגען, מאָסקווע 1918, פ׳ לעבן, 246 זז׳. —

2טע אויפלאַגע, וואַרשע 1923, זז׳ 23. — 3טע אויפ׳ פ׳ ח. בזשאַזאַ, וואַרשע 1928.

מיניאַטורן, פ׳ יידיש, כאַרקאָוו 1918, זז׳ 64.

די וואַנט, דראַמאַטישער עטיוד, אין „די יודישע וועלט״, ווילנע 1915 (איז גע־קירצט מחמת צענזור). — מאָסקווע 1918, זז׳ 32. — וואַרשע 1920, פון א. גיטלין, ז׳ 32. — 2טע אויפלאַגע פון „נײַע יידישע פאָלקשול״, ווילנע 1929, זז׳ 16.

לירישע לידער, פ׳ מאיר גאָלדפּײַן, קיִעוו 1919, זז׳ 64.

בלויקייט, לידער, ייד׳ פאָלקספאַרלאַג, קיִעוו 1919, זז׳ 160.

סטרונעס, פ׳ יידיש, כאַרקאָוו 1919, זז׳ 234. — וואַרשע 1921, זז׳ 238.

פון רוסלאַנד, פון דער רעוואָלוציע, פ׳ א. גיטלין, וואַרשע 1920, זז׳ 169.

גאָלדענע פּאַוועס, דערציילונגען, פ׳ ש. שרעבערק, ווילנע 1920, זז׳ 237.

רעגינע, פּאָעמע, וואַרשע 1920, זז׳ 64.

רייזעלע דעם שוחטס, פ׳ א. גיטלין, וואַרשע 1921, זז׳ 16.

קאַפּריזן, לידער, אַר׳ ליטעראַטור־פאָנד בײַם פאַראיין פון ייד׳ ליטעראַטן־און־זשורנאַליסטן אין וואַרשע 1921, זז׳ 235. — 2טע אויפלאַגע, פ׳ ח. בזשאַזאַ, וואַרשע 1928.

שטענגן־וועגן, נאָוועלעס, פ׳ א. גיטלין, וואַרשע 1921, זז׳ 231.

גאָגאָלס דער רעוויזאָר, איבערגעזעצט פון רוסיש, פ׳ די צײַט, וואַרשע 1921, זז׳ 112.

אסנת, דערציילונג, פ׳ יידיש, קאָוונע־בערלין 1921, זז׳ 56.

די ווילדע צילקע, ראָמאַן, פ׳ א. גיטלין, וואַרשע 1922, זז׳ 235.

קרימער נעכט, פ׳ א. גיטלין, וואַרשע 1922, זז׳ 311. — 2טע אויפלאַגע, פ׳ ח. בזשאַזאַ, וואַרשע 1928.

פּאַן, מיניאַטורן, פ׳ אַ. גיטלין, וואַרשע 1922, זז׳ 154.

אַ פרוי אין קאַזאַרמע און איוואַן גומנאָוו, פ׳ יאַטשקאָווסקי, וואַרשע 1923, זז׳ 81.

ראָמאַנטישע יאָרן, פ׳ וואַנדערער, וואַרשע 1923, זז׳ 214. — 2טע אויפלאַגע, פ׳ יאַטשקאָווסקי, וואַרשע 1924, זז׳ 213. — 3טע אויפ׳ פ׳ יאַטשקאָוו־סקי, וואַרשע 1928, זז׳ 213.

אייביק איינזאַם, 1טער באַנד פון דער טרילאָגיע זעליקס יאָרן, פ׳ יאַטשקאָוו־סקי, וואַרשע 1924, זז׳ 320. — 2טע אויפל׳ פ׳ ח. בזשאַזאַ, וואַרשע 1926. — 3טע אויפל׳ וואַרשע 1929.

דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל, 2טער באַנד פון דער טרילאָגיע זעליקס יאָרן, פ׳ ח. בזשאַזאַ, וואַרשע 1925, זז׳ 348.

אַלע ווערק, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1925־1926, 14 בענד.
פּאָעמען, וואַרשע 1926, זז׳ 219.
מעשׂיות פון דער רוסישער קאַזאַרמע, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926, זז׳ 169.
איך, זי און ער, נאָוועלעס, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926, זז׳ 254.
אונדזער פרוי, 3טער טייל פון דער טרילאָגיע „זעליקס יאָרן״, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926, זז׳ 390. — 2טע אויפל׳, וואַרשע 1928. — 3טע אויפל׳, וואַרשע 1930.
מאָמענטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926, זז׳ 156.
רויך פון אַ ליולקע, נאָוועלעס, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1928, זז׳ 263.
לידער פון נעכטן, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1928, זז׳ 233.
סענטימענטן, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1929, זז׳ 236.
די ברידער פּעמזאַר, ראָמאַן, פ׳ ה׳ בזשאָזאַ, וואַרשע 1929, זז׳ 306.
אַ מענטש מיט אַ גיטאַרע, נאָוועלעס, פ׳ בזשאָזאַ, וואַרשע 1930, זז׳ 294.
שמענדריקעס, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1930, זז׳ 159.
פרידע איז נישט מײַנע, דערציילונגען, וואַרשע 1934, זז׳ 158.
חנם וועבערס טאָכטער, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1936, זז׳ 219.
אַנטאָשאַ און אַנדערע, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1937, זז׳ 269.
פראַגמענטן, פ׳ ה. בזשאָזאַ, וואַרשע 1939, זז׳ 223.
שורות אַכט, לידער, פ׳ ה. בזשאָזאַ, צייכענונגען פון מענדל רייף, וואַרשע 1939, זז׳ 60. — 2טע אויפל׳ א. ב. צעראַטאַ, פּאַריז 1945, זז׳ 62.
אַ בוים פון פוילן, ב״א 1945, זז׳ 181.
טלאָמאַצקע 13, פ׳ דאָס פוילישע ייִדנטום, ב״א 1946, זז׳ 255.
דאָרטן, פּאָעמעס „אַ בוים אין פוילן״, „נישטאָ״, „טרעבלינקע״, „פליטים־לי־דער״ און „מײַן יזכור״, פ׳ צוקונפט און ציקאָ, נ״י 1946, זז׳ 155.
געברענטע טריט, אײַנדרוקן און איבערלעבונגען פון אַ פליטים־וואַנדערונג, ב״א 1947, זז׳ 255.
איצטער, פּאָעמעס, פאָרוואָרט פון י. גלאַטשטיין, פ׳ ציקאָ, נ״י 1948, זז׳ 230.
געקליבענע לידער, פ׳ איקוף, נ״י 1948, זז׳ 260.
בנתיב להבות, אור לעם, ירושלים תש״ז, זז׳ 255.
מײַנע זיבן יאָר אין תל־אביב, מיט אַ פאָרוואָרט פון ב. שעפנער, פ׳ דאָס פוי־לישע ייִדנטום, ב״א 1949, זז׳ 237.
דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן, ד״ז פ׳, ב״א 1951, זז׳ 398.

# ז. סעגאַלאָוויטש, דער איינזאַמער דיכטער, אונדזער פאָלקס-מקונן

## דער לײַכטסטער שרײַבער אין דער שווערסטער צײַט

דער יחוס פֿון דער יידישער ליטעראַטור באַשטייט אין דעם, וואָס „דורך דער ליטעראַטור דריקט זיך אויס די בענקשאַפֿט פֿונעם מאָדערנעם מענטש צו נצחיות"[1]. דורך גרויסע אידייען. דורך געראַנגל. פֿאַר סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און גײַסטיקער דער־הייבונג.

אין אָט אָ דער וועלט פֿון גרויסע אַמביציעס איז אַרײַנגעקו־מען ז. סעגאַלאָוויטש ווי אַ... פֿלאַטערל.

ווען ער באַווײַזט זיך אין ליד און דערציילונג, איז ער פֿאַר־נומען מיט זיך אַלײַן, בלויז מיט זײַנע סענטימענטן, מיט קליינע דאגהלעך, ווי אַן איינזאַמער דיכטער. לייענענדיק זײַנע שאַפֿונגען פֿון ערבֿ און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שווער צו גלייבן, אַז ער איז ווען עס איז געווען אַ סאָציאַליסט, האָט אָנגע־פֿירט מיט שטרײַקן און „געזעסן אין פֿאַרשיידענע טורמעס". הגם ער ברענגט אין זיי אַרײַן אויטאָביאָגראַפֿישע מאָמענטן, „פֿילט מען בכלל נישט אין זיי דעם דופֿק פֿון דער ברויזנדיקער תּקופֿה"[2]. ער פֿאַרמאָגט „אַ זייער פֿליסיקע לײַכטקייט", און „דאָס איז זײַן מעלה — און זײַן חסרון... ער שטעלט זיך אָפּט, אפֿשר צו אָפֿט, לײַכטע

---

[1] יחיאל האָפער — „האָט די יידישע ליטעראַטור איר אייגענעם יועג?", מיט יענעם און מיט זיך, תל־אָביב 1964, ז' 22.

[2] שלמה שווייצער — „דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פוילן צווישן ביי־דע וועלט־מלחמות", ספר השנה, רעד' אַריה טאַרטאַקאָווער, ב' 2, ת"אָ 1967, ז' 130.

פּאָעטישע אויפגאָבן"[3]. דערפאַר האָבן טייל פיינשמעקערס גע־האַלטן, אַז „סעגאַלאָוויטש איז אַ דיכטער וואָס שוואַנגערט נישט"[4]...

זוסמאַן סעגאַלאָוויטש איז טאַקע „אין גאַנצן געווען אַ פּראָ־דוקט פון דעם יידישן לעבן אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט", אָבער ער האָט „אין לויף פון די שפּעטערדיקע יאָרן זיך באַמיט אַרויס־צודרייען פונעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן" און „געהאַלטן אין איין באַטאָנען, אַז אים גייט נישט אָן די שרייענדיקע, טומל־דיקע גאַס", און פון דעסט וועגן איז ער „קעגן זיין ווילן שטענדיק געווען אין געווירבל, אינעם געדריי פון די פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכע געשעענישן, און זיינע לידער און זיינע קלענערע און גרע־סערע דערציילונגען זיינען געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם רעאַלן לעבן, פון די אַרומיקע קאַמפן און געראַנגלענישן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין אים, אין סעגאַלאָוויטשעס סוביעקטיוון שאַפן"[5]. און אָפּגעשפּיגלט האָבן זיי זיך אין אים אַזוי פאַרביילויפנ־דיק, אַזוי אויבנאויפיק, אַז זיי האָבן נישט צערודערט און אַוודאי נישט איבערגעלאָזט קיין ווונד... וואָרן אַפילו ווען ער באַשרייבט אייגענע דורכפאַלן, און דאָס „איז געשריבן מיט אַן אָפנקייט, אויפ־ריכטיקייט און ערלעכקייט, וואָס איז זעלטן צו טרעפן אין ענלעכע ווערק", דערדריקט ער נישט, נאָר פאַרקערט, „ס'רוט זיך אָפּ דאָס געמיט" און „ס'באַווייזט זיך אַ שמייכל"[6] גאָר....

אָט אָ דאָס פאַרנעמ'ען זיך דער עיקר מיט זיך אַליין, ווי מיט פלירטן, וואָס איז גאָר נישט געפעלן געוואָרן די פאַרמוחטע ליטע־

[3] ש. ניגער — „לירישע סילועטן", די צוקונפט, ניו־יאָרק, יוני 1921, ז' 369.

[4] א. ל. יאַקובאָוויטש — „ליטעראַרישע געשטאַלטן", דער חודש, וואַר־שע, מאַרץ 1921, ז' 136.

[5] נחמן מייזיל — „איינער פון אַ דור", יידישע קולטור, ניו־יאָרק, אַפּ־ריל 1949, ז' 23.

[6] מ.שאַליט — „עטלעכע ווערטער", צו זיין 35יעריקן יובילייִ, וואַרשע 1938, זאַמלבוך, ז' 56.

ראַטור־קריטיקערס, וועלכע האָבן געזען און געזוכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שליחות, מיסיע, גאָרלה־אידייען, איז נאַטירלעך יאָ געפֿעלן געוואָרן אַ מאַסע ייִדישע לייענערס, און גאַנץ באַזונדער אַ מאַסע יונגע ייִדישע פֿרויען אין פּוילן. „אין דער צײַט, ווען סעגאַלאָוויטש האָט אָנגעהויבן שרײַבן, איז די ייִדישע ליטעראַטור געפֿאָרן אין אַן אַלטמאָדישן דיליזשאַנס; אָבער סעגאַלאָוויטש האָט זיך דעמאָלט דווקא באַנוצט מיט דער מאָדערנער אייראָפּעיִשער לאָקאָמאָציע — מיט דער באַן; ער איז נישט געווען באַלאָדן מיט וואַליזעס און פּעק, וואָס שרײַען מיט חתימות וועלטשמערץ״ [7]...

ז. סעגאַלאָוויטש גייט, אייגנטלעך, קעגן די אײַנגעשטעלטע טראַדיציעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין וועלכער ס׳איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ חטא צו זוכן געפֿעלן צו ווערן דעם לייענער. בפֿרט נאָך אין די יאָרן פֿון שטורעם און דראַנג, נאָך די אוקראַיִנער פּאָגראָמען, נאָכן וועלטקריג, נאָכן אויפֿבליץ פֿון דער רעוואָלוציע און נאַציאָנאַלן רענעסאַנס.

סעגאַלאָוויטש האָט זיך נישט געיאָגט נאָכן לייענער — דער לייענער האָט זיך געיאָגט נאָך אים. „איך בין גאָר נישט שולדיק אין דעם — האָט ער געענטפֿערט זײַנע שטרענגע קריטיקערס — וואָס די ביכער מײַנע געפֿעלן דעם לעזער מער ווי די קריטישע אַרטיקלען איבער מיר... איך האָב דעם לעזער נישט גענומען מיט קיין אויסטערלישע שרײַיִקייטן, נישט מיט קיין פּאָרנאָגראַפֿיעס, נישט מיט נאַטפֿינקערטאָניזם, נישט מיט צופּאַסן זיך צו אַלע „איזמען״, נישט נאָכגעטאַנצט קיין רעוואָלוציעס... אַלץ, וואָס איך האָב צוגעטראָגן, האָב איך אָפּגעגנבֿעט בײַ זיך, פֿון זיך... דער לעזער זוכט נישט נאָר זיך אַליין אין בוך... די ווילדע ציִלקע האָט געמאַכט אַ שריט, וואָס הונדערט טויזנט אַנדערע מיידלעך מאַכן נישט.

---

[7] א. ל. טאַף — „די אַפּאָלאָגיע פֿון מענטשן־ליבע און גוטסקייט״, ד״ז, ז׳ 19.

דערפֿאַר האָט עס פֿאַראינטערעסירט. און נישט דערפֿאַר, וואָס איך האָב זיך צוגעפּאַסט״. און ער האָט צוגעגעבן פֿאַר זײַן אייגענער כאַראַקטעריסטיק: „איך וויל זיך נישט פֿאַרגלײַכן צו אַשן און צו שלום עליכמען. איך וויל זײַן סעגאַלאָוויטש... אין דער קריטיק איז אויך פֿאַראַן דאָס בן־יקירל און דאָס שטיפֿקינד... אַ זעלנער וויל איך זײַן אויפֿן שלאַכטפֿעלד״ [8]...

דעם ראַנג, וואָס סעגאַלאָוויטש האָט זיך אַליין געגעבן, איז גאָר נישט דער, וואָס ער האָט זיך פֿאַרגענומען. אַ סאָלדאַט דאַרף דאָך פֿאָלגן. און סעגאַלאָוויטש איז גאָר נישט קיין פֿאָלגנדיקער... ער האָלט נישט פֿון קיין ריי. די דיסציפּלין פֿון „אַ זעלנער״ האָט ער אין דער ליטעראַטור פֿײַנט. „קונסט האָט פֿײַנט די פּויק״ [9]. ער האָלט נישט פֿון גרופּעס. „פּרץ האָט פֿון קרײַזלעך נישט געוווּסט. ווער האָט שלום עליכמען געלערנט אַזוי געניאַל צו לאַכן? אפֿשר האָט ביאַליק געוווּסט פֿון קרײַזלעך?״ [10]...

אין דער צײַט, ווען יידישע שרײַבערס אין רוסלאַנד, פּוילן און אַמעריקע, האָבן געשאַפֿן גרופּעס, די יונגע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען לייוויק און מאַרקיש, אָפּאַטאָשו און האַפּשטיין, מאַני לייב און מלך ראַוויטש, כאַריק און אורי־צבֿי גרינבערג, בראָדערזאָן און משה־לייב האַלפּערן, איז סעגאַלאָוויטש פֿאַרבליבן — אייביק איינזאַם. אַפֿילו אין אַ זשורנאַל פֿון די יונגע האָט ער אָפּגעחוזקט פֿון ליטעראַרישע קרײַזלעך...

ז. סעגאַלאָוויטש, וועלכער איז עטלעכע מאָל געווען אין מיליטער אַ סאָלדאַט, האָט אין דער ליטעראַטור בשום אופֿן קיין זעלנער נישט געוואָלט זײַן. ער איז שטענדיק געגאַנגען מיט זײַן אייגענעם וועג: ווי דער לײַכטסטער שרײַבער אין דער שווערסטער

---

[8] ז. סעגאַלאָוויטש — „וועגן זיך אַליין״, אַ ביסל נישט באַשיידנקייט, ליטעראַרישע בלעטער נ׳ 20, וואַרשע 1924.

[9] ז. סעגאַלאָוויטש — „קרײַזלעך״, רינגען נ׳ 8, וואַרשע 1921, ז׳ 86.

[10] ד״ז.

צײַט — ביז די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אים אַוועקגעשטעלט פֿאַרן גרעסטן נסיון. און דעמאָלט האָט זיך באַוויזן אַ צווייטער ז. סעגאַלאָוויטש.

## פֿון אָפּרו־ליטעראַטור צו אומרו־ליטעראַטור

ז. סעגאַלאָוויטש, וועלכער „איז געווען פֿון די אַממערסטן געלייענטע שרײַבערס אין פּוילן", וואָס „אַ געוויסע השפּעה האָבן אָן ספֿק געהאַט אויף אים די רוסישע און פֿראַנצייזישע ראָמאַנען", און מ'פֿילט, ווי „זײַנע דערציילונגען און אַפֿילו זײַן גרויסער אַרומנעמענדיקער ראָמאַן פֿון דער מאָדערנער ייִדישער משפּחה, די ברידער נעמזאָר, זײַנען באַהויכט מיט די טענער און פֿאַרבן פֿון דער אייראָפּעיִשער ראָמאַנען־ליטעראַטור"[11], איז אַ סך אויסגעשטאַנען ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אָרט בײַ דער מזרח־וואַנט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. און גענומען האָט זיך עס דערפֿון, וואָס ער האָט געשאַפֿן אָפּרו־ליטעראַטור, בעת דעם שם פֿון וואָרטקינסטלערס האָבן בײַ אונדז באַקומען נאָר די, וועלכע האָבן געשאַפֿן אומרו־ליטעראַטור. אַפֿילו שלום עליכם האָט איבער דעם געהאַט אַ סך אויסצושטיין. פֿון בעל־מחשבֿות ביז יעקבֿ דינעזאָן האָט אונדזער גרויסמײַסטער פֿון געלעכטער געהאַט (בעת זײַן דערפֿאָלג פֿון מנחם־מענדל) אויסצושטיין ביטערע פֿאָרוורפֿן: אַז ער שרײַבט אַזוי, ווײַל ער יאָגט זיך נאָכן „ברייטן לייענער־עולם"... אויף איינעם פֿון אַזעלכע זאָגעכצן, אַז „עמך ישׂראל צריכים פּרנסה" און דערפֿאַר שרײַבט מען לײַכט טשאַקעדיק, ווײַל מ'וויל געפֿעלן ווערן דעם עולם, האָט שלום עליכם אָפּגעענטפֿערט, אַז עס האָט אים „געגעבן אַ ברען אויף צו לאַכן, נאָר אַזוי הויך און אַזוי הילכיק, אַז איר זאָלט דאָרט אין הײַדעלבערג דערהערן

---

[11] אַברהם ליס — היים און דויער, ת״אָ 1960, ז' 224 און 225.

מיַין געלעכטער״ [12]... אונדזערע קונסטמאַנערס האָבן נישט פֿאַרנור־
מען קיין לײַכטע ליטעראַטור און זײַנען גרייט געווען זי צו פֿאַר־
רעכענען צו... שונד. און אָט אַ דעם ביז גאָר שטרענגן צוגאַנג צו
ייִדישער ליטעראַטור האָט געהאָלפֿן שאַפֿן נישט קיין אַנדערער ווי
שלום עליכם, טאַקע ער אַליין, וועלכער האָט שפּעטער פֿון אָט דעם
צוגאַנג אַליין שטאַרק געליטן... „אין יאָר 1888, אין סאַמע ברען
פֿון שמרס אומגעווייִנטלעכער פּאָפּולאַריטעט, ווען צענדליגער טוי־
זנטער פּשוטע ייִדישע לייענערס האָבן זשעדנע געשלונגען שמרס
ראָמאַנען, איז שלום עליכם אַרויסגעטראָטן קעגן אים מיט זײַן פּאָ־
לעמישן פּאַמפֿלעט שמרס משפּט, ווו ער האָט „נישט גענומען אין
באַטראַכט דעם גרונט־אונטערשייד צווישן שונדשטאָף און פֿאַר־
ווײַלונג־שטאָף, און אין גאַנצן נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז
„אַזעלכע הויך אַנטוויקלטע ליטעראַטורן ווי, למשל, די פֿראַנציי־
זישע און דײַטשישע האָבן שטענדיק פֿאַרמאָגט אין זיך אַ רײַכן
פֿאַרווײַלונג־שטאָף״ [13]. דאָס האָט באַגריפֿן דווקא דער מאָדערנער
ראַפֿינירטער ייִדישער פּראָזע־קינסטלער. ריידנדיק וועגן סעגאַלאָ־
וויטשעס פּאָפּולאַריטעט, פֿאַר וואָס „דער דאָזיקער שריפֿטשטעלער
איז דער באַליבטסטער״, האָט ער אויפֿגעוויזן, אַז „אין אַלע ליטע־
ראַטורן פֿאַרנעמט ער פֿאַקטיש (נישט אין דער קריטיק) דעם
אויבנאָן. מער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער קען מען אָנזען אין
אַמעריקע, ענגלאַנד און טיילווײַז אויך אין פֿראַנקרײַך און דײַטש־
לאַנד, ווו דער שרײַבער פֿון שטייגער־ראָמאַן פֿאַרנעמט דאָס גרעס־
טע פּלאַץ. און אַפֿילו אין רוסלאַנד, ווו די שטודירנדיקע יוגנט און
די אינטעליגענץ איז אַלע מאָל געשטאַנען העכער ווי אין אַנדערע
לענדער, זײַנען פֿאַקטיש ווערביצקאַיאַ, שעלער־מיכײַלאָוו און אַנ־
דערע געלייענט געוואָרן אָן אַ שיעור מער ווי דאָסטאָיעווסקי און

---

[12] דאָס שלום עליכם־בוך — צו בעל־מחשבות (בריוו) פֿון קלאַראַן 1912, נ״י 1926, ז׳ 242.

[13] שאול גינזבורג — „שמר און זײַנע קריטיקער״, די צוקונפֿט ב׳ 45, נ״י, אָקטאָבער 1940, ז׳ 601.

טאָלסטאָי" [14]. נאָך מער: ער געפֿינט צו מאָל אַ פֿאַרענטפֿערונג, הלמאי סעגאַלאָוויטש שילדערט „דאָס יונגע זעליגל גוט ווי אַ מלאך, דערפֿאַר איז זײַן ברודערל קובאַ שלעכט ווי אַ טײַוול. דאָס איז שוין ריין שמריסטיש, פֿון וואָס סעגאַלאָוויטש איז אין פֿלוג סײַ אין זײַן פֿאָרעם, סײַ אין ראָמאַנטישן רעאַליזם — זייער ווײַט, נאָר דאָך איז ער אַרונטערגעפֿאַלן. דערצו האָט אים געבראַכט זײַן גאַנצ־קייט פֿון פֿאָלקסמענטש, די לעזער־פּסיכאָלאָגיע" [15]. אָבער נישט געקוקט אויף דער אויסטײַטשונג און פֿאַרענטפֿערונג האָט „די באַ־ציִונג צו ז. סעגאַלאָוויטש ווי צו אַ האַלב־שונדאָווניק קיין מאָל נישט אויפֿגעהערט" [16] — פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ז. סעגאַלאָוויטש, שטאָלץ, זיכער אין זײַן גאַנג, האָט געזונגען:

רויכער, ליולקע, רויך געדיכט
און פֿאַרשלייער מײַן געזיכט...
עס זאָל קיינער נישט פֿאַרשטיין,
צי איך לאַך היינט, צי איך וויין.

## איז דער צווייטער סעגאַלאָוויטש אַן אַנטפּלעקונג?

אין אמתן איז ז. סעגאַלאָוויטש, אַזוי ווי ער האָט זיך באַוויזן נאָכן חורבן, דער איינזאַמער דיכטער וואָס איז געוואָרן אונדזער פֿאָלקס־מקונן, נישט קיין נײַע פֿאַרוואַנדלונג, נײַערט אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג. אויך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער סיג־נאַליזירט פֿאַרשיידענע טרויעריקע דערשײַנונגען פֿון אונדזער פֿאָלקסלעבן. „ער איז טאַקע געווען אַן איינזאַמער מענטש, סעגאַ־לאָוויטש, אָבער ער איז אַ ביסל צו עפֿנטלעך איינזאַם" [17]...

---

[14] י. י. זינגער — „אייביק איינזאַם", ליטעראַרישע בלעטער נ' 18, וואַר־שע, 5טער סעפּטעמבער 1924.

[15] ד"ז.

[16] יעקב באָטאָשאַנסקי — פּאָרטרעטן פון יידישע שרײַבער, וואַרשע 1933, ז' 86.

[17] מלך ראַוויטש — מײַן לעקסיקאָן, ב' 1, מאָנטרעאָל 1945, ז' 151.

כאָטש ער איז „דער פּאָפּולערסטער ייִדישער שרײַבער אין פּוילן געווען אין די יאָרן פֿון 1920 ביז 1939" און די פּאָפּולאַריטעט פֿון זײַנע ראָמאַנען „האָט אַפֿילו נאָכגעצויגן נאָך זיך אַ דערפֿאָלג פֿון זײַנע לידער", און געהאַט גרויס דערפֿאָלג ווי אַ קאַוואַליר, און געווען „נישט נאָר שיין אָנגעטאָן, נאָר בפֿירוש צום שענסטן פֿון אַלע ייִדישע שרײַבערס פֿון אַלע צײַטן און אַלע לענדער"[18], דאָך האָט ער זיך געפֿילט אַליין, צו מאָל עלנט, אָנגעוויזן אויף זיך בלויז... אין דעם איז באַשטימט געווען נישט ווייניק קאַטעגאָריע. סעגאַלאָוויטשעס מענער — ס'רובֿ זײַנע פּסעוודאָנימען — בראַווירן שטילערהייט, בײַ זייער גאַנצער ספּאָנטאַנקייט און באַשיידנקייט. דער מאַן אין סעגאַלאָוויטשעס דערציילונגען און ראָמאַנען איז שטאַרקער ווי די פֿרוי, כאָטש ער וויל זיך נישט אַנטקעגן איר אויסבאַרימען. ס'רובֿ איז בײַ אים די פֿרוי ווייניקער ערלעך ווי דער מאַן. די פֿרוי איז מער לײַכטזיניק ווי דער מאַן. אַפֿילו ווען זי איז דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל, וואָס וויל אים, זעליגן, געווינען פֿאַר דער רעוואָלוציע, האָט זי „מיט פֿאַלשע פֿעדעם זיך צונויפֿגעבונדן מיט חבֿרים"...

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אויסגעדריקט די שטימונגען פֿון קליינבירגער, פֿון באַלעבעסלדיקן קאַוואַליר, וואָס איז אַ ביסל באָהעם. דערפֿאַר האָט אים נישט געקענט פֿאַרטראָגן דער אמתער באָהעם, דער באָסיאַק, וועלכער האָט אָפּגעחוזקט פֿון „די ספּעציפֿישע ליידן פֿון דעם שרײַבער סעגאַלאָוויטש"[19]... די באַלעבאַטישע פֿלירטן, וועלכע האָבן פֿאַרכאַפּט די היימישע ייִדישע מיידלעך און פֿרויען פֿון די פּוילישע שטעטלעך, נאַיִווע, אויסגעהונגערטע נאָך אַן אַוואַנטורעלע אין לעבן, אַ ראָמאַנדל, וואָס איז דער בונטאַרישער נאַטור געווען דערווידער אָדער חוזקדיק, אַ קינדערשפּיל, אַ פּאַראָדיע.

[18] ד"ז, זז' 150—151.

[19] אפרים קאַגאַנאָווסקי — ייִדישע שרײַבער אין דער היים, פּאַריז 1956, ז' 506.

וואָרן אַפּילו אין הינטערגרונט פֿון די פֿלירטן „איז סעגאַלאָוויטש אַ מאָראַליסט" און „אין זײַנע ראָמאַנען פּריידיקט ער אָנשטענדי־קייט און גערעכטיקייט", אָבער אײַנגעשלאָסן, אין זיך אַרײַנגעטאָן — „סעגאַלאָוויטש פֿאַרבלײַבט אויך אין זײַנע מאָראַליזירנדיקע טענדענצן דער עגאָצענטרישער פּריידיקער, וואָס וויל קיין מאָל נישט אַרויסקוקן דורכן פֿענצטער און קיין מאָל ניט זען דעם דרויסן"[20]. אין סעגאַלאָוויטשן איז „עפּעס פֿאַראַן אַ געמיש פֿון ייִד און סלאַוו. נעבן דער טרוימערישער, שטימונגפֿולער אימפּולסיווקייט פֿליסט דאָס געפֿיל פֿון צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור און צום נאַ־טור־פּייזאַזש — אַ שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם מערבֿ־מענטש. לויט דער מעטריקע אַ ייִד פֿון משה רבינוס גלויבן און דאָך איז זײַן גאָט נישט יעהאָוואַ, נאָר פּאַן און כּמעט אַלע זײַנע פּערזן אָטעמען מיט שטילן ציטער פֿון אַ הייליקער עבֿודה צו דעם דאָזיקן גאָט"[21]. אויב עס זײַנען געווען פֿאַרלייקענערס פֿון סעגאַ־לאָוויטשעס פּראָזע, האָט אָבער סעגאַלאָוויטשעס פּאָעזיע אויך פֿאַר דער מלחמה גענאָסן פֿון לויב אַפּילו צווישן די ראַפֿינירטסטע שרײַבערס פֿון אינטעלעקטועלסטן טיפּ, וועלכער זאָגט אַזש: „סע־גאַלאָוויטשעס לידער זײַנען פֿון דעם מין, וואָס מען קען זיי און מען וויל זיי לערנען אויף אויסווייניק"[22].

סעגאַלאָוויטש איז טאַקע ביז דער מלחמה נישט געווען גע־נייגט אַרײַנצודרינגען אין דרויסן. ער האָט בלויז אויבנאויפֿיק באַ־רירט מאָמענטן פֿון זײַן פּערזענלעכער ברויזנדיקער פֿאַרגאַנגענ־הייט. די דאָזיקע אויבנאויפֿיקייט איז מסתּמא איינע פֿון די פֿאַק־טאָרן, וואָס האָבן אים אַזוי באַליבט געמאַכט בײַם צעשרויפֿטן, פֿאַרמאַטערטן, שטענדיק געשפּאַנטן ייִדישן עולם אין פּוילן. לייע־נענדיק סעגאַלאָוויטשן האָט מען זיך אָפּגערוט און די דאָזיקע אָפּרו־ליטעראַטור איז געווען אַ געעפֿנטער פֿענצטער אין דער ייִדישער

[20] י. י. טרונק — די ייִדישע פּראָזע אין פּוילן, ב"א 1949, זז' 27—29.
[21] י. יאַנאַסאָוויטש — „ווי איך זע אים", זאַמלבוך, וו' 1938, ז' 23.
[22] אַהרן צייטלין — „דורך שטורעמס פֿון יאָרן", ד"ז, ז' 39.

ליטעראַטור, ווו אַ סך האָבן נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם אין דער הייסער לופֿט פֿון דער געזאַלבטער ליטעראַטור פֿון אומרו, צו וועלכער זוסמאַן סעגאַלאָוויטש האָט אויך אין זײַן פֿאַרמלחמהדיקן פּעריאָד צוגעטראָגן זײַן צושטײַער, דער עיקר אין ליד. סעגאַלאָ־וויטשעס דראַמאָלעטע די וואַנט פֿון 1915 קען פֿאַררעכנט ווערן צו דער פּראָבלעמאַטיק פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה: „בעסער טויט אײדער טראָגן די חרפּה אין האַרצן"! פֿאַראַן אין דער שיינער אידיליע פֿון קאַזשמיעזש אַקאָרדן פֿון דעם נאָכמלחמהדיקן סעגאַ־לאָוויטש: „וואָס טראַכטסטו, פֿאַרפֿרעמדטע, צי שפּאַטסטו פֿון גלות? / צי פֿילסטו זיי מיט, די געבויגענע קנעכט?"... אין לײַכטע פֿערזן האָט סעגאַלאָוויטש געלאָזט הערן די גזלנישע באַציִונג צום „זשיד" נאָך אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן, פּונקט ווי די צעבראָכענע געמיטער, פּונקט ווי ער האָט אין לײַכטע בילדלעך געצייכנט די קנעכטישע געבויגנקייט פֿון אונדזערע אַסימילאַטאָרן, די שמענדריקעס, וועל־כע שעמען זיך מיט אונדזער לשון, מיט אונדזער פֿאָלק — אַז מ'שעמט זיך מיטן אייגענעם לשון, שעמט מען זיך מיטן אייגענעם פֿאָלק!

ז. סעגאַלאָוויטש, דער האַלבער ליטוואַק, וואָס איז געוואָרן דער באַזינגער פֿון דער פּוילישער לאַנדשאַפֿט, איז געוואָרן דער פֿאָלקס־מקונן נאָכן חורבן, ווײַל טיף אין אים האָט געוואָרצלט די ליבשאַפֿט צום כלל. „קיינער האָט ניט די זכיה געהאַט צו זאָגן עס אַזוי באַגלייבט ווי סעגאַלאָוויטש"[23]. איך, „פֿאַר וואָס איז עס גראָד ז. סעגאַלאָוויטש געוואָרן דער גרויסער מקונן אויפֿן חורבן?... דעם ענטפֿער דערויף גיט אונדז... זײַן אוממיטלבאַרקייט, אומגעקינסטלט־קייט, פּשטותדיקע פֿאָלקסטימלעכקייט"[24]. טאַקע דערפֿאַר ווײַל ער איז געווען דער גרינגסטער שרײַבער אין דער שווערסטער צײַט.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[23] יעקב גלאַטשטיין — אין תוך גענומען, 1945—1947, נ"י, ז' 17.
[24] ח. ש. קאַזדאַן — „זוסמאַן סעגאַלאָוויטש", די צוקונפֿט 1949, ז' 344.

## וואָס איז אַ ליד?

וואָס איז אַ ליד? אַ שיינער קלאַנג,
אַן אָדלערפֿלי פֿונעם געדאַנק,

אַ בליק צו גאָט, אַ בליק אין תהום,
פֿאַרלאַנג געשמידט אין פֿערז און רוים.

אַ הייליק פֿלוך און אומעטפֿרייד,
אַ שמעטערלינג, אַ ווײַסער קווייט...

אַ טרוים, וואָס נאַרט און וויגט אונדז אײַן,
אַ שטומע טרער געמישט מיט ווײַן.

## צו גאָט

גאָט, נידער צו אונדז
אין די טאָלן פֿון פּײַן,
מיר קאָנען שוין מער
אַזוי איינזאַם ניט זײַן.

דו לעבסט אויפֿן הימל,
דער טײַוול אויף דר׳ערד.
רבונו של עולם,
זע, מאַך עס פֿאַרקערט!

## אויף אונדזערע ביינער

אײַן דור וועט צעשטערן,
דער צווייטער וועט בויען,
דער דריטער וועט קלערן,
ווי איבערצובויען.

טראָגט ציגל, טראָגט שטיינער,
קומט אַקערן, פֿלאַנצן —
אויף אונדזערע ביינער
וועט עמעצער טאַנצן...

## אַמאָליקע וועבערס

אַמאָליקע וועבערס, ברייטבערדיקע ייִדן,
פֿאַראַרבעטע, שטומע.
איין פּלייצע אַ ביסל אַ קרומע —
בײַ טאָג און בײַ נאַכט און באַגינען
וועבן און וועבן
אָן זינען.

די זון פֿלעגט די אויגן,
דורך פֿענצטער פֿאַרבלענדטע,
נאָר אַרבעטן, אַרבעטן, גורטן די לענדן,
און דאַנקען דעם בורא
פֿאַר ברויט און פּרנסה...

פֿון צוגאָב אויף יום־טובֿ
פֿלעגט שמייכלען דאָס פּנים,
מיט באַלעבאַטים געלעבט,
נישט ווי שׂונאים,
געזעסן,
געוועבט
און געצויגן אַ ניגון,
אַ רגע געקאַרגט צו פֿאַרטרײַבן די פֿליגן.
איין קעטע [1] געענדיקט,
גענומען אַ נײַע
און פֿרײַ ערשט געוואָרן —
צו דער לוויה.

---

[1] דער צוזאַמענשטעל פֿון די צונויפֿגעקניפּטע פֿעדעם פֿאַרן מאָדעל צום וועבן.

## עס קוקט אויף מיר דער האַס

עס קוקט אויף מיר דער האַס מיט טויזנט אויגן,
אויף יעדן טריט, אויף יעדער גאַס
קוקט אויף מיר דער האַס...
פֿון יעדער שילד, פֿון יעדן צײַטונגבלאַט,
פֿון יעדנס העפֿלעכן פֿאַרנייגן,
פֿון יעדן גאַסיונג קוקט אויף מיר דער האַס...
ער יאָגט מיך נאָך, ווי פֿײַלן פֿונעם בויגן:

אין טראַמוויַיקלונג, אין פֿײַף פֿון באַן,
אַך, אומעטום איז האַס פֿאַראַן...

אין קינדערס אומשולדיקן שפּאַס
און אין דעם הונגעריקנס כּעס,
און בייזן שטאָלץ פֿון פֿײַנעם פּאַן...
אַך, אומעטום איז האַס פֿאַראַן!

מײַן פֿרייד!
מײַן העלער רעגן־בויגן!
וווּ איז מײַן האָפֿענונג אויף פֿרייד,
ווען אַלץ איז אָפּגעסמט אויף טויט?
שוואַרץ מײַן טאָג!
שוואַרץ מײַן נאַכט!
צי האָב איך זאָרגלאָז ווען געלאַכט?

עס קוקט אויף מיר דער האַס מיט טויזנט אויגן
און טרײַבט בײַ ווענט גיין אײַנגעבויגן...
גיין ווײַט פֿון שטאָט,
צום שד און שפּאָט,
צום וויסטן פֿעלד...
אָ, שלעכטע וועלט!

## „זשיד"

אַ ליד אַ שוואַרצס, פֿון שוואַרצע קלאַנגען,
פֿון שוואַרצן ריטעם אויסגעשמידט,
אַ שוואַרצער גיפֿט פֿון שוואַרצע שלאַנגען,
פֿון שוואַרצן שפּינוועבס איז דאָס ליד.

אַ זשומערײַ פֿון שוואַרצע בינען,
אַ בילערײַ, אַ שוואַרץ געמיט,
אַ ברום פֿון שיכּורע אָן זינען:
„זשיד".

אין שוואַרצע נעכט האָט דער נישט־גוטער
אין גיהנום־פּעך דאָס וואָרט געגליט.
אים חזרט נאָך דער הייסער לוטער
און אויך דער קאַלטער יעזויִט.

אָ, אַלטע גיהנום־וועלט, באַרעכן:
ווען פֿגרן פֿון האַס געשמידט.
ווען ווען שוין די ציין צעברעכן,
בייז קײַענדיק דעם „זשיד"?...

## וואָס טיפֿער

וואָס טיפֿער ס׳ווערט מײַן זוכן,
וואָס מער איך קען די מענטשן,
אַלץ מערער ווילט זיך פֿלוכן
און ווייניקער אַלץ בענטשן.

פֿאַר איינזאַמקייט און שטילקייט
בין איך זיך, גאָט, מתוודה.

איר זענט נישט ווערט מײַן שילטן,
מײַן בענטשן נישט אַוודאי.

איר האָט אַ גאַס מיט שטײנער,
מײַן ליד וועט איר נישט הערן.
מיך דאַכט, איך האָב נאָר אײנער
געזען הײַנט פֿאַלן שטערן.

## אין פעלד

אַלנאַכט. עס רוט
די שפּעטע וועלט,
ווי פֿרעמד, ווי גוט
עס איז אין פֿעלד.

אין שוואַרצן פֿעלד
מיט גאָט בײַנאַנד,
אין נישט מײַן וועלט,
אין נישט מײַן לאַנד.

דאָס פֿרישע היי
ליגט ברייט און פֿרײַ.
אַ פֿערדס געשריי
גייט ווילד פֿאַרבײַ.

ס׳איז נישט מײַן שפּראַך,
ס׳איז נישט מײַן וועג,
שוין טעג אַ סך
אַן גאָט אַוועק...

ווײַט מענטש, ווײַט שטאָט.
איך בין אַליין,
עס קומט באַלד גאָט
אַהער צו גיין.

איך פֿאַל צו דר׳ערד
און האָרך דעם טאָל:
עס שפּאַנט אַ פֿערד
מיט ווידערקול

ווו־ווו? ווער־ווער?
איך בין אַליין.
צי פֿילט מײַן טרער
דער קאַלטער שטיין?

## אַ מיליאָן מיט מענטשן

אַ מיליאָן מיט מענטשן
האָט די גרויסע שטאָט —
קיינער וועט נישט וויסן
אונדזער קליינעם סוד.

אַלט איז שוין דער הימל,
אַלט איז שוין די ערד,
אַלט איז גאָלד און זילבער,
ביקס און קויל און שווערד.

זינדיק און פֿאַרחלשט
ווערט דער טאָג פֿאַרברענט.
לאַנגזאַם צאַנקט דאָס פֿײַער
אויף די גרויע ווענט.

גיב דײַן האַנט, די קליינע,
גיב אַ לאַך דערבײַ,
גיב מיר דײַנע ליפּן
און די וועלט איז נײַ.

## דו שטייסט פֿאַר מיר

דו שטייסט פֿאַר מיר, די שוואַרצע אויגן גלאַנצן,
דײַן אַקסל בייגט זיך לײַכט, ביסט שלאַנק,
ביסט גרייט אַ שפרונג צו טאָן, אַרומנעמען און טאַנצן,
און טראָגן זיך ווער ווייס ווי לאַנג.

ניין, גיי נישט צו... איך וויל דיך אָנקוקן און ליבן.
איך וויל אַ וואָרט געפֿינען, ווי אַ תּפֿילה ריין.
פֿון וועלכן דור איז דיר דײַן מוטיקייט געבליבן?
פֿון וויפֿל דורות ירשנסט דו דײַן חן?

איך זוך אַ וואָרט פֿאַר דיר, אַ פֿריידגעשריי פֿאַר ביידן...
דאָ — זיגערין! איך פֿריי זיך מיט דײַן זיג.
ביסט גרייט אַ שפרונג צו טאָן... און שווײַגסט אַזוי באַשיידן,
און לאָזסט־אַראָפּ דײַן פֿלאַמענדיקן בליק.

קומסט־אָן אַ בלום — דערציילסט פֿון גערטנער, זאַנגען,
קומסט־אָן אַ האַרף — און שפּילסט דאָס שענסטע ליד...
צוויי ווײַסע הענט, ווי צוויי דרעסירטע שלאַנגען,
צוויי ווײַסע קייטן האַלטן מיך געשמידט.

## אין היי

אַ נאָנט געשריי
אין היי,
און באַלד ווערט שטיל אַזוי:
ס׳האָט ווער זיך באַהאַלטן
אין היי,
און אפשר — צוויי...
קאָן זײַן, מען קושט זיך
אין היי —
דאָן בענטש איך זיי.
כ׳גיי מיר מײַן וועג און איך גיי.
עס שוועבן באַבאָטשקעס[1] און ווײַסלען זיך
איבער מיר און איבער זיי —
וואָס קושן זיך אין היי...

## לערן זיך שווייגן!

ווערסט בלייכער און עלטער,
די פֿרײַנד ווערן קעלטער,
די וויסטקייט אין האַרצן וועט שטײַגן.
דערמאָן די פֿאַרלאַנגען,
וואָס זײַנען פֿאַרגאַנגען,
און לערן זיך, לערן זיך שווײַגן...

אין גאָרטן ווייט קילקייט —
האַלבטאָגיקע שטילקייט,

---

[1] פלאַטערלעך, זומער־פייגעלעך.

אַ בינעלע זשומט אויף די צווײַגן.
גיב־אָפּ דײַן נשמה
די לעצטע נחמה,
און לערן זיך, לערן זיך שווײַגן.

עס ווײנען די שטערן
מיט גאָלדענע טרערן...
די נאַכט וועט קיין וועג דיר נישט צײַגן.
פֿאַרוויג אין זכּרון
דעם צער פֿון די יאָרן
און לערן זיך, לערן זיך שווײַגן.

## אין דער פֿינצטער

אין דער פֿינצטער זע איך בעסער מײַן נשמה
אינעם חושך פֿון דער נאַכט;
ווי אַ שטיינדל אויסגעשליפֿן,
האַלט איך דעמאָלט מײַן נשמה אין דער האַנט.
איך באַטראַכט עס,
ווען פֿאַרבלוטיקט
בליצט עס דעמאָלט ווי אַ טײַערער רובין...
מײַן נשמה,
מײַנס אַ טראָפּן בלוט...
דורכגעלײַטערט,
אויסגעליטן,
און עס טרעפֿט אַ מאָל, אין חושך
נעמט עס לײַכטן, וואַרפֿן פֿונקען —
אַ פֿילקאַנטיקער בריליאַנט,
מײַן נשמה,
מײַנס אַ טרער פֿון לאַנגן שווײַגן,
פֿון מײַן לאַנגן שווײַגן בלויז איין טרער...

## לייגט מיר נישט קיין שטיינער

לייגט מיר נישט קיין שטיינער
אויף מײַנע שטילע וועגן.
כ׳וועל סײַ ווי ווײַטער גיין
אויף מײַנע שטילע וועגן.

דאָס שענסטע איז פֿון לעבן
די הויכקייט און די ווײַטקייט.
לייגט מיר נישט קיין שטיינער
איבער מײַנע וועגן.

איך בין אַן אַלטער וואַנדערער
און האָב אַליין אין שאָטן
דעם תּהילים פֿון מײַן לעבן
פֿאַר זיך אַליין געדאַוונט.

איך וועל זיך שוין געפֿינען
אַ בערגעלע, אַ טורעם...
איר וועט בלינד פֿאַרבײַגיין,
איך וועל זען אײַך שטענדיק...

## ווער פון אייך?

ווער פֿון אײַך איז ווען אַנטלאָפֿן
אין דער נאַכט פֿון זיך אַליין?
שטומע שאָטנס אָנגעטראָפֿן
און דעם תּהום געוואָלט דערגיין?

ביזן בלוט זיך אײַנגעביסן
און פֿאַרשאָלטן טאָג און נאַכט,
איבער ספֿקות און געוויסן,
וועגן שטאָלץ און וועגן מאַכט?

אַ געבויגענער, אַ בלאַסער —
ווער פֿון אײַך האָט שטילערהייט
פֿון דער בריק געקוקט אין וואַסער
און געצווייפֿלט אויך אין טויט?

# פאעמעס פון דער אלטער היים

אין קאַזשמערזש
רייזעלע דעם שוחטס
מירקעס ליבע

כ׳האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד,
דאָס לאַנד פון צאַרטע לידער —
דאָ לעבט אַ גרויסער טרויער
פון מײַנע גלות־ברידער...

כ׳האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד,
דאָס לאַנד פון בונטע פאַרבן...
דאָ בין איך נישט געבוירן,
דאָ וועל איך אפשר שטאַרבן...

# אין קאזמערזש

— 1 —

און ווידער אין קאַזמערזש...  וואַרט, פֿורמאַן, געלאַסן!
די פֿערד דײַנע פֿליִען ווי ווילדע פֿון באַרג...
און קינדער פֿיל לויפֿן מיר נאָך און באַגריסן,
און שרײַען: „דער פּריץ!" און פֿרייען זיך שטאַרק.
דער פּריץ פֿאַרמאָגט אויף די וואָלקנס אַ פּאַלאַץ:
אין מערבֿ־זײַט הענגט דאָרט מײַן גאָלדענע הויז —
אויף דר׳ערד בין איך אָרעם, ווי אײַערע טאַטעס,
כאָטש נײַ איז מײַן בגד און רײַך זע איך אויס...
ווערט אײַך זיך ווען גלוסטן, דאַן קומט אין מײַן פּאַלאַץ!
איר, קינדערלעך קליינע, איר חלומט נאָך ווען...
דערווײַלע צעטייל איך אײַך עטלעכע גראָשנס:
קויפֿט ניסלעך און שפּילט זיך, מען ווערט זיך נאָך זען.

— 2 —

איר קענט נישט דאָס שטעטל...  עס מעג אײַך פֿאַרדריסן;
דאָ שוועבן און לעבן לעגענדעס אַ סך,
דאָ שפּיגלען אין טײַך זיך פֿיל בערג און פֿיל סעדער,
דאָ ציט זיך צום הימל אַ שלאָס אָן אַ דאַך...
אין שלאָס האָט געלעבט ווען דער אידלסטער קעניג,
הײַנט קראַקען דאָרט קראָען פֿון לאַנג שוין, אויף לאַנג...
און אָפֿט מאָל בײַ נאַכט פֿאַלט אין פּאַלאַץ אַ שטערן,
נאָר קיינער געפֿינט נישט דעם הימלס געשאַנק.
דאָ לעבט נאָך די אמתע ייִדישע פֿרומקייט
און שטאַרבט ווי די אוראַלטע דעמבע בײַם וועג,

דאָ ווײַזט זיך נאָך אָפּט אַ צעשראָקענע סערנע
און לויפֿט באַלד אַוועק מיט אַ גרעסערער שרעק...

— 3 —

דאָ שלענגלען זיך בערג פֿיל מיט טאָלן געהיימע,
פֿיל גרינע טונעלן באַוואַקסן מיט וואַלד,
אַ קוועלכל אַ קלאָרער דערציילט אונדז פֿון יוגנט,
כאָטש אַלט איז דאָס שטעטל און אַלץ איז דאָ אַלט.
און ווײַטער פֿון קאַזמערזש, גאָר טיף אין די טאָלן,
שפּאַציר איך מיר אָפּט אָן אַ וועג, אָן אַ פּלאַן:
עס טרוימט מיר אַ וואַלדקינד, אַ נימפֿע אַ ווײַסע,
עס טרוימט מיר דער וואַלדגאָט, דער איינזאַמער פּאַן [1].
פֿרעמד זײַנען אַזעלכע חלומות אין גלות,
און זאָל אײַך מײַן זינגען נישט פֿרעמד זײַן אַזוי!
עס רופֿט די נאַטור אונדז, עס רופֿט אונדז איין שטימע,
נאָר נישט אַלע הערן — איך הער און איך גיי...

— 4 —

איך ווייס נישט, פֿון וואַנען איך האָב אַזאַ בענקשאַפֿט.
אין רויִקער שטאָט איז מײַן יוגנט פֿאַרבײַ.
דאָך ציט מיך פֿון שטאָטרויש צום רויש פֿון דיביימער:
אין וואַלד בין איך רויִק, אין פֿעלד בין איך פֿרײַ...
כ׳האָב ליב איבער מיר זאָל זיך ציִען דער הימל,
דער אָפֿענער הימל אין בלענקעט און בלוי,
כ׳האָב ליב זיך צו בייגן פֿאַר נאַכט צו די בלומען,
פֿאַר נאַכט, ווען זיי טרינקען זיך אָן מיט דעם טוי.
און זע איך די קינדער, וואָס שפּילן אויף לאָנקעס,

[1] פּריץ, האַר, הער.

טוט ווי מײַן נשמה פֿון פֿרייד און פֿאַרדרוס,
און הער איך אין שניטצײַט אַ ליד אויף די פֿעלדער,
דערמאָנען זיך גלײַך מיר די צײַטן פֿון רות...

— 5 —

דרײַ קלויסטערס אין קאַזמערזש און אַלע דרײַ זײַנען
מיט ביימער פֿאַררינגלט, מיט ביימלעך אַ סך;
און אונדזער בית־תּפֿילה, להבֿדיל, שטייט איינזאַם,
פֿאַררוקט אין אַווינקל, צעבראָכן דער דאַך...
אַ ניגון אַ מידער פֿאַרשטאַרבט אין די ראַמען
פֿון אָפֿענעם פֿענצטער... איך גיי גיך פֿאַרבײַ;
דער ניגון באַגלייט מיך נישט ווײַט מיט זײַן טרויער,
ער ווערט באַלד צערונען אין זינגען פֿון מײַ...
ווי רופֿט מען די פֿייגלעך? ווי הייסן די בלומען?
עס האָט אונדזער שפּראַך נישט קיין נעמען פֿאַר זיי:
באַשערט זיך צו פֿרייען אַזוי, ווי אַ שטומער,
אַזוי ווי אַ שטומער, פֿאַרבאָרגן דער וויי...

— 6 —

מיט שנייוויַיסע קרויזן באַפּוצט זיך דער גאָרטן,
עס בליִען די קאַרשן, דער עפּלבוים בליט,
אַ ראָזעווער קווייט פֿליקט זיך אָפּ פֿון זײַן צווײַגל
און שוועבט לײַכט... און פֿליט, ווי אַ פֿעדערל פֿליט...
כ׳וואָלט וועלן אַזוי מײַן נשמה באַפֿרײַען,
אַזוי ווי דאָס קווייטל באַפֿרײַט זיך פֿון בוים,
אַזוי ווי אַ קינד, וואָס פֿאַרקלײַבט זיך נאָך בלומען
און קומט שפּעטער גליקלעך און פֿריילעך אַהיים.
זי זיצט אָבער פֿעסט אין איר שטײַגל פֿון זאָרגן,
און שפּײַזט זיך מיט ספֿקות, און קען נישט זײַן פֿרײַ.

מײַן אומרו־נשמה, כאָטש אײן מאָל אין לעבן —
זײַ רויִק אין גאַנצן, זײַ גליקלעך אין מײַ!...

— 7 —

געבענטשט זײַט, איר רויִקע פּאַליעס פֿון ווײַסל!
איר טראָגט איצט אַן שטורעם אַוועק מײַנע טעג.
פֿיל שטיפֿערס, פֿיל ייִנגלעך פֿאַרשווינדן פֿון חדר
און קומען צו לויפֿן מיט ווענדקעס צום ברעג.
עס צאַפּלט אַ פֿישל, עס פֿרייט זיך אַ ייִנגל,
איך ליג אין אַ שיפֿל פֿון ווײַטן און שווײַג...
עס דאַכט, ס׳איז אַ חלום דער טײַך מיט די ייִנגלעך,
דער פֿויגל וואָס וויגט זיך און זינגט אויף דער צווײַג...
אַ ווינטמיל באַוועגט זיך פֿון ווײַטן געלאַסן,
די פֿליגלען — זיי פֿאָכען און רוען זיך אָפּ:
אַזוי ווי אַן אָדלער אַ שוואַרצער, אַ גרויסער,
וואָס מאַטערט זיך פֿלִיִען און פֿאַלט שווער אַראָפּ.

— 8 —

עס שווימען גאַנץ קליינע און גאָר גרויסע וואָלקנס,
מיט גאָלדענע זוימען און פּורפּור פֿאַרקליידט;
זיי אײַלן צו מערבֿ און שטאַרבן אין מערבֿ,
אין איינעם מיט זיי שטאַרבט דער טאָג שטילערהייט.
וואָס אַרט מיך זײַן שטאַרבן? וואָס דאַרף איך די וואָלקנס?
איך ליב בלויז די פֿלאַמען, וואָס פֿלאַקערן שיין...
דאָך שלינגען די וועלן איין טרער נאָך דער צווייטער,
איך וויין, און איך וויס נישט אַליין, וואָס איך וויין.
צי כ׳בענק נאָך דער שטאָט, וואָס איך האָס אַזוי ביטער?
צי כ׳בענק נאָך די פֿרײַנד, וועלכע זײַנען נישט טרײַ?
צי עס פֿעלט מיר איצט שטאַרק דאָס איינציקע מיידל,
וואָס אין בענקען נאָך איר איז מײַן יוגנט פֿאַרבײַ?

— 9 —

ס׳איז נאַכט. עס איז שטיל. איצטער שטויבט נישט אין ערגעץ.
די אָרעמע יידישע קרעמלעך פֿאַרמאַכט.
פֿאַרשלאָסן מיט שווערע אַלטמאָדישע שלעסער...
געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס מען רוט כאָטש בײַ נאַכט.
פֿאַררינגלט מיט אַלטע און נײַע בית־עולמס
שלאָפֿט קאַזמערזש און חלומט. נאָר עמעץ איז וואַך:
דער פּאַסטעך, דער שטומער, באַגעגנט מיך פּלוצלינג.
וואָס ווינקט ער צו מיר? כ׳פֿאַרשטיי נישט זײַן שפּראַך:
ער ווײַזט מיר דעם שלאָס אָן, ער ווײַזט־אָן דעם טורעם,
וואָס שטייט אויפֿן באַרג, ווי אַ פּוסטער סקעלעט...
ווי נישטיק דער טאָג זעט מיר אויס אין דער פֿינצטער,
ווי עלנט די וועלט איז בײַ נאַכט אַזוי שפּעט...

— 10 —

עס טאָגט שוין. עס קומט־אָן אַ נײַער פֿרימאָרגן...
עס זינגען די וועלדער — דאָס זינגען וויגט־אײַן.
מײַן מידע נשמה! שוין צײַט צו גיין שלאָפֿן;
אין שלאָפֿן וועסטו אפֿשר גליקלעכער זײַן —
דער גאָט פֿון חלומות איז גאָר נישט קיין קאַרגער.
אין חלום וועט קומען מײַן מיידל צו מיר,
אין חלום וועט שטרײַטן מײַן פֿאָלק פֿאַר זײַן צוקונפֿט;
דער גאָט פֿון חלומות ער שטייט שוין אין טיר.
עס טויען די פֿעלדער, ווי נאָנטע מזבחות,
עס הייבט זיך דער רויך און צערינט באַלד אין לופֿט.
איך פֿאַל אויף מײַן בעטל, צערייצט פֿון פֿרימאָרגן —
דער גאָלדענער חלום — ער רופֿט שוין, ער רופֿט.

— 11 —

אַזוי ווי אַ גלעקל, וואָס הילכט אויף די לאָנקעס,
אַזוי ווי אַ באַרגוואַל, וואָס קלינגט זילבער ריין,
דערגרייכט צו מײַן פֿענצטער אַ יונגער געלעכטער...
צי עס דויערט דער חלום! כ׳קען נישט פֿאַרשטיין.
איך האָב שוין אַ שכנה אין אונטערשטן גאָרן
(שוין לאַנג בין איך רויִק און אײַנזאַם געווען).
איך האָב שוין אַ שכנה... אַזוי ווי אַ גנבֿ,
אַנטלויף איך פֿון צימער, זי זאָל מיך ניט זען...
נאָר לויפֿנדיק איין מאָל, האָב איך זי באַגעגנט;
מיר האָבן זיך ביידע באַמערקט און באַטראַכט —
ווען איך האָב געציטערט אַזוי ווי אַ פֿרעמדער,
האָט זי זיך גאַנץ קינדיש און היימיש צעלאַכט...

— 12 —

איך ווייס נישט איר נאָמען — איך דאַרף עס נישט וויסן,
איך ווייס נישט איר היימאַט — נאָר שיין איז זי, שיין!
איך לויף נאָך, ווי פֿריִער, אין רויִקע ווינקלען,
נאָר שווער איז מיר איצטער צו בלײַבן אַליין...
אָך, קאַזמערזש, ביסט איצטער נאָך שענער געוואָרן:
(אין ראַם האָט זיך פּלוצלינג אַ בילד אײַנגעפּאַסט).
כ׳האָב הײַנט אין מײַן צימער אַ בלימל געפֿונען;
פֿון גליק האָב איך פֿריילעך געשטיפֿט און געשפּאַסט,
נאָר נישט מיט דעם מיידל פֿון אונטערשטן גאָרן —
איך האָב מיטן ווינטל געשטיפֿט און געשפּילט...
דערנאָך איז אַ ריזיקער וואָלקן געקומען
און האָט אַלץ אין שוואַרצקייט, אין חושך פֿאַרהילט...

— 13 —

שוין עטלעכע שעה, ווי עס בליצט און עס דונערט,
עס רעגנט, עס שטורעמט, עס גייט נישט אַוועק...
פֿון שכן די דינסט איז געקומען מיר רופֿן:
דאָס פֿרײַלין, דאָס יונגע, זי ציטערט פֿון שרעק.
זי רופֿט מיך?... געבענטשט זאָל דערפֿאַר זײַן דער דונער,
דער פֿלאַמיקער שדכן — געבענטשט זאָל ער זײַן!
זי שמייכלט און ציטערט, מיר ציטערן ביידע,
כאָטש ס'דאַכט מיר, איך בין אין גן־עדן אַרײַן.
דער דונער ווערט שוואַכער — צי דען האָט ער טאַקע
פֿאַר מיר זיך דערשראָקן? דער שטורעם ווערט שטיל...
מײַן יונגע באַקאַנטע זיצט רויִק און זיכער
און פֿרייט זיך אין האַרצן — איך שפּיר עס און פֿיל...

— 14 —

אויף יעטוועדער פֿרייד פֿון דײַן זאָרגלאָזן לעבן
קען איך דיר דערציילן יסורים אַ סך;
אויף יעטוועדער טרעל פֿון דײַן קינדישן לאַכן —
אַ צענדלינג עלעגיעס... נאָר פֿריי זיך און לאַך.
אַך, רייד זשע, דערצייל מיר! דײַן פֿרייד איז מיר נייטיק,
אַזוי ווי דער רעגן איז נייטיק דעם פֿעלד,
אַזוי ווי די היימאַט דעם איינזאַמען וואַנדערער,
אַזוי ווי די דרייסטקייט איז נייטיק דעם העלד...
כאָטש כ'ווייס נישט, פֿון וועמען דו קומסט ווי אַ שליח:
פֿון גאָט צי פֿון טײַוול, ברענגסט טרויער, צי גליק?
אַלץ איינס... איך וועל דאַנקען דעם הײַנטיקן דונער,
כ'וועל מער שוין נישט לויפֿן פֿון שטורעם צוריק...

— 15 —

אַזוי ווי אַביימל מיט גאָלדענע רויזן,
אַזוי איז איר קעפּל מיט לאָקן באַדעקט
און גרויבלויע אויגן מיט טונקעלע ברעמען;
איר בליק איז פאַרוווּנדערט, ער פרעגט וואָס, ער פרעגט...
איר נאָמען איז וואַנדאַ... אַ פּוילישער נאָמען —
נאָר זי איז אַ חסידס אַ טאָכטער, מיין גאָט!
זאָל קיינער פאַר קיינעם קיין וואָרט נישט פאַרטרויען,
כאָטש מיר וועט דאָ שווער זיין צו האַלטן דעם סוד...
זי שעמט זיך... זי ליבט נישט דעם טאַטן, דעם פרומען,
זיי זיינען ווי פרעמדע פון קינדוויַיז ביז היינט;
וואָס גייט עס מיך אָן? עס איז מיַי, עס איז פרילינג,
מיר פילן עס ביידע, מיר זיינען שוין פריינד.

— 16 —

די וויַיסקייט פון גאָרטן ווערט לאַנגזאַם פאַרשוווּנדן,
די ביימער באַפּוצן זיך אַלע ניַי גרין;
נישטאָ שוין קיין בעז מער, נישטאָ קיין אַקאַציעס,
עס בליט שוין נישט מערער דער זיסער זשאַסמין...
אין פעלד אָבער בליִען שוין פיל מאַרגאַריטקעס,
און וואַלדגלעקלעך בלויען זיך אונטן אין טאָל —
אָט דאָס אַלץ וועט קומען צו וואַנדען אין צימער...
און וואַנדאַ! זי הערט שוין פון וויַיטן מיין קול...
אויב דו האָסט געבענקט — בין איך טויזנט מאָל גליקלעך,
אויב דו האָסט געוואַרט — בין איך איצטער דיין האַר...
נישט באַהאַלט זשע די זודיקע, זאַפטיקע ליפּן —
איך קוש... זאָל דער קוש דיר נישט ברענגען קיין צער...

— 17 —

עס בליִען שוין רויזן, איך רײַס זיי אין גאָרטן,
און וואַנדאַ נעמט־צו די מתּנות מיט פֿרייד.
מיר שטיפֿן און פֿרייען בײַ טאָג זיך ווי קינדער,
און שווײַגן פֿאַר נאַכט, ווען דער הימל ווערט רויט.
אין מערבֿ־זײַט הענגט דאָרט מײַן גאָלדענער פּאַלאַץ
און שווײַגנדיק שוועבן מיר ביידע אַהין,
ווו ס׳רייצן אונדז פֿלאַמיקע, ווילדע פֿאַנטאַזיעס...
מיר האַלדזן זיך ביידע אָן שרעק און אָן זין.
דערנאָך, ווען דער הימל פֿאַרדעקט זיך מיט שטערן,
לויפֿט וואַנדאַ אַהיים און פֿאַרשליסט זיך פֿון מיר;
זי רײַסט מײַנע רויזן, זי פֿליקט זיי אויף פּיצלעך —
באַגינען געפֿינט זי שוין פֿרישע בײַם טיר...

— 18 —

עס וואַקסט אויף די פֿעלדער, עס פֿאַליען די זאַנגען
מיט בלימלעך, מיט בלויע, געמישט און מיט מאָן,
און וואַנדאַ איז פֿריילעך אַזוי ווי אַ פֿויגל,
פֿון אַלעם פֿאַרוווּנדערט, און אַלץ קוקט זי אָן:
זי איז שוין געוועזן אין אַלע דרײַ קלויסטערס,
געווען, זיך געפֿרייט, מיט באַגײַסטערונג פֿול,
דאָך האָט זי זיך מאָדנע פֿאַרקרימט און צעבייזערט,
ווען איך האָב איר ווײַזן געוואָלט אונדזער שול...
כ׳האָב דעמאָלט דערפֿילט טיף דעם ווייטיק פֿון פֿרעמדקייט,
געפֿילט אַז מיר זײַנען צעטיילט דורך אַ תּהום,
נאָר זי האָט אַפֿילו מײַן שמאַרץ נישט פֿאַרשטאַנען:
געשטיפֿט און אַנטלאָפֿן, געלאָפֿן אַהיים...

— 19 —

שוין תמוז. דער אמתער זוניקער זומער.
עס גליִען די שטראַלן און רייצן דאָס בלוט...
וואָס שוויַיגסטו אין שאָטן? וואָס ציטערט דיַין קערפּער?
ביסט ציַיטיק און הילפלאָז... אַ שווערע מינוט...
די ליפּן געעפנט, די ציינדלעך פאַרשלאָסן,
אַזוי ווי זיי וואָלטן דערשטיקט דעם פאַרלאַנג...
דו אָטעמסט צעשראָקן... ניט שרעק זיך, זיַי רויִק:
עס האָט מיך באַפאַלן אַ קאַלטער געדאַנק...
דו הערסט, ווי די לערכע צעגיסט זיך אין זינגען —
דאָס לויבט זי דיַין ריינקייט... ביסט ריין, ווי געווען.
אין מיר אָבער הערשט איצט אַ שטורעם, גיהנום:
פאַר וואָס איז אַזוי און נישט אַנדערש געשען?

— 20 —

עס האָט מיך דאָס לעבן געלערנט זיַין אַ בייזער
און אָפט טאַקע בין איך צו אַנדערע שלעכט.
נאָר מאַמע! דיַין ווייכקייט פאַרסמט מיר דאָס לעבן,
איך בין ביַי דיַין גוטסקייט אַן אייביקער קנעכט...
עס קוקן אויף מיר אומעטום דיַינע אויגן,
אַזוי ווי צוויי שומרים וואָס היטן אַ שקלאַף.
ווען איך זאָל דיר בליַיבן אַ זון אַ געטריַיער,
דאַן בין איך אויף אייביק געבונדן און שלאַף.
וויַיל לעבן מיט מצוות און אייביקער פרומקייט,
הייסט לעבן אָן דרייסטקייט, אָן מוט, אָן געווער...
און לעבן מיט ספקות איז ערגער ווי שטאַרבן.
איך ווייס עס פון לאַנג און דערפאַר איז מיר שווער.

— 21 —

עס שטייען שוין פֿאַרטיקע פֿעלדער מיט זאַנגען,
עס פֿאַלן שוין סנאָפּעס מיט צײַטיקן ווייץ:
די שניטצײַט — זי פֿאָדערט פֿיל שווייס און פֿיל קרעפֿטן,
די אַרבעט — זי האָט דאָך פֿיל שיינקייט און רייץ.
ווי פֿלינק, ווי עלאַסטיש די עלטערן שנײַדן,
ווי קונציק די קינדער פֿאַרבינדן אַ סנאָפּ,
ווי שטאָלץ און ווי מיד מען באַגעגנט דעם אָוונט.
צום סוף, ווען מען פֿירט שוין די תּבֿואה אַראָפּ...
דאָס פֿעלד ווערט שוין ליידיק — דאָך פֿול ווערט דער שײַער,
די אַרבעט — זי מאַטערט, און מוטיקט, און פֿרייט...
אַוועק וועט דער זומער — דאָך לאָזט ער וואָס איבער
פֿאַר די וועלכע האָבן די פֿעלדער פֿאַרזייט...

— 22 —

בײַ אונדז אָבער גרייט מען זיך איצט צו אַ תּענית,
מען זיצט און מען קלאָגט אַלטע קינות אויף דר׳ערד,
איך שטיי דאָ מיט וואַנדען בײַם שול, בײַ דעם פֿענצטער...
זי שווײַגט. עפּעס האָט זי זיך מאָדנע פֿאַרקלערט.
צי לעבט אויך אין דיר אונדזער אייביקע בענקשאַפֿט?
צי פֿאַנגט דיך דער צער פֿון דער נאַכט אַזוי גיך?
צי איז דיר כאָטש איצטער פֿאַרשטענדלעך מײַן טרויער:
מײַן פֿאָלק האָט פֿאַרלוירן דאָס גלייבן אין זיך...
וואָס טראַכטסטו, פֿאַרפֿרעמדטע? צי שפּאָטסטו פֿון גלות?
צי פֿילסטו זיי מיט, די געבויגענע קנעכט?
צי טרוימסטו אויף ס׳נײַ דײַנע שיינע חלומות
אַזוי ווי אין אַנדערע ליכטיקע נעכט?

— 23 —

כאָטש שיין איז דער אָוונט, כאָטש דו ביסט באַהנטער
ווי שטענדיק... נאָר מיר איז איצט אומעטיק, שווער.
ווײַל טיף איז דער אָפּגרונט, ווו איך בין פאַרוואָרפן,
איך זע פון גאָטס ליכט בלויז אַן אָפּגלאַנץ — נישט מער...
צו וואָס האָסטו, גאָט, מיר געגעבן מײַן בענקשאַפט?
צו וואָס איז דער פאַקל, וואָס ברענט אַזוי שוואַך?
איך וועל דאָך דעם אָפּגרונט מיט אים נישט באַלויכטן,
איך הער דאָ בלויז זיפצן און קללות אַ סך...
איך קען זיי נישט העלפן. איך קען דאָ נישט טרייסטן.
נישטאָ דאָ אין גלות קיין שלאַכטפעלד, נישטאָ.
קיין קרבן נישטאָ און נישטאָ קיין מזבח,
ס׳פעלט גלויבן און שטאַלץ אין דער ביטערער שעה...

— 24 —

פאַראַן דאָ אין קאַזמערזש אַן איינזאַמער קבר,
אַ שטיינערנע פליטע פאַרצייכנט דאָס אָרט:
דאָ איז ער געפאַלן, דאָ ליגט ער באַגראָבן,
און שטיל איז, מער זאָגט די מצבה קיין וואָרט.
נאָר וואַנדאַ דערציילט מיר דעם סוד פון דעם קבר:
מען האָט דאָ געשטריטן אַמאָל אויפן פעלד.
זי רופט מיר אַן נעמען פון קעמפערס פיל פרעמדע
און שיט־אויס מיט בלומען דעם קבר פון העלד.
און קני דאַן געדאַנקלעך מיט גרויס דרך־ארץ
פאַר דעם, וועלכער האָט דאָ געפונען זײַן רו...
— נאָר, וואַנדאַ, וואָס ווייסטו פון אונדזערע קברים?
זי לאָזט מיר די פראַגע אַפילו נישט צו...

— 25 —

כ׳וועל בעסער פֿאַרבאָרגן אין האַרצן מײַן ווייטיק
און זוכן אין וואַנדעס אַ שמייכל מײַן גליק.
עס בליִען שוין מאַלוועס [1], ווי דאָרפֿישע מיידלעך
וואָס גייען פֿאַרפּוצטע פֿון יאַרמאַרק צוריק.
עס ווערן שוין רויטער און שוואַרצער די קאַרשן,
עס פֿאַלט שוין אַ באַרנע האַלב צײַטיק פֿון בוים,
און ייִדישער דלות האָט נײַע פּרנסות:
מען לעבט אין די סעדער — אַ ביליקע היים...
פֿאַררוקט אין אַ בײַדל, אַזוי ווי ציגײַנערס,
מיט קינדער, וואָס לויפֿן האַלב נאַקעט אַרום,
די מאַמעס — זיי שילטן און קושן די קינדער,
זיי קלאָגן, און האַנדלען, און ווערן זיך פֿרום.

— 26 —

ט׳אַזוי, נישט גערעדט, נישט געריצט די געדאַנקען,
אָט אַזוי, ווי די נאַכט, זײַ רויִק און טרוים!
מײַן בענקשאַפֿט פֿאַרשווינדט אין דײַן קינדערשן שמייכל,
אַזוי ווי אַ שטיין ווער פֿאַרשווונדן אין תּהום.
איך ווייס נישט דאָס גליק פֿון די ערשערס אויף דר׳ערד —
מײַן גליק איז די שטילקייט, דאָס שמאַרצלאָזע שווײַגן,
מײַן גליק איז בײַ נאַכט בלויז מיט דיר מיר באַשערט...
כ׳וואָלט וועלן פֿאַרהאַלטן אויף אייביק די רגע,
פֿאַרזיגלען אין האַרצן אויף שפּעטער, אויף לאַנג...
נאָר ס׳ווערן שוין בלייכער און בלייכער די שטערן,
עס נאָגט שוין מײַן ברוסט, עפּעס טוט מיר שוין באַנג...

---

[1] ליליעס.

— 27 —

עס ציִען זיך מאַטאָווע טעג... לײַכטע וואָלקנס
פֿאַרדעקן די זון אין די דאָזיקע טעג:
עס פֿאַלט נישט קיין רעגן, מען הערט נישט קיין דונער,
אַ שאָטן אַ קילער פֿאַרדעקט יעדן וועג.
דער גאָרטן זעט איצטער אין שאָטן אויס גרינער,
די דופֿטן פֿון בלומען פֿאַרהאַלטן מיך אָפּט.
עס טראַכט זיך גאָר ווייניק, עס לעבט זיך געלאַסן,
די לײַדנשאַפֿט מײַנע זי רוט איצט און שלאָפֿט...
און וואַנדעס געלעכטער קלינגט שוואַכער ווי שטענדיק,
זי צאַפּלט נישט איצט, ווען איך נעם זי אַרום...
ווער ווייסט, וואָס דאָס איז? ווער פֿאַרשטייט אַזאַ שטילקייט?
די טעג זײַנען רויִק, דאָס האַרץ מײַנס איז שטום.

— 28 —

נאָר גיך פֿאַלט־אַרונטער פֿון הימל דער שלייער,
די זון — זי צעלאַכט זיך מיט שטראַלן און ליכט,
אַזוי ווי אַ הערשער אַ שטאַרקער, אַ שטאָלצער,
וואָס קומט און באַזיגט און באַפֿרײַט אומגעריכט...
די מענטשן, די פֿייגל באַוועגן זיך שנעלער,
און וואַנדאַ פֿאַרהאַלט מיך אין גאָרטן און לאַכט...
ביז אָנמאַכט פֿאַרשיכּור איך זי מיט מײַן קושן,
זי רײַסט זיך אַרויס און פֿאַרשווינדט ווו ביז נאַכט.
— דו ווערסט נישט אַוועקגייך, דו ווערסט נישט אַנטלויפֿן!
עס ברענט אין אונדז ביידן איין פֿײַער, איין פֿלאַם.
— צי ווילסטו פֿון זומער מיר מאַכן אַ גיהנום?
— צי ווילסטו פֿאַרוואַנדלען די בלומען אין סם?

— 29 —

דער ווײַסל גלאַנצט נײַ, ווי אַ שווערד אַ געשאַרפֿטע,
און שפּיגלט אין זיך די רויִנען פֿון באַרג,
איצט לעבט אַלץ, ווײַל אַלץ איז באַגאָסן מיט שטראַלן,
גאָט פֿילט זיך הײַנט לוסטיק, די זון איז נישט קאַרג...
מען באָדט זיך. עס הילכן געלעכטערס פֿון קינדער,
עס שפּריצן די פֿאַליעס מיט זילבערנעם שוים,
די פֿייגל פֿון ברעג ווערן אַלע פֿאַרשוווּנדן,
די פֿישלעך אין וואַסער באַהאַלטן זיך קוים.
די שטיפֿערס — זיי יאָגן־נאָך איינער דעם צווייטן,
עס רייצט זיי, עס פֿרייט זיי דער לוסטיקער שפּיל...
אָפּט ווערט פֿון זיי איינער אין וואַסער פֿאַרשוווּנדן,
דאָ בלײַבן זיי אַלע צעשראָקן און שטיל.

— 30 —

דאָך באַלד שוין דערהערט זיך אַ קוויטש, אַ געלעכטער —
די פֿאַליעס צעהוליען זיך ווילד אויף דאָס נײַ.
עס באַווײַזט זיך אַ קאָפּ און אַ ראָזעווער קערפּער,
צוויי הענט, ווי צוויי פֿליגל, באַוועגן זיך פֿרײַ.
עס קומען די טאַטעס, די שטרענגע, די שטילע,
און טוען געלאַסן זיך אויס אויפֿן ברעג,
זיי שפּרײַזן אין וואַסער און ווערן באַלד פֿריילעך
און לאָזן זיך אויך מיט די שטיפֿערס אַוועק.
עס צאַפּלען זיך קערפּערס אין זילבערנע פֿאַליעס
פֿון יענער זײַט ווײַסל דערגרייכט אַ געשריי:
דאָרט טאָר מער נישט קוקן, דאָרט באָדן זיך מיידלעך,
די זון, בלויז די זון מעג זיך שפּילן מיט זיי.

— 31 —

איך שטיי דאָ בײַם גאָרטן פֿאַרטריבן, באַליידיקט.
איך רוף זי. זי קומט נישט. איך גיי נישט צו איר.
זי זינגט דאָרט פֿאַר װעמען. זי לאַכט פֿון דער װײַטן.
עס דאַכט מיר, דאָס לאַכט זי און חוזקט פֿון מיר...
װוּ לויפֿט מען אַװעק פֿון דעם גליִענדן גיהנום?
װי טויט מען דעם װייטיק? מיט װאָס פֿאַר אַ שװערד?
עס פֿינקלען די שטערן, װי שטענדיק, װי שטענדיק,
עס פֿאַלט שטום די שטילקייט פֿון הימל אויף דר'ערד.
עס שלעפֿן די פֿיס זיך פֿון געסל צו געסל.
מײַן שאָטן לויפֿט פֿאָרױערטס און טאַנצט אויף די װענט.
איך מורמל אַ הספד און װערג זיך מיט טרערן.
די שול איז באַלויכטן: אַ יאָרצײַטליכט ברענט...

— 32 —

זי גייט מיט אַ פֿרעמדן... איך קען אים פֿון פֿריִער.
זי האָט שוין נישט איין מאָל זײַן נאָמען דערמאָנט.
כ'האָב גאָר נישט גערעכנט. כ'האָב גאָר נישט פֿאַרשטאַנען —
זי איז דאָך מיט מיר דאָן געװען אַזוי נאָנט...
אַ קװאַל װערט אַ מאָל אַזוי האַסטיק פֿאַרשװוּנדן,
אַ פֿויגל אַ פֿלינקער אַנטלויפֿט אַזוי גיך,
אַזוי װי מײַן חלום איז פּלוצלינג געשטאָרבן —
איך טראָג איצט אַ פּוסטקייט, אַ גרויסע, אין זיך...
דאָס אַלץ, װאָס האָט נעכטן געריצט און געצויבערט,
איז הײַנט אַזוי נישטיק, פֿאַרטרויערט און גרוי
די הענט, װעלכע האָבן צו גאָט זיך געהויבן,
זיי פֿאַלן־אַראָפּ איצט... קיין לוסט איז נישטאָ...

— 33 —

אַ פֿרעמדער, אַ פֿרעמדער... פֿון די, וועלכע האַסן
און שפּאָטן פֿון אונדזער פֿאַרוואָגלטן דור —
דערפֿאַר איז מײַן שמאַרץ און מײַן אײַפֿערזוכט דאָפּלט...
זיי גייען און לאַכן — אַ גליקלעכע פּאָר...
זי שפּרײַזט און עס לויפֿן איר נאָך אַלע שטראַלן.
זיי זאַמלען־צונויף זיך בײַ איר אויפֿן קאָפּ.
זיי קושן און גלעטן די גאָלדענע לאָקן,
די ברעמען, וואָס פֿאַלן פֿון מידקייט אַראָפּ.
מיך האָט זי פֿאַרגעסן אין גאַנצן, אויף שטענדיק.
זי וועט שוין נישט קומען, איך וויס עס גאַנץ גוט.
איך וויל בלויז געפֿינען מײַן גלײַכגעוויכט ווידער,
איך וויל בלויז פֿאַרלעשן מײַן צאָרן, מײַן וווּט...

— 34 —

אָ, ייִדישע טעכטער, איר בלומען פֿון גלות!
אַ סוד איז פֿאַר מיר אײַער אייביקער חן:
איר בליט אין אַ וויסטן פֿאַרעלנטן גאָרטן —
אויף דערנער, אויף שטיינער... איר בליט אַזוי שיין.
די פֿרעמדע — זיי מאַכן אַלץ וויסטער דעם גאָרטן,
זיי רויבן־אַוועק אונדזער שטאָלץ, אונדזער גליק.
פֿאַר אײַך אָבער קניִען זיי, ייִדישע טעכטער —
ניט שענקט זיי, ניט שענקט אײַער ערלעכן בליק!
ניט שענקט זיי קיין ליבע פֿאַר דורות יסורים —
מיר לײַדן — ווער וועט אונדז באַלאָדן מיט מוט?
ווער וועט אונדז דאַן טרייסטן און האָפֿענונג געבן?
אַך, דאַן! ווען עס קומט די דערוואַכונגס־מינוט...

— 35 —

עס האָבן פֿיל טרוימערס צו דיר שוין גערופֿן,
אַלמעכטיקער הערשער! צי הערסטו כאָטש ווען?
עס האָבן נביאים אין מדבר געבלאָנדזשעט,
געקנײט און געבעטן: אַ נס זאָל געשען...
דאָך גרויס, אָך, צו־גרויס איז דער אייביקער וווּנדער,
דאָס שטענדיקע לײַדן, דאָס לעבן פֿון קנעכט...
דו שווײַגסט, און מײַן פֿאָלק איז געוווינט צו דײַן שווײַגן,
עס לײַדט, עס שטאָלצירט און עס פֿילט זיך גערעכט.
נאָר מיר איז דאָ פֿינצטער אין גלות, אין אַלטן,
און מיר איז דאָ ענג, צווישן אייגענע ענג...
רבונו של עולם! גיב כּוח, גיב פֿליגל,
אַ וועג ווײַז מיר אָן און אַ האָפֿענונג ברענג!

— 36 —

כ׳גיי ווידער אַליין אין די רויִקע טאָלן
אַזוי ווי אַן אָבֿל, וואָס רעדט נישט קיין וואָרט...
די אײַפֿערזוכט טאַנצט נאָך מיט מיר, נאָר איר ווילדקייט
באַגלייט מיך שוין איצט נישט אויף יעטוועדער אָרט:
ס׳וועט קומען, ס׳וועט מוזן די רויִקייט קומען!
דער זומער — ער גייט שוין דערווײַלע אַוועק.
עס בלאָזט שוין פֿאַר נאַכט אָפֿט אַ ווינטל אַ קילער,
עס ליגט נאָך דאָס לעצט ביסל היי אויפֿן וועג.
עס בליִען די אַסטרעס[1], די דופּטלאָזע בלומען,
מיט בונטע קאָלירן, וואָס רייצן פֿון ווײַט —
די לעצטע מתּנה פֿון שפּעטיקן זומער.
עס בעטן די עפּל פֿון בוים זיך... שוין צײַט!

[1] דעקאָראַטיווע, פֿילקאָליריקע בלומען, אָן ריח.

— 37 —

און וואַנדאַ מײַן שכנה... אין אונטערשטן גאָרן
איז עפּעס אַ טומל. איך הער אַ געשריי.
דער טאַטע, דער חסיד, איז פּלוצלינג געקומען —
ער פֿרעגט אויף זײַן טאָכטער און חלשט פֿון ווײ...
זיי זײַנען פֿאַרשוווּנדן, זײַן קינד מיטן פֿרעמדן,
אַזוי ווי צוויי פֿייגל, וואָס בײַטן די נעסט.
איר צימער איז ליידיק, דער גאָרטן איז ליידיק...
עס כאַפּט מיך אַ בענקשאַפֿט און שטיקט אַזוי פֿעסט.
געשווינד אויף די פֿעלדער, געשווינד צו דער שטילקייט —
דאָרט טויט איך מײַן בענקשאַפֿט און שמיד מײַן פֿאַרלאַנג,
צעשטערט האָט אַ דונער מײַן שלאָס אויף די וואָלקנס,
פֿאַרסמט האָט דער זומער מײַן לעבן אויף לאַנג...

— 38 —

פֿאַראַן דאָ אַן אוהל בײַם אַלטן בית־עולם,
אַ קליינע געבײַדע פֿון שטיינער און האָלץ.
דאָרט ברענט אַ נר־תּמיד שוין עטלעכע דורות,
עס ברענט אַזוי רויִק באַהאַלטן און שטאָלץ.
דאָרט ליגן באַגראָבן צוויי גרויסע צדיקים,
די קבֿרים מיט קוויטלעך פֿאַרשאָטן, פֿאַרדעקט.
די קוויטלעך דערציילן פֿון טויזנטער צרות,
און אַנדערע זײַנען פֿון טרערן פֿאַרמעקט.
דאָרט זיצט איצט דער חסיד, דעם קאָפּ אויפֿן קבֿר,
די אויגן פֿאַרוויינטע און הילפֿלאָז דער בליק...
ער בעט בײַ די טויטע, זיי זאָלן אים העלפֿן,
זײַן טאָכטער, די שיינע, זאָל קומען צוריק...

— 39 —

ער בעט בײַ די טויטע און איך בײַ דער שטילקייט.
מיר בלײַבן דאָך בײדע אָן טרייסט און אָן פֿרייד.
און יענער, דער פֿרעמדער, איז גליקלעך מיט וואַנדען!
גענוג שוין צו קלאָגן, דער הימל ווערט רויט...
עס קומט־אָן די שעה, ווען עס ווילט זיך מיר שווײַגן,
די שעה, ווען מײַן בליק איז צו מערבֿ געווענדט.
עס ווילט זיך מיר קנײַען פֿון שרעק און אַנטציקונג,
עס הייבן צום הימל אַליין זיך די הענט...
דאָך טונקעלער ווערן די וואָלקנס, דיביימער,
און עלנטער פֿיל איך זיך איצט אויף דער ערד.
אַ פֿלעדערמויז פֿליט איבער מיר יעדע ווײַלע.
וואָס וויל זי? מײַן גליק איז פֿון לאַנג שוין צעשטערט.

— 40 —

פֿאַרשלייערט אין וואָלקנס גייט־אויף די לבֿנה,
באַהאַלט זיך און קוקט באַלד אַרויס, ווי אַ לץ...
אָפֿט ווײַזן זיך שטערן, ווי פֿישעלעך קליינע,
וואָס זיפֿן זיך דורך אַזוי פֿלינק דורך דער נעץ...
אָ, וואָלקנס, פֿאַרשווינדט ווו, זאָל ריין זײַן דער הימל!
זאָל איצט יעדער שטערן באַווײַזן זײַן פּראַכט!
איך ענדיק מײַן דאַוונען! איך וויל מײַן פֿאַרצווייפֿלונג
פֿאַרוויגן געלאָסן אין שויס פֿון דער נאַכט...
איך וויל, אַז מײַן תּפֿילה זאָל עמעץ דערהערן
און עמעץ זאָל טרייסטן. איך שווײַג לאַנג און וואַרט.
עס האָבן מיך מענטשן גענאַרט, און חלומות...
צי דען האָט די שטילקייט מיך אויך אָפּגענאַרט?

— 41 —

אַ סוף שוין צום זומער. דער גאָרטן איז ליידיק.
די בלעטער — זיי ווערן שוין רויטלעך און געל.
אַרום איז אַ פּוסטקייט. נישטאָ קיין פֿאַרלאַנגען.
דעם שכנס קליין קעצעלע שפּרינגט אויף מײַן שוועל...
עס וויגט זיך, עס שפּילט זיך אַ שטראַל אויף מײַן פֿענצטער,
ווי עמעץ וואָלט שרײַבן מיט גאָלדענער טינט.
עס גלעט מיך די זון, ווי מיט וואַרעמע פֿינגער,
און שלעפֿערט מיך אײַן אַזוי לײַכט און געשווינד...
אין חלום, אין שלאָפֿן: איך שפּיר עפּעס ווען...
עס דריקט זיך, עס טוליעט זיך ווער צו מיר טרײַ...
עס רעדט מיר ווער טײַערע, צערטלעכע ווערטער...
ס'איז פֿרילינג, עס בליִען אַקאַציעס אין מײַ...

— 42 —

איך עפֿן די אויגן — איין וואַנט איז אין שאָטן,
די צווייטע באַגאָסן אין גאַנצן אין שײַן.
און וואַנדעס קליין בילדל איז אויכעט אין שטראַלן.
דאָך וואַנדאַ אַליין וועט שוין מער דאָ נישט זײַן...
דער האַרבסט איז דער אייביקער קבֿר פֿון זומער,
ווי שיין אָבער שטאַרבן די עלנטע טעג!
עס רייצט דער בערבעריס[1], ווי פּאַטשערקעס רויטע,
און קאַלינעס[2] רויטע באַפּוצן דעם וועג...
עס וואַרעמט די זון נאָך ווען אויס אַ פּאָר בלומען,
וואָס ווערן פֿאַרפֿרוירן, פֿאַרגליווערט בײַ נאַכט.
עס פֿליט נאָך אַ שמעטערלינג ווען אין פֿיל פֿאַרבן
און פֿאַלט אויף אַ צווײַגל אַראָפּ באַלד פֿאַרשמאַכט...

---

[1] קוסט מיט זויערע יאַגדעס. — [2] געוויקס.

— 43 —

און זילבערנע שפּינוועבס, ווײַס-זײַדענע פֿעדעם,
באַוועגן זיך לאַנגזאַם אין בלוילעכן רוים,
ווי מײַנע געדאַנקען, די רויִקע, מידע,
וואָס וויגן זיך אײַן אין דעם רויש פֿון אַ בוים.
און אויב עס דערוואַכט נאָך אין האַרצן מײַן חלום,
גלײַך פֿליט ער געשווינד ווי אַ פֿויגל אַרויס.
אין גאָרטן צעטראָגט זיך אַן ערדישער ריח —
דאָס גראָבט מען די לעצטע קאַרטאָפֿל אַרויס.
די נעכט זײַנען שוואַרצע מיט גלאַנציקע שטערן,
וואָס פֿאַלן כּסדר פֿון הימל אויף דר׳ערד,
אַזוי ווי זיי וואָלטן אונדז ראַטעווען װעלן
פֿון אײביקן חושך, וואָס אונדז איז באַשערט...

— 44 —

און אײן מאָל דערהער איך אַ שופֿר פֿון ווײַטן.
עס ציטערט אין פֿײַכטן פֿרימאָרגן די לופֿט.
איך שפּרינג אַ דערפֿרייטער אַראָפּ פֿון געלעגער:
עס קומט די דערלייזונג, מען רופֿט שוין, מען רופֿט...
וואָס נענטער צום שטעטל — אַלץ קלענער מײַן שׂמחה...
דער מאַרק איז, ווי שטענדיק, מיט הענדלערקעס פֿול.
עס שטאַרבט דאָ אין טומל דאָס שאַלן פֿון שופֿר.
איך שטיי בײַ דער אַלטער, געבויגענער שול...
שוין אלול... דאָך פֿרעמד איז מיר איצט זייער תּפֿילה,
איך וויל נישט אַרײַנגיין און קען נישט אַוועק —
די תּפֿילה פֿון די, וועלכע גיבן זיך אונטער,
זי ברענגט מיר בלויז טרויער און פּײַן אָן אַ צוועק...

— 45 —

אַך, גאָט! ווען ביי אונדז וואָלטן זיין ברייטע ימים,
דאַן וואָלט איך אין שטורעם מיין בענקשאַפֿט דערשטיקט:
אַליין אויף מיין שיפֿל, אַליין מיט דער פֿרייהייט...
כ׳וואָלט צום ענדלאָזן הימל מיין ברכה געשיקט...
ווען ביי אונדז וואָלטן זיין הויכע בערג, ווילדע פֿעלדזן,
וואָס שניידן די וואָלקנס אַדורך ווי אַ שפּיז,
געקלעטערט מיט מוט וואָלט איך דאַן צו דער הויכקייט,
געלעגן וואָלט דאַן מיר דער טאָל צו די פֿיס...
געציילטע בלויז וואַרפֿן דעם טאָל מיט זיין טומל
און קלעטערן שטאָלץ אויף די בערג צו דער זון,
געהערט האָב איך ווען פֿון דעם איינזאַמקייט־יום־טובֿ —
נישט אַלע פֿאַרשטייען און טרוימען דערפֿון...

— 46 —

ביי אונדז אָבער פֿאַליען דאָ זומפּיקע טייכן,
ביי וועלכע מיר וויינען זיך אויס יעדעס יאָר,
פֿון תּשליך צו תּשליך... פֿיל טייכן מיט טרערן
עס ווערן פֿאַרגאָסן ביים עלנטן דור...
די בערג זיינען קליינע ביי אונדז, און אַלץ פֿרעמדע...
מיר זיינען ווי קנעכט דאָ פֿאַרשלאָסן אין טאָל...
דאָך, קאַזמערזש!... אַלט־קאַזמערזש! דיך וועל איך געדענקען,
דו האָסט מיך געפֿרייט און געפּייניקט פֿיל מאָל...
עס שוועבן פֿאַר מיר דיינע אַלטע רויִנען,
די קאָזעס וואָס דראַפּען זיך שווער אויפֿן באַרג,
דער קלויסטער וואָס שטייט אויבן אָן אויף אַ בערגל,
די גרויסע פֿילקאַנטיקע הייזער אין מאַרק.

— 47 —

עס שוועבן פֿאַר מיר דײַנע הענדלערס — די ייִדן;
געבויגענע רוקנס, צעפּלאָנטערטע בערד,
די ייִדישע מאַמעס, וואָס וואַשן בײַם ווײַסל,
די פּנימער דאַר און שוואַרצגרוי ווי די ערד...
די באָרוועסע ייִנגלעך מיט כּשרע ציצית,
מיט אויגן פֿון מזרח... אַך! אויגן פֿול חן!
עס שוועבן פֿאַר מיר דײַנע כּלות די פֿרומע,
די חופּהס בײַם שול, בײַ אַ שטילן געוויין;
דער אַלטער פּזשעוואָזניק[1] — ער דאַוונט בײַם ווײַסל
און רעדט נישט מיט קיינעם, פֿון שטאָלץ, צי פֿון כּעס...
זײַן אויסזען דערמאָנט מיר דעם כּוהן הגדול,
זײַן עלטער איז שיין און זײַן פּנים איז בלאַס.

— 48 —

עס לויפֿן די פֿערדלעך גאַנץ פֿריילעך און לוסטיק,
דער וועג איז מיט שיינע לאַנדשאַפֿטן דאָ רײַך:
פֿון איין זײַט די בערגלעך, ווי טרעפּלעך צום הימל,
פֿון צווייטן — די פֿלאַכיקע פֿעלדער בײַם טײַך.
אַדיע, מײַן באַצויבערטע, אָרעמע שטעטל,
איך פֿאָר אין דער ענגער פֿאַררויכערטער שטאָט.
דאָרט לעבן פֿיל גרעסערע הענדלערס ווי דײַנע,
דאָרט האָט מען אין גאַנצן פֿאַרגעסן אין גאָט...
דאָרט פֿיל איך זיך פֿרעמדער ווי דאָ אין דער שטילקייט.
עס זעגנט מיט מיר זיך אויף לאַנג די נאַטור.
מײַן פֿורמאַן זעט־אויס מיט זײַן באָרד ווי אַ למדן
און שלאָפֿט ווי אַ פּויער און כראָפּעט אין פֿור.

[1] אַריבערפֿירער, טראַנספּאָרטירער.

— 49 —

עס גיט זיך מיר איבער זײַן שלאָפֿן... איך דרעמל.
איך וויג זיך אַליין שוין אין וואָגן און טרוים:
עס גייט עפּעס ווער אויפֿן וועג מיר אַנטקעגן,
עס נעמט־אָן אַ מיידל די פֿערד פֿאַרן צוים...
געזען האָב איך ערגעץ די גרויבלויע אויגן,
די גאָלדענע האָר, וואָס צעפֿאַלן אויף איר...
איר שמייכל האָט פֿיל מאָל מײַן טרויער פֿאַרטריבן...
אָט שטעקט זי שוין ווידער די אָרעמס צו מיר...
נאָר פּלוצלינג פֿאַרשווינדט אַלץ — די פֿור גיט אַ טרייסל,
איך עפֿן די אויגן און ציטער פֿון שרעק.
דער פֿורמאַן איז אויכעט שוין אויף און מיר זעען —
אַ צלם אַ גרויסער פֿאַרצוימט אונדז דעם וועג...

— 50 —

ער שלאָפֿט שוין נישט מערער דער פֿורמאַן, דער אַלטער,
ער לאָזט שוין די פֿערד נישט אַראָפּ פֿון שאָסיי.
דער וועג איז פֿאַררינגלט מיט אוראַלטע ביימער,
מיט הונדערטער נעסטן פֿון קראָען אויף זיי...
עס קראַקען די קראָען, עס קומט־אָן דער אָוונט,
אַ האַלבע לבֿנה באַווײַזט זיך אין רוים...
אַ באָרוועסער ייִד מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע
שפּרײַזט לאַנגזאַם און חלומט פֿון רו אין זײַן היים.
און מיך זאָל באַגלייטן דער רויִקער שטערן,
דער שטערן וואָס ווײַזט זיך דער ערשטער פֿאַר נאַכט.
איך הער שוין דאָס פֿײַפֿן פֿון צוג, פֿון דער ווײַטן —
ווו רופֿט מיך דער טומל? ווו פֿירט מיך די נאַכט?

# רייזעלע דעם שוחטס

— 1 —

שיין איז רייזעלע דעם שוחטס,
האָט אַ יונג האַרץ אָן זאָרגן,
זינגט און פֿרייט זיך מיטן לעבן,
ווי אַ שוואַלב מיט דעם פֿרימאָרגן.
עס באַקרוינען איר די לאָקן,
פֿול מיט חן זײַנען די אויגן,
און אַ שטאָלצע איז זי שטענדיק,
וויל פֿאַר קיינעם זיך נישט בייגן.
שיין איז רייזעלע דעם שוחטס
עס באַוווּנדערן זי אַלע —
נישט איין מאַמע וועט זיך ווינטשן,
זי זאָל זײַן איר זונס אַ כלה...

שיין איז ריי-זע-לע דעם שו-חטס זי האָט אַ
יונ-גע האַרץ אָן זאָר-גן זי טאַנצט און פֿרייט זיך מי-טן
לע-בן ווי אַ שוואַלב מיט דעם פֿרי - מאָר - גן

נאָר דער שוחט איז אַ פֿרומער
און דערצו אַ גרויסער כּעסן,
ווען זײַן טאָכטער קעמט די לאָקן,
הייבט ער אָן די ליפּן בײַסן.
עס פֿאַרדריסן אים די לידער,
וואָס זי זינגט בעתן קעמען,
עס פֿאַרדריסט אים איר געלעכטער...
און ער קריגט זיך מיט דער מאַמען,
ווײַל די מאַמע האַלט מיט רייזלען:
— דו צעלאָזסט זי עס אין גאַנצן!...
רייזל אָבער ווייסט קיין זאָרג נישט:
זי וויל זינגען, זי וויל טאַנצן.
איז דער שוחט פֿול מיט מורא,
ווען זײַן טאָכטער גייט שפּאַצירן:
ער איז זיכער, אַז דער שׂטן
וועט זי סוף־כּל־סוף פֿאַרפֿירן...

— 2 —

יעדעס בלימל האָט זײַן פֿרילינג!...
רייזל וואַקסט דערווײַל מער אונטער.
ס'גיסן רעגנס, ס'בלאָזן ווינטן —
זי איז שטענדיק פֿרײַ און מונטער.
אָפֿט מאָל קומט זי צו דער מאַמען
און פֿאַרטרויט אַ סוד אַ זיסן,
און די מאַמע בעט מיט פּחד:
— זאָל דער טאַטע כאָטש נישט וויסן!
און דער טאַטע ווייסט נאָך גאָר נישט.
נאָר אין קאַזמערזש וויסן אַלע:
רייזל גייט־אַרום מיט מאָטלען
און זי הייסט שוין „מאָטלס כּלה".

— 3 —

מאָטל איז אַ ווילער בחור
און אַ שטיפער נישט קיין קליינער:
אַז ער שווימט ווען אויף דעם ווײַסל,
איבעריאָגן קען אים קיינער.
זומער דינגט ער מיט זײַן טאַטן
בײַ דעם פּריץ גרויסע סעדער,
ווינטער לעבט ער פֿון מזומן
און מקנא איז אים יעדער...
רייזל קומט צו אים אין גאָרטן,
ווו זי העלפֿט אים זײַן אַ שומר:
וויפֿל קושן זי באַקומט דאָן,
ווייסן בלויז די שטומע ביימער...

— 4 —

און דער שוחט איז פֿאַרנומען —
רייזל ליגט אים שטאַרק אין זינען —
זוכט ער אַלץ פֿאַר איר אַ חתן,
און ער האַלט שוין בײַם געפֿינען.
און דער שוחט איז צופֿרידן,
תקיעת־כּף האָט ער געשלאָסן,
רופֿט ער רייזלען און דערציילט איר,
אַז ער האָט פֿאַר איר אַ חתן...
רייזל שווײַגט... איר האַרץ האָט דעמאָלט
זיך צום ערשטן מאָל דערשראָקן,
נאָר זי האָט עס באַלד פֿאַרגעסן,
און זי קעמט אויף ס׳נײַ די לאָקן...
פֿרום און ערלעך איז דער חתן,
און אַ רבֿ איז דער מחותּן,

נאָר עס העלפֿן נישט קיין טענות —
נישט מיט בייזן, נישט מיט גוטן...
יעדן טאָג די זעלבע פּײַנען,
יעדן טאָג די זעלבע ווערטער...
רייזל רופֿט־אָן מאָטלס נאָמען —
ער וועט בלײַבן איר באַשערטער...
נאָר דער שוחט איז אַ פֿרומער
און דערצו אַ גרויסער כּעסן;
ווען זײַן טאָכטער רעדט פֿון מאָטלען,
הייבט ער אָן די ליפּן בײַסן.

— 5 —

מאָטל לעבט דערווײַל אין גאָרטן,
גייט־אַרום דאָרט ווי אַ שטומער;
עפּעס שרעקן אים די ווינטן
אין די לעצטע טעג פֿון זומער.
נאָר ווען פּלוצלינג קומט־אָן רייזל,
ווערט ער פֿריילעכער און פֿרײַער —
וואָס זיי לײַדן מערער בײדע,
ליבן זיי זיך אַלץ געטרײַער...
זי דערציילט אים פֿון די צרות,
וואָס זי האָט אין שטוב בײַם טאַטן,
זי דערציילט אים פֿון די שכנות,
וועלכע הייסן איר און ראַטן:
זי זאָל מאָטלען שוין פֿאַרגעסן,
זי זאָל מאָטלען מער נישט ליבן...
נאָר זי וועט זיי שטענדיק טרײַבן,
ווי זי האָט זיי הײַנט פֿאַרטריבן.

— 6 —

אין אַן אלול־נאַכט, אַ ווײַסער,
איז זי שפּעט אַהיים געלאָפֿן —
זאָל דער טאַטע נישט דערהערן,
ווען זי וועט זיך לייגן שלאָפֿן.
זאָל דער טאַטע נישט דערהערן:
דאָפּלט גרויס איז הײַנט זײַן צאָרן —
אין די סליחות־טעג די לעצטע
איז ער בייז אַזוי געוואָרן...
שאַ! די טיר איז שוין געעפֿנט,
איצטער קען זי זיך שוין לייגן;
שעפּטשעט קריאת־שמע און אין שעפּטשען
שוועבט איר מאָטל פֿאַר די אויגן...

— 7 —

נישט געשלאָפֿן איז דער שוחט,
ווען זי האָט די טיר פֿאַרשלאָסן,
נאָר געטראַכט האָט ער, געטראַכט אַלץ
פֿון דעם אָפּגעזאָגטן חתן,
פֿון דעם יחסנדיקן חתן,
וואָס די חצופֿה האָט פֿאַרטריבן...
צוליב וועמען? צוליב מאָטלען...
אַזאַ פּראָסטן יונג צו ליבן!...
וויפֿל טרויער און בזיונות
דאָס פֿאַרשאַפֿט שוין זײַן נשמה!...
און דער שוחט קען נישט שלאָפֿן,
און דער שוחט דאַרשט נקמה...
— זי וועט ווערן מאָטלס כּלה,
ווען איך וועל שוין מער נישט לעבן!

דאָך דערוויַיל נאָך בין איך טאַטע,
און זי מוז זיך אונטערגעבן...
ווי אַ פּאָרזיכטיקער גנבֿ
איז דער שוחט צוגעגאַנגען
צו איר בעטל, ווו די לאָקן
זיַינען פֿריַי אַראָפּגעהאַנגען.

— 8 —

די לבֿנה האָט באַלויכטן
יעדעס ווינקעלע אין צימער,
עפּנט רייזל אויף די אויגן
און באַמערקט עפּעס אַ שימער — —
— — — — — — — — — —
אַ געשריי האָט זי געגעבן
און איז ווידער שטיל געוואָרן.
אירע לאַנגע, שיינע לאָקן
האָט דער טאַטע אָפּגעשוירן...

— 9 —

וואָס געטראַכט די נאַכט האָט רייזל,
איז פֿאַר אַלעמען פֿאַרבאָרגן,
נאָר דאָס שטעטל האָט געטומלט
און געטרויערט פֿון פֿרימאָרגן:
— ווו איז רייזל?... אויף איר בעטל
ליגן בלויז די שיינע לאָקן...
— ווו איז רייזל?.... איר פֿאַרשווינדן
האָט איצט אַלעמען דערשראָקן...
ביַי דעם וויַיסל האָבן פֿישערס
זי באַגעגנט גאָר באַגינען;

נאָר מען זוכט זי און מען רופֿט זי
און מען קען זי נישט געפֿינען.

— 10 —

רויק גיסן זיך די וועלן
פֿון דעם ווײַסל, פֿון דעם קאַלטן,
און זיי ווילן נישט דערציילן,
ווו האָט רייזל זיך באַהאַלטן.
רייזל וווּנדערט זיך אין וואַסער,
וואָס דער עולם איז דערשראָקן —
זי וועט קומען... אָבער פֿריִער
מוזן אָפּוואַקסן די לאָקן...

— 11 —

אין די בלייכלעכע פּאַרטאָגן,
ווען דער ברעג איז שטום פֿאַרלאָזן,
שווימט־צו רייזל צו די זומפּן
און זי רײַסט־אָן לאַנגע גראָזן;
פֿון די גראָזן פֿלעכט זי ווענטלעך,
און אַ פּאַלאַץ וועט זי מאַכן —
וועט ער שענער זײַן פֿון פּריצס,
ווו מען הערט אַלץ זינגען, לאַכן...
זי וועט אָנקלײַבן אין וואַסער
שיינע מושלעס, קליינע שטיינדלעך,
און אין צייכנס וועט זי שפּילן,
ווי אין שטוב אַמאָל מיט ביינדלעך...

— 12 —

פֿיל געשווינדער ווי די כוואַליעס
לויפֿן טעג אַוועק און וואָכן —
שוין אַ סוף צום ווײַסן ווינטער,

ס׳האָט דאָס איִז זיך שוין געבראָכן.
פייגלעך בויען נייע נעסטן,
וואַלד און פעלד איז ווידער אָפן.
רייזל חלומט שיינע טרוימען
און פאַרברענגט די טעג אין שלאָפן.
דאָך ביי נאַכט, ווען יעדעס בערגל,
ווערט מיט לבנה־זייד באַצויגן,
שווימט זי דאַן אַרויס פון וואַסער
און זי עפנט־אויף די אויגן...
און זי ווערט אַזוי פאַרוווּנדערט,
וואָס די וועלט איז אַזאַ שטילע:
עס באַוועגט זיך נישט קיין פאַליע
און קיין גרעזעלע אַפילו;
פון די הימלען פליִען שטערן,
ווי שליחים אומבאַוווּסטע,
שטעלט־אַן רייזל ביידע הויפנס,
נאָר די הויפנס בלייבן פוסטע...

— 13 —

און דאָרט ווייטער, וויַט פון קאַזמערזש,
הייבט אין מזרח אָן צו טאָגן;
רייזל זעט די ערשטע שטראַלן
און זי ווערט דאַן שטאַרק פאַרטראָגן.
צי עס וואַקסן שוין די לאָקן,
נעמט זי טאַפּן מיט די פינגער,
און איר דאַכט זיך, אַז זיי וואַקסן,
ווערט איר דעמאָלט פיל גרינגער...
זי וועט וואַרטן... זי וועט שוויַגן —
זי וועט איַינשטילן דאָס בענקען;
זאָל די מאַמע נאָר געזונט זיַין,
זאָל זי מאָטל נאָר געדענקען...

# מירקעס ליבע

— 1 —

שוואַרצע אויגן האָבן פֿײַער —
דײַנע זײַנען שוואַרץ,
האָסט געוואָרפֿן הייסע פֿונקען
אין מײַן מיידלש האַרץ.
רופֿסט מיך יהודית, רופֿסט שולמית,
זוכסט מיך אומעטום —
איך האָב ליב אַ דרייסטן בחור,
ביסטו דרייסט, דאַן קום!
נאָר דעם דרייסטן וועל איך רייצן
שפּילן מיט זײַן גליק;
כ׳וועל דיך פּײַניקן מיט ליבע,
זײַ אַ העלד — באַזיג!
דײַנע בלומען און מתנות
האָב איך הײַנט צעטיילט,
דײַנע ווילדע שטיפֿערײַען
אַלעמען דערציילט.
איצטער וועלן אַלע מיידלעך
אָפּלאַכן פֿון דיר,
איצטער וועסטו לאַנגע שעהען
וואַרטן בײַ מײַן טיר...
נאָר דו זעסט נישט; דורכן פֿענצטער
לויפֿט דיר נאָך מײַן בליק;
ביסט מיר ליב נאָך, ביסט מיר טײַער,
כאַטש איך קוועל פֿון זיג.
ביסט אַוועק... נאָר נישט געפֿונען
האָב איך מער מײַן רו;
ס׳קומען אַנדערע, נאָר קיינער
ליבט מיך נישט ווי דו.
קען דאָס זײַן דען, אַז מײַן חלום
האָט מיך אָפּגענאַרט?
קען דאָס זײַן, דו זאָלסט נישט קומען?
וויפֿל טעג איך וואַרט...
מיט די פֿאַרבן פֿון מײַן אומעט
מאָל איך אויס דײַן בילד,
נאָר די אויגן, דײַנע אויגן
ברענען אַזוי ווילד...
וועסט נאָך קומען, וועסט נאָך פֿילן,
ווי עס בענקט מײַן האַרץ;
שוואַרצע אויגן האָבן פֿײַער —
דײַנע זײַנען שוואַרץ...
כ׳האָב געוואָלט מיט דיר זיך רייצן,
נאָר איך בלײַב דיר טרײַ;
כ׳האָב פֿאַר ליבע דיך פֿאַרטריבן,
נאָר איך רוף אויף ס׳נײַ:
שוואַרצער בחור, שוואַרצער חתן,

קום־צוריק צו מיר,
מײַנע שיינע יום־טובֿ־קליידער
טראָג איך צוליב דיר.
מײַן געלעגער איז אַ ווײַסער
און מײַן בליק פֿאַרנאַרט,
כ׳האָב אַ ווײַן, וואָס מאַכט
באַלד שיכּור,
קום... איך וואַרט, איך
וואַרט...
מיך געבוירן האָט אַ מאַמע,
וואָס איז שטיל און פֿרום,
וועל איך זינגען פֿאַר אונדז
ביידע...
קום שוין, חתן, קום!...
אַך! די מאַמע ברענגט מיר
פּערל,
קלײַבט פֿאַר מיר נדן...
פּערל שוואַרץ, ווי דײַנע אויגן,
זײַנען נישט פֿאַראַן!

— 2 —

כ׳האָב געזוכט דיך און
געליטן —
איצטער ביסטו דאָ;
זאָל די שעה פֿון דער
באַגעג׳ניש
זײַן די בעסטע שעה.
ס׳איז אַוועק אַ נאַכט אין פֿײַער,
איצט בין איך אַליין;
כ׳האָב פֿאַר טאָג די טיר געעפֿנט
און געלאָזט דיך גיין.
ביסט בײַ נאַכט צו מיר
געקומען,
ווי אַ שטורעמווינט,
און אַוועק ביסטו באַגינען
נאָר ווי אַ שטיל קינד...
כ׳האָב נאָך לאַנג געפֿילט דײַן
אָטעם,
לאַנג פֿון דיר געטראַכט,
ס׳האָט אַ ייִדישער ציגײַנער
הײַנט בײַ מיר פֿאַרבראַכט.
וואַנדער ווײַטער שטאָלץ און
מונטער,
יונג ביסטו און שיין...
אויב דו ליבסט אָבער ווי
מירקע,
קום דאָ אָפּט צו גיין.
קום צו מירקען, ברענג איר
פֿײַער,
נעם־צו איר טרײַ האַרץ...
שוואַרצע אויגן ברענען,
גלײַען —
דײַנע זײַנען שוואַרץ...

# ייִד, וווהין?

בעסער טויט,
איידער טראָגן די חרפּה אין האַרצן!

1915

# די וואַנט

## דראַמאַטישער עטיוד

### פּערזאָנען

דן — ייִד פֿון געטאָ
יהודית — זײַן כּלה
לאה — זײַן מוטער
אסתּר — זײַן שוועסטער
בנימין — זײַן ברודער
פֿירשט
נתן
ערשטער ייִד
צווייטער ייִד
פֿרויען־קול
אַ קול
שומר פֿון געטאָ

## דאָס 1טע בילד

**שומר פון געטאָ** — יִיד, וווהין? דער זייגער קלאַפּט שוין אַכט,
אוּן דיר איז בלויז ביז נאַכט
דערלויבט צו זײַן אין שטאָט.
**ד ן** — כ׳האָב פֿאַרגעסן דעם פֿאַרבאָט,
כ׳בין געגאַנגען שטום־פֿאַרטרוימט
און נישט געטראַכט,
דער וועג זאָל זײַן פֿאַרצוימט.
**שומר** — *מיט שפּאַס.* וואָס טוט דיר באַנג?
וואָס האָסטו דאָרט אין שטאָט פֿאַרזוימט?
**ד ן** — *צו זיך.* מײַן יוגנט ווערט דאָ גיך פֿאַרסמט,
די וואַנט — זי מאַכט מיך קראַנק...
**שומר** — צי ווילסטו קויפֿן וואָס, פֿאַרקויפֿן?
דײַן מסחר וועט ביז מאָרגן נישט אַנטלויפֿן.
און אפשר... זאָג מיר אויס דעם סוד,
אפשר האָסטו דאָרט אין שטאָט
אַ כלה, אַ פּרינצעסין...
און קענסט זי נישט פֿאַרגעסן.
דאַן נעם אַ האַרפֿע, יִיד,
און שפּיל אַ ליבעליד...
אַך, יענע וועט פֿון ווײַטן דיך דערהערן...
און איך... איך וועל דיר גאָר נישט שטערן. *לאַכט.*
**ד ן** — *אַוועקגייענדיק.* ער שפּאַסט און איז פֿאַר זיך גערעכט:
די קראַפֿט — זי גיט אים רעכט...
נאָר דו, מײַן יונג האַרץ, זײַ שטאַרק,
זײַ רויִק ווידער!...

אָט קומען זיי פֿון מאַרק,
די הענדלערס — מײַנע ברידער,
פֿאַרקלעמט, פֿאַרזאָרגט,
מיט פּעקלעך אַלטוואַרג אויף די הענט:
דער האָט פֿאַרבאָרגט
און יענער באָרגט,
און אַלע חשבונען פֿראַצעװנט...
אָט אײַלן זיי אַהיים, אַהיים,
ווי אַ טשערעדע געטריבן...
וואָס איז פֿאַר זיי פֿון טאָג
פֿון ליכטיקן געבליבן,
און וואָס זאָגט זיי צו די נאַכט,
דער שוואַרצער תּהום?

**ערשטער ייִד** — דן, וואָס טוסטו דאָ
אין דער תּפֿילה־שעה?

**צווייטער ייִד** — ביסט פֿרײַ פֿון פֿרי ביז נאַכט
און דאַוונסט ווייניקער פֿאַר אונדז,
פֿון זאָרג געבויגענע...

**ד ן** — איך האָב זאָרגן אייגענע.

**ערשטער ייִד** — דן, זינדיק נישט! דײַן היים איז רײַך,
דײַן טאַטנס הויז איז אומעטום באַוווּסט
און אומעטום געשעצט... ווי פּוסט
די ווערטער דײַנע זײַנען
און ווי אומגערעכט...

**ד ן** — אַ רײַכער קנעכט איז אויך אַ קנעכט!

**צווייטער ייִד** — וואָס הערן מיר די פּוסטע רייד!
קומט מעריבֿ דאַוונען, ייִדן! צו דנען,
און דו — קום אויך און זײַ צופֿרידן,
וואָס דיר איז פֿרעמד די נויט...
קומט תּפֿילה טאָן, די צײַט פֿאַרגייט...

דן — מײַן תּפֿילה לעבט אין מיר. איך טראָג עס מיט.
עס ברענט מײַן תּפֿילה מיך און גליט
בײַ יעדן קרעכץ פֿון אײַער ברוסט,
בײַ יעדער גזירה, וואָס איר מוזט
פֿאַרטראָגן אין דעם לאַנד,
בײַ יעדער נײַער שאַנד,
וואָס פֿאַלט אויף אונדזער פֿאָלק.
נאָר ווײַט זײַנען די הימלען, ווײַט:
עס קומט קיין הילף פֿון אויבן...
און אפֿשר נענטערט זיך די צײַט,
ווען מיר דאַרפֿן שטאַרקער גלייבן
און קנאַפּער תּפֿילה טאָן...

ערשטער ייִד — וואָס רעדסטו, דן?

דן — דער נס איז גרויס, דאָס פֿאָלק — עס גייט נישט אונטער,
נאָר ווו איז אײַער פֿרייד? און ווער פֿון אײַך איז מונטער?
דער נס איז גרויס און ציט זיך אָן אַ סוף.
מיר ראַנגלען זיך בײַם תּליון אין די הענט
און בלײַבן גאַנץ אין... שקלאַפֿערײַ.
און שווער ווערט אונדז דער נס, ווי בלײַ...

צווייטער ייִד — אין בית־המדרש קום!

דן — אַך, גאָט איז שטום, צו דורות אַזוי פֿיל,
גאָט וויל מער נישט,
איר זאָלט אויף אים זיך אַלץ פֿאַרלאָזן.

ערשטער ייִד — אַוועקגייענדיק. ביסט זינדיק און צעלאָזן.

צווייטער ייִד — אַוועקגייענדיק. ביסט אַ שאַנד פֿאַר אונדז
און פֿאַר דײַן נאָמען.

דן — און פֿאַר מײַן טאַטנס נאָמען...
מײַן טאַטע איז קלוג און רײַכער
פֿאַר דער גאַנצער עדה

און דאָך — איך בין זיך מודה:
פֿאַר יעדן פֿירשטל בייגט ער איַין דעם רוקן,
און יעדעס מאָל, וואָס מיַינע אויגן
זעען־צו זיַין קנעכטיש בוקן,
פֿאַרשילט איך דעמאָלט מיַין געבוירן...
איך פֿיל זיך דאַן
נאָך מער פֿאַר איַיך געבויגן.

**יהודית** — קומט לאַנגזאַם אָן. ווּעמענס שאָטן שפּריַיזט דאָרט פֿון דער וויַיטן?
באַקאַנטע טריט...

**ד ן** — וועמענס שטימע רופֿט מיך פֿון דער וויַיטן
ווי אַ ליד?

**יהודית** — נענטער. דו, מיַין חתן און מיַין פֿריַינד!

**ד ן** — ווי קומסטו, יהודית, היַינט?
ווי קומסטו, יהודית, אַזוי שפּעט
אַהער? דערצייל מיר, רייד!

**יהודית** — די מאַמע שלאָפֿט, דער טאַטע זיצט ביַי דער גמרא,
און אין די פֿענצטער קוקט־אַריַין די נאַכט די קלאָרע...
די מאַמע שלאָפֿט און יהודית קען נישט שלאָפֿן? —
זאָל גאָט אין הימל מיך דערפֿאַר ניט שטראָפֿן.
עס זיפֿצט מיַין האַרץ צוזאַמען מיט דער נאַכט.
איך האָב געטראַכט:
איך מוז דיך זען —
און ס'איז געשען...
איך האָב געבענקט, ווי טויזנט כּלות...
נעם־אַרום דיַין טריַיע כּלה,
דן, מיַין חבֿר און מיַין חתן.

**ד ן** — און דו האָסט זיך באַשלאָסן,
מיך ביַי נאַכט צו זוכן?
מען וועט דערפֿאַר דיך פֿלוכן.

**יהודית** — אַך, זאָל דיך נישט פֿאַרדריסן!
קיינער וועט נישט וויסן,
קיינער זעט נישט אונדזערע געשטאַלטן...

**דן** — ווו זאָל איך זיך באַהאַלטן
מיט מײַן גליק?
נישטאָ קיין וואַלד אין אונדזער היים,
קיין לאָנקע נישט, קיין בוים,
נישטאָ קיין טײַך, וואָס טראָגט־אַוועק
אַ שיפֿעלע געלאַסן...
נאָר שטומע הײַזער און קרומע גאַסן,
מיט אַ גרויסער וואַנט אַרום,
מיט קנעכט, וואָס לײַדן שטום
און ציטערן פֿון שרעק...

**יהודית** — פֿאַרגעס אויף הײַנט דעם שווערן וועג,
די בייזע בילדער.

**דן** — דײַן בליק, דײַן נאָנטקייט מאַכט מיך מילדער,
דו ביסט גערעכט,
יהודית, אין אַזעלכע נעכט
דאַרף קעניגן דאָס האַרץ!

**יהודית** — און הער זיך אײַן:
פֿאַר צווי געליבטע וועט נאָך זײַן
אַ ווינקעלע... עס וועט נאָך זײַן:
נישט אומעטום באַוואַכט די נאַכט אַ שומר,
פֿאַראַן אויף יענער זײַט אַ טײַך און בוימער...
קום גנבֿענען פֿאַרוועטע לופֿט
און בלומענדופֿט
און שיינע טרוימען.

**דן** — נישטאָ קיין צוימען
אין אַזעלכע נעכט,
דו ביסט גערעכט!

**בנימין** — קומט־אָן. ווו קען ער זײַן, מײַן ברודער, דן?
**אסתר** — קומט־אָן. ווו וואַנדערט ער, מײַן ברודער, דן?
**בנימין** — ווען ער וואָלט וויסן אונדזער בשׂורה,
דאַן וואָלט ער אונדז אַ גאַנצע נאַכט
געזוכט...
**אסתר** — ווי עלנט, שטום, דאָ איז בײַ נאַכט,
ווי אומעטיק די הענער קרייען...
**בנימין** — דן וועט זיך פֿרייען,
דן וועט זיך פֿרייען...
שאַ... עמעץ גייט...
**אסתר** — יאָ, עמעץ גייט...
**דן** — קומט מיט יהודיתן. דאָרט הער איך טריט און ווערטער.
**יהודית** — קושט דנען. זײַ געזונט, באַשערטער. פֿאַרשווינדט.
**דן** — שרײַט־נאָך. זײַ געזונט, געטרײַע! צו בנימינען.
וואָס טוסטו דאָ? צו אסתּרן.
און דו אין אַזאַ שפּעטער שעה...
**אסתר** — מיר זײַנען פֿרײַע.
**דן** — וואָס איז געשען? דערקלערט גענויער!
**בנימין** — נישטאָ, מײַן ברודער, מער קיין טרויער,
נישט קיין וואַנט פֿאַר מיר, פֿאַר דיר...
מיר פֿאַרברענגען דאָ אין ענגן מויער
די לעצטע נאַכט, דאָס לעצט׳ שפּאַציר...
דו האָסט פֿיל מאָל געבענקט אַזוי,
געוואָלט אַהין אין שטאָט... נו, גיי!
בײַ טאָג, בײַ נאַכט אין יעדער צײַט,
און ווו דו ווילסט, און ווען דו ווילסט...
**דן** — איך ווייס נאָך אַלץ נישט דעם באַטײַט
פֿון אייער פֿרייד... אָ, זאָגט שוין אויס!
**אסתר** — דער פֿירשט האָט דערלויבט

אונדזער גאַנצן הויז,
צו לעבן אויף דער פּריצים־גאַס.

**דן** — שוועסטער, זאָגסט עס אין קיין שפּאַס?

**בנימין** — ניין, ברודער! נישט קיין שפּאַס
און נישט קיין טרוים —
מיר האָבן מער שוין נישט קיין צוים...

**דן** — אין אָוונטצײַט, ווען ערד און הימל
ווערן טונקעלער אין דרימל,
ווען דער קאָפּ ווערט מיד צו טראַכטן,
און עס ווילט זיך דאָן געניסן
פֿון דער לעבנספֿרייד און פּראַכטן...
וועט דער שומר נישט פֿאַרשליסן
מער פֿאַר מיר דאָס טויער?
אַך, אָוונטצײַט, ווען לידער שוועבן,
ווען פֿאַרליבטע הערצער שטרעבן,
וועט מײַן אויער
שפּאָט פֿון שומר מער נישט הערן?

**בנימין** — ניין, ברודער!
קיינער טאָר אונדז מער ניט שטערן...
איך וועל קענען פֿרײַ שטודירן;
יאָ, איך וועל שוין איצט שטודירן...

**אסתר** — און איך וועל טאַנצן און שפּאַצירן,
כ׳וועל זיך אויסלערנען מוזיק...
יאָ, דאָס לעבן האָט פֿיל גליק,
יאָ, עס קומען נײַע צײַטן.
אונדזער פֿאָטער וועט אונדז קויפֿן
פֿערד צום פֿאָרן און צום רײַטן
און אַ סאָד מיט אַלטע בוימער?
אונדזער סאָד און אונדזער שומר.
אָבער, דן, דו שווײַגסט שוין ווידער!

און די ליפּן דײַנע קרומען זיך
פֿון ווײ...

**דן** — שיינע טרוימען, שיינע לידער...
אָבער, וואָס וועט זײַן מיט זיי?

**בנימין, אסתּר** — מיט וועמען, דן, מיט וועמען?

**דן** — אַך, פֿאַרגעסן האָט אירביידע:
וואָס וועט זײַן מיט אונדזער עדה?
מיט די אַלטע, שוואַכע ברידער,
וועלכע לעבן דאָ פֿאַרשפּאַרט?

**אסתּר** — אומזיסטע זאָרג, אומזיסטע קלעמען,
אונדזער פֿאָטער וועט זיי העלפֿן,
ער וועט בעטן בײַ דעם פֿירשט,
קיינער זאָל זיי נישט פֿאַרשעמען.

**בנימין** — און זיי וועלן זיך דערוואַרטן
צײַטן בעסערע,
אַזוי ווי מיר האָבן זיך דערוואַרט...

**דן** — איר זײַט נאָך יונג, איר זײַט פֿאַרנאַרט!
זיי קומען דאַן צו אונדז, די פֿירשטן,
ווען זיי דאַרפֿן אונדזער געלט
און ווען אַ פֿרוי פֿון אונדז געפֿעלט.
מיר זײַנען רײַך, דאָס פֿאָלק איז אָרעם —
אַ שטומע שול און שטומע קבֿרים...
וואָס מער פֿאַרמאָגן זיי, די שקלאַפֿן?
מיר זײַנען רײַך, מיר וועלן שאַפֿן
אַ נײַע היים... נאָר פֿרי צי שפּעטער,
אויף דער פֿרעמדער פּריצים־גאָס
וואַרט אונדז נײַע שאַנד און האָס...
מיר זײַנען רײַך, געשעצט, געליבט,
און מיר אַנטלויפֿן ווי פֿאַררעטערס...

נאָר גלייבט!
כּל־זמן די וואַנט וועט בלײַבן גאַנץ,
טראָגט יעדער ייִד דעם דערנערקראַנץ!
מײַן פֿאָטער האָט דעם פֿירשט באַצאָלט
פֿאַר אונדזער גליק. נאָר הערט מיך אויס:
איך וויל קיין פֿרײַהייט נישט פֿאַר גאָלד —
איך וועל פֿון דאַנען נישט אַרויס...

**בנימין —** וואָס הייסט?

**ד ן —** איך בלײַב מיט די,
וואָס לעבן דאָ אָן טרייסט.

**אסתר —** דו בלײַבסט מיט זיי?
דו ווילסט מיט אונדז זיך שיידן?

**ד ן —** שוועסטער, גלייב! דאָס טאָפּלט מײַנע לײדן,
און דאָך אַזוי איז עס באַשערט.

**אסתר —** דו האָסט די שׂמחה אונדז צעשטערט.

**בנימין —** דו בלײַבסט, מײַן ברודער, איצט אַליין,
דאָ וועט דיך קיינער נישט פֿאַרשטיין...

**ד ן —** איך ווייס, איך ווייס. דאָ לײַדט מען שטום.
דאָ וואַלגערט זיך אַ פֿאָלק אין שטויב.
און דאָך איך גלייב אין זיי, איך גלייב.

## דאָס 2טע בילד

**ד ן —** ווי שטום דאָ איז! ווי שטיל אין די חדרים.
ווי שמאָל די פֿענצטער זײַנען...
און איך בעט גאָט די זון זאָל שײַנען
אין יעדן ווינקל פֿון מײַן היים.
ווי ענג דאָ איז! אַזוי פֿיל ספֿרים,
אַזוי פֿיל שענק מיט אַלטע ספֿרים.
און אַלץ איז דאָ פֿאַרשטויבט און אַלט,
עס טרייסלען זיך די ווענט, די טיר

און דער קאַמאַד צעפּאַלט.
דאָ שימלט אַלץ, גייט צום פענצטער.
נו, עפן זיך, שמאָל פענצטערל,
און ברענג־אַרײַן אַ ביסל לופט,
און טראָג־אַוועק מײַן אומרו ווײַט.
ס'איז פרילינג איצט... אַך, פרילינגצײַט.
דו ביסט אַ שטראָף פאַר דעם, וואָס לײַדט
און לעבט פאַרשקלאַפט.
דײַן צויבערקראַפט
מאַכט לײַדן מער. צו די שטיפערס אויף דער גאַס.
איר, קינדערלעך, איר שטיפט נאָך ווען.
איר האָט אַ שמעטערלינג דערזען
און איר יאָגט אים נאָך.
נו, לויפט געשווינד און פלינק!
ווײַל קוים דערגרייכט דער שמעטערלינג צום צוים,
דאַן זעגנט זיך מיט אײַער טרוים...

נתן — קומט־אַרײַן. גוט מאָרגן, גוטער דן!

ד ן — גוט מאָרגן, נתן! גיב דײַן האַנט
און זאָג, וואָס ברענגט דיך דאָ אַצינד,
פון שטאָט, פון רויש, פון זון און ליכט,
אין שאָטן פון דער וואַנט?

נתן — גוטער דן, דו ווײסט געוויס מיך שטראָפן.
איך בין פון זיי אַנטלאָפן.

ד ן — דו האָסט מײַן טאָטן טרײַ געדינט;
פון מײַן טאַטנס הויז ביסטו אַוועק —
פאַר וואָס? דערצייל אָן שרעק!

נתן — דאָרט איז מיר פרעמד די לופט, די גאַס,
די שפּראַך, דער שטאָלץ
פון די, וואָס הערשן איבער אונדז.
דאָרט לויערט אומעטום אויף אונדז דער האַס,

די פֿרעמדשאַפֿט פֿײַניקט דאָרט.
די פֿרעמדשאַפֿט איז נאָך ערגער ווי די ענגשאַפֿט...
מיך האָט געבראַכט אַהער מײַן בענקשאַפֿט.
אין גיהנום, צי אין גן־עדן,
איך וויל מיט ייִדן זײַן,
איך וויל מיך מער נישט שיידן.

דן — און מײַן טאַטנס הויז?
צי דען האָט ווער דיך דאָרט פֿאַרשעמט?
צי פֿילסטו דאָרטן אויך זיך פֿרעמד?

נתן — דײַן טאַטע, דן, איז טאָג און נאַכט פֿאַרנומען.
און די מאַמע דײַנע קען נאָך אַלץ צו זיך נישט קומען.
זי שפּרײַזט־אַרום אין ליכטיקע חדרים
און וויינט.

דן — זי וויינט? די מאַמע וויינט?

נתן — עס פֿעלן איר די גוטע, פֿרומע שכנות,
די אַלטע שול, די הייליקע קבֿרים
פֿון ייִדישן בית־עולם...
ווײַזט־אויס, אַז קבֿרים אייגענע
בינדן שטאַרקער צו, ווי פּאַלאַצן פֿרעמדע,
ווײַזט־אויס...

דן — נישט פֿריילעך לעבט זיך דאָרט
אין טאַטנס נײַעם הויז.
און זאָג, מײַן בעסטער,
וואָס טוט מײַן ברודער דאָרט, מײַן שוועסטער?

נתן — דײַן ברודער לערנט. און די שוועסטער דײַנע
איז ווי פֿון אַ שטײַגעלע אַרויס.
זי טאַנצט און לאַכט,
זי רײַט אויף פֿערד,
און שיפֿלט זיך ביז שפּעט בײַ נאַכט.
די שוועסטער דײַנע,

זי וויל פֿאַר טויזנט טרויעריקע יאָר
געניסן גליק איצטער און לוסט.
זי נעמט עס לײַכט,
אָן פֿײַל און שווערד;
מיט שיינקייט און מיט לײַכטזין נעמט זי עס.

**דן** — און מיך דערמאָנט זי ווען?

**נתן** — זי וויל דיך זען,
זי גלייבט, אַז דו וועסט קומען.
דו מוזסט...
זי זאָגט, דו מוזסט דאָך זען אַ מאָל
דעם טאַטנס פּאַרק,
מיט די אַלטע ביימער און שיינע בלומען,
שוואַנען,
פֿאָנטאַנען,
און סטאַטועס פֿון ווײַסן שטיין...
דאָרט איז באמת שיין.
נאָר עס פֿילט זיך דאָרט אויף יעדן טריט,
אַז נישט דײַן פֿאָטער האָט דעם פּאַרק געפֿלאַנצט
און נישט קיין צווייטער ייִד...
עס האָבן פֿרעמדע אים געפּוצט.

**דן** — איך וועל אַהין נישט גיין,
און דיר, נתן, דאַנק איך פֿאַר דײַן קומען.
פֿאַר מײַן טאַטן ביסטו אַ משרת,
פֿאַר מיר — אַ פֿרײַנד.
אַלע זאָרגן מײַנע, מײַנע פֿרייד און צרות
טיילן מיר פֿון הײַנט.
הער, נתן, הער:
פֿאַראַן אויף אונדזער הויף
אַ פֿרײַער פּלאַץ פֿאַרלאָזן און פֿאַרוויסט.
מען דאַרף דאָרט אַרבעטן אַ סך...

איך בין נאָך יונג
און דו ביסט אויך נישט אַלט און שוואַך:
לאָמיר פּלאַנצן אונדזער גאָרטן.
די בלומען אוןביימער וועלן דאָרטן
איינפאַך זײַן מיט אײדעלע געוויקסן.
און פֿייגעלעך וועלן קומען געסטן בויען;
אפשר וועט זיך ווען אַ ליד בײַ אונדז דערהערן,
אַ פֿריילעך קלאַנג.

נתן — איך לעב מיט דײַן פֿאַרלאַנג.

יהודית — קומט־אַרײַן. דן, איך האָב געטראַכט, דו ביסט אַליין.

נתן — איך באַדאַרף שוין גיין.

יהודית — צו נתנען. וואָס אײַלסטו, נתן? וווהין?
דו קומסט פֿון שטאָט,
וואָס מאַכט דאָרט אסתּר, מײַן פֿרײַנדין?
מען זאָגט אויף איר: געוואָרן אַ פּרינצעסין...

נתן — דו געדענקסט זי נאָך, יהודית!
און זי דיך האָט שוין פֿאַרגעסן. גייט־אָפּ.

יהודית — צו דנען. שלעכטע נײַעס ברענגט דײַן נתן.

דן — דערפֿאַר ליבט שטאַרקער דיך דײַן חתן.

יהודית — ס׳איז פֿריילינג, דן, אָך, נישט פֿאַר אונדז, פֿאַר זיי...
פֿון ווײַטן זע איך ביימער בליִען, ווײַס ווי שניי,
און אַ פֿויגלליד דערגרייכט פֿון יענער זײַט.
די וואַנט פֿאַרצוימט. דאָס גליק איז ווײַט.
און פֿרעמד איז דאָ מײַן שׂמחה, פֿרעמד...
און אַפֿילו, דן, צו דיר,
צום קוואַל פֿון מײַנע טרוימען
מוז איך קומען ווי אַ גנבֿ...
דאָך, יהודית קלאָגט זיך נישט, אַ שאָד איז נאַר,
וואָס דאָ איז ענג בײַ דיר אין חדר,
איך וואָלט מיט לוסט געטאַנצט כּסדר...

דן — אַך, הער, יהודית!
מיר האָבן דאָ באַשלאָסן,
איך און נתן,
אַ גאָרטן אַן אייגענעם צו פּלאַנצן,
פֿאַר דיר, פֿאַר אונדז, פֿאַר אונדזער דור...
מען מוז די טעג פֿון גרויסע פּיינען
מיט עפּעס וואָס באַשיינען.

יהודית — פלוצלינג. אַ געפֿאַר איז נאָנט,
איך האָב זיך איצט דערמאָנט...

דן — וואָס איז געשען?

יהודית — דער יונגער פּירשט...

דן — שוין ווידער?

יהודית — בלומענטעפּ געמאָלטע פֿון דעם בעסטן ליים,
אַלערליי מתּנות שיקט ער מיר אַהיים.
בריוועלעך מיט העזה, בייזע פֿון פֿאַרלאַנג,
שיקט ער מיר, דער פֿרעמדער, און פּייניקט מײַן געדאַנק...
וויינט מײַן שוואַכע מאַמע, בעט אַלץ הילף בײַ גאָט,
און דער טאַטע קלײַבט זיך צו דעם פּירשט אין שטאָט;
בעטן דאָרט און קנײַען, זוכן פֿאַר מיר שוץ...
אַך, ווי קנאַפּ די טרערן ברענגען הילף און נוץ.

דן — האָסט אומזיסט פֿון מיר פֿאַרבאָרגן
אַזאַ גרויס געפֿאַר,
אַלע דײַנע זאָרגן, בענקשאַפֿטן און צער,
אַלע דײַנע שרעק זײַנען מײַנע אויך.
יהודית! צײַטן קומען שווערע,
אָבער שטאַרבן פֿאַר דײַן ערע
איז מוטיק גרייט דײַן דן.

יהודית — וואָס טראַכסטו טאָן?

דן — פֿאַרטיידיקן מײַן כּלה.

יהודית — ווי אַזוי? מיט וואָס?
ד ן — נישט ווי אַלע, נישט מיט טרערן.
יהודית — מיך שרעקט דיין שטאָלצער בליק.
דן, אין נאָמען פון מיין גליק
איך וועל דיך דאָ באַשווערן...
היט דיין יונג לעבן,
אין נאָמען פון מיין גליק.
ד ן — ווילסטו זען דיין חתן ווי אַ שקלאַף געבויגן,
מיט אַ שאַנד אין האַרצן, מיט פאַרקלעמטע אויגן?
יהודית — ניין, מיין טרייער, ניין!
יהודית ליבט דיך פאַר דיין שטאָלץ,
מוט און שטאָלץ. דאָס מאַכט דיך שיין.
ד ן — דאַן ענטפער אים, דעם יונגן פירשט,
אַז דו ביסט מיינע,
און זיינע פיל מתנות
וואַרף זיי אויף דער גאַס!
שעלט אים פאַר זיין ליבע,
שמייכל פון זיין האַס!
יהודית — ווי דו רייצסט מיך מיט דיין שטאָלץ!
ווי דו שרעקסט מיך מיט דיין שטאָלץ!
ד ן — ווער עס ליבט זיין כלה,
ווי עס ליבט דיך דן...
יענער שטאַרבט פאַר ליבע...
קוק מיך שטום נישט אָן!
יהודית, טאָרסט נישט צווייפלען,
שטאַרקער זיי און דרייסט!
יהודית — זאָל מיין טרייע ליבע
מוטיקן דיין גייסט. גייט־אָפּ.
בנימין — קומט־אַריין. זיי באַגריסט, מיין ברודער, אין דער אַלטער היים,

זײַ באַגריסט!

**דן** — אַ באַקאַנטע שטימע,
נאָר איך ווייס נישט ווער דו ביסט.

**בנימין** — אין דײַן שפּאַסן, ברודער,
פֿילט זיך ווי דו האָסט.

**דן** — אַזעלכע מאָדנע קליידער,
אַזאַ מאָדנער גײַסט... נענטער.
ווען נישט דײַן בליק, די אויגן דײַנע,
וואָלט דיך שווער זײַן צו דערקענען.
נאָר די פֿונקען ברענען...
דער טרויער לעבט נאָך אין דײַן בליק, בנימין.
פֿאַרגיב מײַן שפּאַסן!

**בנימין** — איך קום פֿון שטאָט, פֿון לעבעדיקע גאַסן:
אַקאַציעס בליִען דאָרט און מענטשן לאַכן פֿרײַ.
איך האָב אויך געלאַכט צום ערשטן מאָל,
געלאַכט אין מײַ...
נאָר דאָ באַהערשט דער טרויער מיך אויף ס'נײַ:
דער פֿאַרמעט־ריח שטיקט. דער שימל פֿון די ספֿרים
פֿאַלט אויף מיר... אומזיסט ביסטו געבליבן,
מײַן ברודער, אין די איינזאַמע חדרים.

**דן** — אומזיסט, צי נישט אומזיסט... דערצייל גענויער,
ווי לעבט זיך דיר אויף יענער זײַט מויער?

**בנימין** — איך האָב דיר שוין געזאָגט:
דאָרט בליִען איצט אַקאַציעס,
פֿאַרברענגען מיר אין מײַ...

**דן** — דו און ווער נאָך מיט דיר?

**בנימין** — חבֿרים, פֿרײַנד — איך האָב זיי שוין אַ סך.

**דן** — און קיין איינציקער פֿון זיי באַלידיקט נישט
דײַן נאָמען?

**בנימין** — שווײַגט.

דן — דו שווײַגסט, בנימין?
בנימין — עס טרעפֿט אַ מאָל... איך בין צו שוואַך...
איך האָב פֿאַר זיי נישט קיין געווער.
דן — און זיי אַליין צווישן זיך?
זיי שטרײַטן יאָ פֿאַר זייער כּבֿוד?
דערציייל געניי!
בנימין — דער גרעסטער ריכטער איז בײַ זיי די שווערד:
אַ שטאָכוואָרט אין אַ היציקער מינוט,
אַ לײַכטער שפּאַס, אַ קרומער בליק,
אַ שמייכל צו אַ פֿרעמדער פֿרוי —
דאָס ענדיקט זיך גאַנץ אָפֿט מיט בלוט...
דן — איך וועל דיך עפּעס בעטן, ברודער!
בנימין — איך בין שוין גרייט צו פֿאָלגן דײַן פֿאַרלאַנג,
כאָטש איך האָב אים פֿון דײַן מויל נאָך נישט געהערט.
דן — באַקום פֿאַר מיר אַ שווערד!
בנימין — עס ראַשט מיך איבער דײַן פֿאַרלאַנג.
דן — באַקום פֿאַר מיר אַ שווערד. בײַ אונדז איז עס נישטאָ.
אַ שאַרפֿע שפּיז. איך וועל זיך שפּילן מיט איר גלאַנץ,
איך וועל זיך לערנען פֿעכטן, ווי דײַנע פֿרײַנד, די נײַע.
בנימין — איך האָב דיר צוגעזאָגט צו פֿאָלגן:
איך פֿאָלג דיך און איך גיי...
נאָר זאָג מיר, דן: איז נתן דאָ געווען?
עס האָט די מאַמע מיך געשיקט נאָך אים.
זי זאָגט, איר פֿעלט זײַן ייִדיש קול, זײַן בליק,
זײַן ערלעכקייט און זײַן קלוג וואָרט.
דן — ער וועט נישט גיין צו אײַך צוריק,
ער פֿילט זיך פֿרעמד און עלנט דאָרט.
בנימין — און דאָ וואָס וועט ער טאָן?
נתן — קומט־אַרײַן. מיר וועלן אַרבעטן, איך און דן.
און שפּעטער וועלן קומען נאָך.

מיר וועלן לײַכטערן דעם יאָך.
אָט קום, בנימין, וועסטו זען:
דאָ איז אַ פוסטער פּלאַץ געווען,
דאָ וועט גאַנץ גיך אַ גאָרטן זײַן. גייען ביידע־אָפּ.

דן — ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וועט געשען?

## דאָס 3טע בילד

נתן — שלעפּט אַ שאַנק מיט ספרים. מען זאָגט: אַ ספר איז אַ שפּיגל
און פון צו פיל שפּיגלען זיך
נעמט שווינדלען אין די אויגן... פאַרמאַטערט זיך.
נישט צו רירן, נישט צו בייגן
זי פון אָרט, די שאַנק.
אײַנגעשפּאַרט זיך, ווי אַ בוים אַן אַלטער,
ווי אַ זײַל פון דורות לאַנג. נעמט־אַרויס אַ ספר.
אַלטער טרויער, אַלטער אמת,
ווילסט פון דאַנען נישט אַרויס. לייענט.

לאה — קומט־אַרײַן. מײַן פאַרלאָזענע, געבענטשטע,
מײַן צעשטערטע הויז.

נתן — ווי קומט דאָ לאה איצט אַהער?

לאה — געבראַכט אַ זיפץ, געבראַכט אַ טרער...
אויף קבר־אָבות דאָ געקומען...
דו אַרבעטסט, נתן, אַרבעטסט שווער,
און פון אונדז ביסטו אַנטלאָפן.
איך וועל דערפאַר ניט שטראָפן.
איך ווייס דײַן טרײַהייט, איך געדענק...
כאָטש דאָרט איז פרײַ און דאָ איז ענג,
כאָטש דאָרט איז ליכטיקער דאָס לעבן,
און דאָך עס ציט אַהער...

אַ נחמה אויף אַלץ אַ קוק צו געבן,
אַ טרייסט פֿאַר מיר.
ווו נעמסטו צו די ספֿרים, נתן?
צי פֿילסטו נישט, צי ווייסטו נישט,
ווי יעדע זאַך איז מיר דאָ טײַער?

נתן — מיר מאַכן דאָ אַ ביסל פֿרײַער.

דן — קומט־אַרײַן. מען זעט שוין קלאָר די ערשטע בלעטלעך, נתן.

דער ערשטער רעגן האָט זיי הײַנט באַגאָסן,
און איצטער טריקנט די זון אויף זיי
די רעגן־טראָפּנס... באַמערקט די מאַמע.
מאַמע, פֿרייד! איך האָב דיך נישט באַמערקט,
גוטע, פֿרומע מאַמע...

נתן — צו דנען. פֿאַרברענג דאָ מיט דער מאַמען
און איך וועל גיין אין גאָרטן זיך פֿאַרזוימען. גייט־אַפּ.

דן — צו דער מאַמען. וויפֿל פֿרייד דו ברענגסט מיר און
וויפֿל צער!
ווי טרויעריק דו קוקסט און ווי דאַר
דײַן פּנים איז געוואָרן...

לאה — פֿון בענקעניש, מײַן קינד, פֿון בענקעניש,
איך האָב מײַן רויִקייט פֿאַרלוירן.
עס ציט אַהער און בלײַבן מוז איך דאָרט.
דאָ איז מײַן היים און דאָרטן מײַנע קינדער.
וואָס האָב איך פֿון די ליכטיקע חדרים?
איך בלאָנדזשע דאָרטן, ווי אַ בלינדע...
מיט מאָדנע בילדער און פֿיגורן
איז אויסגעפּוצט מײַן שטוב,
ווי בײַ די געצן־דינערס אַ גיהנום, אַ קבֿר־גרוב,
איז מיר מײַן נײַע היים.
פֿרעמדע געסט און פֿרעמדע שפּראַכן;

מען הוליעט און מען פרייט זיך אין מײַן שטוב,
נאָר מיר ווילט זיך שטענדיק וויינען,
ווען איך הער זיי לאַכן...

**דן —** מיט וואָס זאָל איך טרייסטן די מאַמע?
וויינען צוזאַמען?

**לאה —** ניט זאָרג, מײַן קינד... איך בין צופרידן,
וואָס דו פאַרבלײַבסט כאָטש צווישן יידן.
כאָטש כ'פאַרשטיי נישט דײַן ציל,
נאָר איך פיל מיט מײַן מאַמע־האַרץ, איך פיל,
אַז דו ליבסט דײַן פאָלק
און אונדז אַלעמען... אויף דער גאַס טומלט שטאַרק.

**דן —** וואָס רוישט אַזוי די גאַס?

**לאה —** איך גיי, מײַן קינד.

**דן —** וווהין?

**לאה —** נדבות טיילן,
אויפן בית־עולם גיי איך, מײַן צער דערציילן. גייט־אַפּ.

**נתן —** קומט־אַרײַן. דן, זײַ גרייט!
די גאַנצע עדה גייט צו דיר,
זיי שטייען בײַ דער טיר.

**דן —** איך הער אַ טומל. וואָס איז געשען?

**נתן —** זיי האָבן געהערט פון דײַן שווערד
און זיי ציטערן.

**דן —** די אַלטע שרעק האָט אויפגעוואַכט.

**נתן —** זיי קומען מיט ווײַב און קינד.
וואָס וועסטו זיי זאָגן אַצינד?

**דן —** איך האָב געוואָלט שטרײַטן מיט אַ פרעמדן,
איצט מוז איך מיט אייגענע שטרײַטן.
וואָס זאָל איך טאָן? גיין צוריק?
אַך, יהודית וועט נישט מוחל זײַן.

עס עפנט זיך די טיר. פיל מענטשן אַרײַן.

**ערשטער ייִד** — דן, דו ביסט בײַ אונדז געבליבן,
האָסט צוגעזאָגט צו ליבן.

**צווייטער ייִד** — איצט ווילסטו אונדזער רו צעשטערן.

**ערשטער ייִד** — עס פֿעלט אונדז דען טרויער און טרערן.

**פרויען־קול** — עס פֿעלן יתומים, אַלמנות און צער?

**ד ן** — מײַן כּלה, מײַן שטאָלץ, מײַן ערע,
מײַן האָפֿענונג שטייט אין געפֿאַר.

**ערשטער ייִד** — מיר ווייסן, מיר האָבן געהערט.
נאָר וואָס וועט דיר העלפֿן דײַן שווערד?
דו וועסט בלויז צערייצן די חיה...

**צווייטער ייִד** — מיר טאָרן ניט שטרײַטן.
נישטאָ יענע צײַטן
פֿון אָפֿענעם שטאָלץ.
באַהאַלטענערהייט טראָגט יעדער זײַן שטאָלץ.

**ערשטער ייִד** — מיט געבויגענע רוקנס...
מיר לײַדן, ווי שקלאַפֿן וואָס מוזן זיך בייגן.

**ד ן** — מײַן כּלה...

**פרויען־קול** — אַ מאָל איז נייטיק אַ קרבן.

**ד ן** — שווײַג, פֿאַרפֿלוכטע!
צו שטאַרק איז מײַן דור שוין פֿאַרדאַרבן!
נאָר כ׳פֿיל נישט קיין שרעק.
איך וועל די גלות־טעג באַפֿאַרבן.
אויב נישט מיט מײַן לעבן,
איז כאָטש מיט מײַן שטאַרבן...

**ערשטער ייִד** — ביסט זינלאָז. מיר זײַנען אין סכּנה.

**ד ן** — נישט צום ערשטן, נישט צום לעצטן מאָל
מיר צאָלן מעשׂר אָפּ מיט בלוט.
מיר צאָלן אַלע טאָג.

**צווייטער ייִד** — דו זעסט, מיר זײַנען אַלע געקומען:

אַלטע לײַט און יונגע קינדער
און מאַמעס מיט פֿאַרווײנטע אויגן...

**דן** — איך זע, אַלע זײַנען גרייט זיך צו בייגן
און איך וועל בעסער שטאַרבן...

**ערשטער ייִד** — אַן אומגליק קומט אויף אונדז, אַ גרויסער צער. גייט־אָפּ.

**צווייטער ייִד** — דן, באַטראַכט זיך גוט,
גאָט וועט משפּטן דערפֿאַר. אַלע גייען־אָפּ.

**דן** — גאָט וויל אײַך שטאָלצע זען.

די גאַס טומלט. דורכן פֿענצטער פֿליט־אַרײַן אַ שטיין.

**אַ קול** — זײַ פֿאַרשאָלטן!

**דן** — איר זײַט טויזנט, איך בין איינער.
וויפֿל הענט, אַזוי פֿיל שטיינער.

**יהודית** — קומט־אַרײַן. זיי שטייען דאָ און שעלטן דיך,
דן. זיי וויינען פֿון שרעק.

**דן** — אַ דור נאָך אַ דור גייט אַזוי שוין אַוועק.

**יהודית** — מיר חלומט זיך הײַנט, אַז דו שטייסט בײַ אַ תּהום;
איך שטיי דאָרט פֿון יענער זײַט ברעג.
נאָך אַ שפּאַן, נאָך אַ טריט,
און מײַן גליק פֿאַלט צום דעק,
פֿאַלט אין פֿינצטערן אָפּגרונט אַרײַן...
און ווי קורץ איז מײַן האַנט,
און ווי שוואַך איז מײַן קול,
און ווי רויִק דו קוקסט אין דעם אָפּגרונט אַרײַן.

**דן** — יהודית!

**יהודית** — נישט איך רוף דיך צוריק,
דן, מײַן חתן, מײַן גליק.
אַך, מיר חלומט זיך הײַנט, אַז דו שטייסט בײַ אַ תּהום
און איך שטיי דאָרט מיט בלומען בײַם ברעג,
און איך וואַרף זיי,

איך וואַרף צו דער דעק...
עס זאָל דיר, מײַן טרײַער, זײַן ווייכער צו פֿאַלן,
מיר חלומט זיך, דן!
דן — נישט טרויער צו פֿיל! נאָך נישט אַלץ איז פֿאַרפֿאַלן!
איך וועל מיט אים ריידן,
אים בעטן אָן טרערן,
איך וועל אים גאַנץ רויִק דערקלערן.
יהודית — ער וועט בעסער נישט ווערן.
נו, חתן, מיר דאַרפֿן זיך זעגענען.
איך האָב געשריבן צו אים, געטאָן אַלץ,
ווי דו האָסט פֿאַרלאַנגט.
און באַלד וועט ער קומען. דאָך, שטאָט מיך,
וועט ער דיך דאָ באַגעגענען,
נו, חתן, מיר דאַרפֿן זיך זעגענען. קושט דנען.
דן — יהודית־טרייסט, וואָס עס זאָל נישט געשען,
בלײַב רויִק און שטאַלץ ביזן סוף!
יהודית — גאָט זאָל דיך היטן
פֿון אומגליק און שטראָף. גייט־אָפּ.
פירשט — קומט־אַרײַן. זי שרײַבט מיר געטנוי, ווו זי וואַרט.
דן — איר זוכט דאָ מײַן כּלה. יהודיתן זוכט איר.
איך, דן, בין איר חתן.
פירשט — וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?
מען האָט מיך פֿאַרנאַרט?
דן — מיר האָבן פֿון נויט זיך באַשלאָסן.
פירשט — כאַפּט זיך פֿאַר דער שווערד.
דן — פֿירשט, די שווערד וועט אירס באַווײַזן,
הערט־אויס מײַן וואָרט.
פירשט — ייִדה, געדענק דײַן אָרט!
דן — דאָס מיידל, וואָס איר זוכט,
איז אָ טאָכטער פֿון יענע,

װאָס זײַנען פֿאַרפֿלוכט און פֿאַרהאַסט בײַ אײַך אַלע,
דאָס מײדל, װאָס איר זוכט, איז מײַן כלה.
אַ בלום פֿון אונדזער פֿאַרדאַרנטן גאָרטן,
אַ שטראַל אויף אונדזער פֿינצטערן װעג,
אַ פֿרײלעך־קלאַנג אין אונדזער איכה־ליד...
פֿירשט!
מיר לעבן אין לײדן, פֿאַרצוימט דורך דער װאַנט.
נישט ברענגט אונדז קײן טרויער מער,
נישט ברענגט מער קײן שאַנד!

**פירשט** — איך פֿאַרשטײ נאָך נישט אַלץ.
װאָס פֿאַרלאַנגסטו פֿון מיר? סײַדן...

**דן** — באַלײדיקט נישט די װעלכע לײַדן.

**פירשט** — זײַ נישט ברוגז, מײַן ייִד! זײַ נישט בײז.
אָט האָסטו דײַן לױן, און זאָל זײַן
פֿון דײַן קלאָגליד געװנג! װאַרפֿט אים געלט.

**דן** — נעם־צו דײַן פֿאַרשאָלטן גאָלד!
איר פּײַניקט אונדז װילד און איר צאָלט...
האָסט באַלײדיקט מײַן שטאָלץ,
זײַ גרײט צו באַצאָלן פֿאַר אַלץ! באַקומט זײַן שװערד.

**פירשט** — אַ ייִד מיט אַ שװערד?
נישט געזען, נישט געהערט
האָב איך אַזױנס!

**דן** — טאָ פֿיל עס! שלאָגן זיך בײדע.

**פירשט** — דו האָסט זיך פֿיל געלערנט,
געאַרבעט מיט דער שװערד.

**דן** — דאָך ביסטו דרײסטער, פֿלינקער.
איך האָב שױן װונדן פֿיל.

**פירשט** — דו ביסט אַ ייִד אַ שטאָלצער!
נו, זאָג אײן װאָרט... ביסט װערט
איך זאָל דיר מוחל זײַן.

דן — זאָל גאָט מיר מוחל זײַן...
איך שלאָג זיך ביזן סוף.
פירשט — דאָ איז שוין נאָנט דײַן שטראָף.
דן — איך פֿיל, מײַן האַנט ווערט שלאָף.
אַ טויזנט־יעריקער שקלאָף...
נישט צוגעוווינט צו דער שווערד...
מײַן ברוסט... מײַן... פֿאַלט.
פירשט — איך דריק דיר, ייִד, דײַן האַנט.
דו ביסט עס ווערט.
דן — לאָז יהודיתן צו רו!
פירשט — אין נאָמען פֿון מײַן שווערד! איך זאָג דיר צו.
דו האָסט עס שטאָלץ פֿאַרדינט. גייט־אָפּ.
לאה — לויפֿט־אַרײַן. מײַן קינד, מײַן קינד!
ווי קומט דאָ בלוט? ווי קומט אַ שווערד בײַ מיר אין הויז?
יהודית — לויפֿט־אַרײַן. דן, מײַן חתן!
ער שטאַרבט. ער גייט שוין אויס.
דן — מאַמע, זײַ מוחל! יהודית...
וואַרף בלומען אין אַפּגרונט אין שוואַרצן —
בעסער טויט, איידער טראָגן די חרפּה אין האַרצן.

שטאַרבט.

# מעשיות
# פון דער
# רוסישער
# קאזארמע

„זשידי, מאָליס!“
געשמיסן דעם שמײַסער
רעקוויזיט

## „זשידי, מאָליס!״ [1]

דעם ערבֿ ראש־השנה האָבן מיר אַלע געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. עס האָט זיך געוואָלט זײַן אַ ביסל אין שטעטל, מיר האָבן געהאַט האָפֿענונג, אַז מען וועט אונדז אָפּלאָזן, נאָר עס איז אַוועק דער ערשטער טאָג יום־טובֿ, עס איז אַוועק דער צווייטער טאָג, און מיר זײַנען געבליבן אין קאַזאַרמע. מען האָט אונדז געיאָגט ווי אַלע טאָג. די זון אַרום האָט העל געלויכטן. דער סטעפּ איז נאָך גרין געווען. פֿון ווײַטן האָבן מיר געזען דאָס שטעטל. געזען האָבן מיר פֿיל רויכעלעך איבער די הײַזער און עס האָט געקלעמט די נשמה, און אין כּעס איז מען געווען אויף דער גאַנצער וועלט. און מער פֿאַר אַלעמען אויף דעם זוואָדנעם, דעם אמתן מושל פֿון דער וועלט. נאָך מער עגמת־נפֿש האָבן מיר געהאַט, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז פֿון אַנדערע ראָטעס האָט מען די ייִדישע סאָלדאַטן יאָ אָפּגעלאָזן. בלויז אונדזער „קאַטאָרזשנע נאַטשאַסלסטוואָ״, דער פּראַפּאָרשטשיק [2] טוואַרדאַכליעבאָוו מיטן מערדער פֿעלדפֿעבעל [3] דראָס האָבן באַשלאָסן, אַז מען קאָן לעבן אָן דער „זשידאָווסקע מאָליטווע״ [4].

נאָכן ראש־השנה האָבן מיר גענומען וואַרטן און לייגן האָפֿענונג אויף יום־כּיפּור. אויף יום־כּיפּור וועט מען אונדז דאָך געוויס אָפּלאָזן און אויף דעם טאָג האָבן מיר טאַקע געוואַרט ווי אויף אַ שׂמחת־תּורה.

ערבֿ יום־כּיפּור. נאָך מיטאָג. די ראָטע טאַנצט אויפֿן פֿעלד.

---

[1] זשידעס, דאַוונט! — [2] דער ערשטער ראַנג פֿון אַן אָפֿיציר אין דער צאַרישער אַרמיי. — [3] אונטער־אָפֿיציר. — [4] (מיט חוזק) ייִדישע תּפֿילה.

איינציקוויַז לויפֿן די סאָלדאַטן צו דער „טשוטשעלע“ [5] און שטעכן־דורך מיטן באַגנעט דעם שטרויענעם גולם. די תורה גייט מיטן גאַנצן אימפּעט. דער זוואָד [6] פֿאַלט אויף דר'ערד און שיסט. דער צווייטער זוואָד לויפֿט אָן אָטעם, פּונקט ווי דער שונא וואָלט דאָ טאַקע נאָענט געווען. מיר, די ייִדישע סאָלדאַטן, טאַנצן מיט אַלע־מען צו גלײַך, נאָר אויפֿן האַרצן איז הײַנט עפּעס אַנדערש ווי אַמאָל... מיר קוקן אַלץ צו דער זײַט פֿון שטעטל. יעדן סאָלדאַט, וואָס קומט פֿון דאָרט אָן, באַטראַכטן מיר מיט גרויס נײַגעריקייט: טאָמער האָט ער געבראַכט פֿון דער קאַנצעלאַריע דאָס שטיקל פּאַ־פּיר, אַז מען זאָל אונדז שוין באַפֿרײַען אויף דעם מעת־לעת... נאָר אַ נעכטיקער טאָג! עס איז שוין גוט פֿינצטער געוואָרן און מען טרײַבט־אַוועק אין קאַזאַרמע. און דאָרטן, נאָך וועטשערע, די „מאָ־ליטווע“ מיטן „באָזשע צאַריאַ כראַני“ [7], אַזוי ווי אַלע מאָל, און שלאָפֿן געגאַנגען. עס איז אונדז געווען, ייִדישע סאָלדאַטן, געננוג יום־כּיפּורדיק אויפֿן האַרצן אין דער דאָזיקער נאַכט.

אויף מאָרגן זײַנען מיר ווידער געגאַנגען אויפֿן פּלאַץ זיך לערנען. מיר האָבן זיך שוין מייאש געווען, מען זאָל אונדז אויפֿן הײַנטיקן טאָג פֿרײַ לאָזן. מיט אַ מאָל נעמט פּעטרענקאָ שרײַען, אַז אַלע ייִדן זאָלן צוגיין צו אים...

מיר האָבן זיך צונויפֿגעקליבן. ער האָט אונדז געזאָגט אַ שטיקל מוסר און אונדז אָנגעזאָגט סוף־כּל־סוף די שׂמחה, אַז מיר גייען דאַוונען, נאָר פֿריִער מוז אים איינער פֿון אונדז עפּעס זינ־גען פֿון דער „זשידאָווסקע מאָליטווע“... אַלע האָבן זיך אַנטזאָגט: קיינער פֿון אונדז קאָן ניט זינגען. מיט אַ מאָל שפּרינגט־אַרויס עפּעס אַ סאָלדאַטל און נעמט זינגען פֿון כּל נדרי פֿאַרן זוואָדנעם... די איבעריקע כּלבֿים האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַרום אונדז. דער נפֿש זינגט און נאַטשאַלסטוואָ לאַכט.

---

[5] סטראַשידלע, אַ פיגור פון אַ באַשעפעניש. — [6] די גרופּע סאָלדאַטן. — [7] (צאַרישער הימען) גאָט, באַשיץ דעם צאַר!

דערנאָך גיט אונדז פעטרענקאָ אַ באַגלייטער, איינער פֿון די ערגסטע יעפֿרייטערס[8], און געלויבט איז גאָט, מיר האָבן שוין דערהערט דעם געווינטשטן מאַרש!...

דער המן, וואָס האָט אונדז געפֿירט אין שול אַרײַן דאַוונען, האָט דעם גאַנצן וועג פֿון אונדז געלאַכט און חוזק געמאַכט. אָט באַגעגנט אים אַ סאָלדאַטיק און שרײַט צו אים פֿון טראָטואַר:

— וווהין פֿירסטו זיי, די זשידעס?...

— דאַוונען האָט זיך זיי פֿאַרוואָלט... — ענטפֿערט אונדזער באַגלייטער... — דאַוונען... און לערנען ווילט זיך זיי נישט!

נאָר ווער הערט אים? מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן אויף עט־לעכע שעה פֿון קאַזאַרמע און דאָס איז דאָס גרעסטע גליק. מיר קוקן זיך אָן, בעת דער יעפֿרייטער לאַכט פֿון אונדז און בײַ איינעם פֿון אונדז רײַסט זיך שנעל נאָר פֿעסט אַרויס:

— „פֿאָניע קוואָס"...

פֿאָניע קוואָס! אין דער פֿראַזע פֿלעגן מיר שטענדיק געפֿינען אַ שטיקל טרייסט. עס פֿלעגט טרעפֿן: דער שווייס גיסט זיך פֿון אונדז, שוין נישטאָ קיין כּוח צו לויפֿן, און פעטרענקאָ צי אַ צוויי־טער כּלבֿ יאָגט אָן אָן אויפֿהער. נאָר גלײַך ווי מען פֿלעגט זיך אָפּרוען, גלײַך ווי צוויי ייִדישע פּנימער באַגעגענען זיך, האָט זיך געמוזט בײַ איינעם פֿון זיי אַרויסרײַסן: פֿאָניע קוואָס...

— אוי, פֿאָניע קוואָס...

עס פֿלעגט ווערן לײַכטער אויפֿן האַרצן פֿון אָט דער איינצי־קער פֿראַזע.

מיר שפּרײַזן דורך די ייִדישע געסלעך פֿון דער דרום־שטאָט. ליידיקע הײַזלעך און פּריזבעס: אַלע זײַנען אַוועק דאַוונען. ערגעץ גייט־דורך אַ ייִדל מיט בלייכע ליפּן און אײַנגעפֿאַלענע אויגן. מיר גייען צו דער שול.

און אונדזער קאָמאַנדיר שרײַט אַלץ:

---

[8] צווייטער ראַנג פֿון אַ סאָלדאַט.

— די רעכטע פלייצע פאָרויס, שאַגאָס [9] מאַרש!

מיר זײַנען שוין אין שולגעסל. מיר זײַנען שוין בײַ דער שול. און יענער שרײַט אַלץ:

— ראַז, דוואַ... ראַז, דוואַ [10]!

קינדער מיט מחזורימלעך לויפֿן־אַרויס פֿון שול און קוקן אונדז אָן. פֿאַר וואָס באַפֿעלט ער אונדז ניט זיך אָפּצושטעלן? מיר זײַנען דאָך שוין אויף דער שוועל פֿון דער שול. עטלעכע פֿון אונדז זײַנען שוין אַרײַן אינעווייניק און ער הערט נישט אויף:

— ראַז, דוואַ, ראַז, דוואַ!

מיר האָבן שוין דערזען די גרויסע וואַקסענע ליכט. די ייִדן אין די קיטלען און טליתים. אַזוי פֿיל דעראינערונגען זײַנען אָנגעלאָפֿן. און אין די אויערן קלינגט נאָך אַלץ די קאָמאַנדע פֿון דעם גראָבן כאַם...

נאָר מיר זײַנען שוין כּמעט אינעווייניק אין שול. מיר שטויסן זיך אָן בײַ די שטענדערס. ערשט דעמאָלט דערהערט זיך זײַן באַפֿעל:

— זוואָד, סטאָי [11]!

מיר גיבן אַ קלאַפּ מיט די פֿיס אין שול. די ייִדן רײַסן זיך אָפּ פֿון די מחזורים און קוקן אויף אונדז און באַלד ענדיקט ער, דער יעפֿרייטער, די קאָמאַנדע מיט אַ...

— זשידי, מאַליס!

דעם „זשידי" ציט ער זייער לאַנג, ווי אַ תּקיעה, און דעם „מאַליס" זאָגט ער אַרויס זייער געשווינד.

מיר צעשיטן זיך איבער דער שול. באַלעבאַטים האָבן רחמנות און רופֿן־צו. מען דערלאַנגט אונדז מחזורים פֿון אַלע זײַטן.

מיר דאַוונען...

און אונדזער אויפֿזעער קומט פֿון צײַט צו צײַט, רוקט־אַרײַן דעם קאָפּ אין שול און קוקט, צי מיר דערפֿילן אונדזער חובֿ — עס גייט אים אין לעבן.

---

[9] מיטן טראָט! — [10] איינס, צוויי. — [11] די גרופּע, שטיין בלײַבן!

## געשמיסן דעם שמייסער...

געהייסן האָט ער דידקאָ. אַ שיינער מאַלאָרוס [1]. אַ יונגער כוואַט [2]. אין זײַן דאָרף איז ער אַוודאי געוועזן דער ערשטער...

בײַ אונדז אין קאַזאַרמע האָט מען אים ליב געהאַט פֿאַר זײַנע טענץ, פֿאַר זײַנע שיינע לידער. אומעטום רוקן זיך אַזעלכע אַרויס ווי די ערשטע. ווי אויף אַן עפּלבוים, וואַרפֿט זיך אין די אויגן יענער עפּל, וועלכער באַקומט פֿריִער פֿאַר אַנדערע די רויטע בע־קעלעך... מען קאָן אַזאַ נישט פֿײַנט האָבן. אַלע ווילן זיך מיט אים חבֿרן. מען שטעלט אים שטענדיק אַרויס אין פֿראָנט... אַ שיינער זעלנער. אים פֿאַרשווײַגט מען, ווען ער לערנט זיך שלעכט.

דידקאָ איז טאַקע געווען אַ לאַנגע צײַט דער ליבלינג פֿון אונדזער ראָטע. ער האָט וויניקער ווי אַלע אַנדערע געפֿילט דעם שווערן יאָך פֿון קאַזאַרמע. שלעכט איז אים נישט געווען. רײַכע קרובֿים האָט ער געהאַט. ווײַזט־אויס, אַז עס איז אים טאַקע צו גוט געווען.

דידקאָ... דער שיינער יונג מיט די בלויע אויגן איז געוואָרן אַ תּליון, אַ שמײַסער. אין דעם יאָר פֿון ערבֿ דער רוסישער רעוואָ־לוציע האָט מען אין די קאַזאַרמעס געשמיסן. פֿאַר יעדע קלייני־קייט. מען האָט געקאַטעוועט פֿאַר אַוועקגיין אָן אַ דערלויבעניש, פֿאַר נישט רייניקן די ביקס, פֿאַר אַ בייזן בליק אויפֿן זוואָדנעם [3]... פֿאַר נישט וועלן געבן כאַבאַר [4] דעם עלטסטן און פֿאַר געבן כאַבאַר...

דעם שמײַסער פֿלעגט שטענדיק באַשטימען דער זוואָדני פּעט־רענקאָ. נאָר אַ סך פֿלעגן זיך אַרויסדרייען, און לײַכטער ווי אַלעמען וואָלט דידקאָן געראָטן זיך אָפּצוזאָגן פֿון אַזאַ שליחות — פּעטרענ־קאָ האָט דעם שיינעם דידקאָ נישט פֿײַנט געהאַט...

נאָר איין מאָל, צוויי מאָל... דידקאָ האָט געשמיסן.

---

[1] אוקראַיִנער. — [2] אַ בריה. — [3] גרופּע־פירער. — [4] שוחד.

דער עולם זעלנערס האָט באַמערקט, אַז דידקאָ נעמט־אָן די שליחות מיט ליבשאַפֿט: אַנדערע סאָלדאַטן האָבן זיך געבעטן, מען זאָל זיי באַפֿרייַען; זיי האָבן זיך געקווענקלט בעת מען האָט זיי דערלאַנגט די ריטער, כּדי צו שמייַסן אַ פֿאַרזינדיקטן חבֿר; זיי פֿלעגן מיט עקל צומאַכן די אויגן, בעת פּעטרענקאָ פֿלעגט נעמען ציילן די שמיץ.

— איינס, צוויי, דרייַ...

נאָר דער דידקאָ האָט הנאה געהאַט פֿון דעם שטיקל אַרבעט. ער פֿלעגט ווילינגעריש אַריבערבייגן דעם קאָפּ, אַ טרייסל געבן מיטן אַקסל און נעמען פֿעסט די ריטער, די רויטע סטעפּריטער... און אַלע האָבן געמוזט אָנקוקן די סצענע. מען פֿלעגט אונדז אויס־שטעלן אין אַ געהאַרכזאַמען קאַראַהאַד: קוק און שווייַג! בייג נישט אַפּ דעם קאָפּ, ווייַל דו באַקומסט דערפֿאַר אין קאַרק... גרויסע מענטשן צי׳ען־אויס אויף דער ערד אַ פֿאָטער פֿון קינדער, אַן אַלטן מאָביליזירטן פּויער פֿון דאָרף, צי אַן אַרבעטער פֿון שטאָט און קאַטעווען איבערן מענטשנס צאַרט לייַב... מיט די ציין פֿלעגן מיר צעבייַסן אונדזער כּעס און בלייַבן געהאַרכזאַם, ווי די געבונדענע שעפּסן.

דידקאָ אַליין, אַ יונגער בלי׳ענדיקער בחור — פֿון וואַנעט האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ בייזע לוסט צו פּייַניקן?

די געשמיסענע פֿלעגן דערנאָך דערציילן, אַז ער שמייַסט אָן רחמנות.

די זעלנערס האָבן זיך גענומען אָפּרוקן פֿון אים. זייַנע לידער האָט קיינער נישט געוואָלט הערן.

פֿיר הונדערט הערצער פֿון אונדזער ראָטע [5] האָבן אים גע־האַסט און דער האַס האָט געקוקט פֿון אַלעמענס אויגן.

נאַטשאַלסטוואָ [6] האָט באַמערקט, אַז מען האָט דידקאָן פֿייַנט,

---

[5] קאָמפּאַניע. — [6] די אייבערשטע מאַכט.

איז ער דעמאָלט באַלוינט געוואָרן מיט אַ בענדל און ער איז גע־וואָרן דער ליבלינג ביי עטלעכע זוואָדניס... ער איז געשלאָפן ביים סאַמע עק פון דער קאַזאַרמע, נעבן דעם אונטער־אָפיציר וואָראָן, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ הינטיש האַרץ...

דער אונטער־אָפיציר וואָראָן האָט גענומען דעם דידקאָ אונ־טער זיין שוץ. זיי פלעגן שטענדיק זיין צוזאַמען. זייערע צווי פּאָר אויגן פלעגן אַרומשוועבן אין קאַזאַרמע ווי בייזע פייערלעך. שטענ־דיק האָבן זיי וועמען געזוכט, אויסגעזוכט מיט וועמען מען קאָן זיך אָפּרעכענען. דעם מענטשנס יסורים איז געווען זייער נשמה־שפּייז און נאָך יעדער עקזעקוציע פלעגן זיי אַוועק אין שטעטל פאַרטרינקען די הנאה זייערע.

נאָר וואָראָן, פּעטרענקאָ, דראָס — דאָס זיינען געווען אַלטע גזלנים, לאַנגיעריקע קאַזאַרמע־תליונים. דידקאָ איז אָבער נישט לאַנג געקומען פון דאָרף, פון אונטער דעם פרייען הימל, פון דער נאַטור אַליין איז ער געקומען... צי דען איז די נאַטור אַזוי שלעכט? אין זיינע לידער, וואָס ער פלעגט זינגען, איז געווען אַזוי פיל ליבע, אַזוי פיל זונפאַרגאַנג און טרויער... ווו איז דאָס אַלץ פאַרשוווּנדן? וועלכער טייוול האָט אים אַריינגעשטעלט אַ טייוולש האַרץ? האָט אים די קאַזאַרמע אַזוי פאַרסמט?...

מען האָט אים אויסגעמיטן. אויסגעדוכט האָט זיך, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט מען אים געפינען אַ דערשטיקטן, ווייל די נקמה האָט שטייפע פויסטן, ווייל די גערעכטע נקמה קאָן אַרויפשטעלן די פיס אויף אַ מענטשנס האַלדז און לאַנגזאַם דערשטיקן...

דידקאָ האָט ווייטער געלעבט: געגעסן קאַשע און שוואַרץ ברויט. מיטן אונטער־אָפיציר וואָראָן פלעגט ער אַלץ אָפטער אַוועקגיין אין שטאָט און פון דאָרטן קומען שיכור...

אַ ליבלינג איז ער געווען ביי נאַטשאַלסטוואָ און אַ תליון פאַר די זעלנערס.

איין מאָל, אין אַ ווינטער פרימאָרגן, עס איז געווען אַזאַ פראָסט, אַז מען האָט די זעלנערס נישט געקאָנט אַרויסשיקן אויפן פּלאַץ

זיך לערנען. עפּנט זיך פּלוצלינג די טיר פֿון קאַזאַרמע און צוזאַמען מיט אַ קעלט פֿון דער גאַס קומען־אַרײַן דער פּראַפּאַרשטשיק איסיראַוו און נאָך אים דער זוואַדני פּעטרענקאָ מיט פּראָסטשטויב אויף די גרויסע וואָנצעס און מיט דעם ראַטע־בוך אונטערן אָרעם...

אַ סך פֿאַרזינדיקטע סאָלדאַטן זײַנען בלייך געוואָרן, ווײַל פּעטרענקאָ קומט נישט אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַרײַן מיטן בוך.

קיינער הערט נישט, ווי מענטשישע הערצער פֿאַלן־אַראָפּ. די זעלנערס גיבן אַ קוק צו דער טיר, צום קליינעם פֿענצטער. בײַ אַ סך קומט פּלוצלינג דער געדאַנק: אַנטלויפֿן... אַנטלויפֿן, ווײַל אַ סכנה האָט זיך אָנגערוקט. אַ שוחט איז געקומען שעכטן די עופֿות... אַזאַ אײַנדרוק, אַזאַ געפֿיל...

אונטער די נאָרעס וויל מען זיך באַהאַלטן, ווי אָנגעשראָקענע קינדער...

און פּעטרענקאָ שיסט מיט בייזע בליקן... אויף לינקס און אויף רעכטס...

עס ווערט שטיל. טויט שטיל. די ווענט ציִען זיך אײַן. דער ברודיקער סופּיט האַלט־אײַן דעם אָטעם.

די זעלנערס שטעלן זיך אויף און פּעטרענקאָ הייבט־אָן:

בראַטצי [7]!

אוי... נאָכן בראַטצי גייען שטענדיק שמיץ. פּעטרענקאָ רעדט־אָפּ אַ צען מינוט. ער רעדט מאָראַל: ווען אַ זעלנער, זאָגט ער, ווערט געשמיסן, פֿאַלט דער פֿלעק אויף דער גאַנצער ראָטע...

מיר שטייען אַלע אין שרעק: ווער? ווער וועט דאָס הײַנט זײַן דער קרבן?

און פּלוצלינג דערהערן מיר אַ נאָמען... מיר גלייבן נישט די אייגענע אויערן:

— דידקאָ!

דידקאָ גייט־אַרויס אַ בלייכער און שטעלט זיך אַוועק נעבן פּעטרענקאָ...

---

[7] גוטע ברידער!

— פֿאַר דעם סקאַנדאַל, וואָס דו האָסט געמאַכט שיכּורערהייט אין שטעטל, האָט דער פּאָלקאָווניק דיך פֿאַרמשפּט צו צען שמיץ.

פֿון איין פֿאַר אויגן צו דעם צווייטנס פֿאַר אויגן — אַ נקמה־שמייכעלע האָט גענומען שוועבן אין קאַזאַרמע...

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די מיאוסע צערעמאָניע.

צום ערשטן מאָל איז די זאַך פֿאָרגעקומען אין אַ געהויבענער שטימונג. עס איז פּשוט פֿריילעך געוואָרן.

ביי איינעם פֿון די זעלנערס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

— צען שמיץ איז ווייניק...

— שווייגן! — האָט אַ געשריי געטאָן פּעטרענקאָ און גענומען זוכן מיט די אויגן...

דער שאָטן פֿון שרעק איז ווידער דורכגעגאַנגען איבער דער קאַזאַרמע.

— ווער וויל שמייסן דעם שטענדיקן שמייסער? — האָט זיך פּעטרענקאָ געוויצלט.

— יאָ, יאָ... איך.

אַלע, דאַכט זיך, אַז אַלע ווילן אָפּטאָן אַזאַ הייליק שטיקל אַר־בעט. פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן שטימען.

דידקאָ האָט זיך אַרומגעקוקט — נישטאָ קיין הילף, קיין טראָפּן מיטגעפֿיל — אַ בלייכער, אַ בייזער... בייז, ווי אַ חיה. ווען מען וואָלט אים אין יענער רגע געלאָזן, וואָלט ער שטיקער פֿלייש מיט די ציין געריסן פֿון לעבעדיקע מענטשן.

מען האָט געבראַכט דעם שטרויענעם מאַטראַץ. מען האָט גע־בראַכט די רויטע ריטער און פּעטרענקאָ האָט נאָך אַ מאָל איבער־געלייענט דעם באַפֿעל...

— קנעפּל זיך אָפּ!

— לייג זיך!...

ווי אַ חדר־ייִנגל האָט דער שקלאַף געפֿאָלגט. זיין שיינקייט, זיינע בלויע אויגן, אַלץ איז אין ערגעץ פֿאַרשווונדן געוואָרן, אָפּ־געמעקט געוואָרן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער געלעגן אויף דער נאַרע אַ צעקײַלטער פֿון די ריטער.

אַ שלעכטער מענטש... נאָר אַ רחמנות געווען צו קוקן אויף אים. אין די עטלעכע מינוט איז זײַן פּנים אַלט געוואָרן, מיאוס צעקראָכן... ער האָט געוויינט ווי אַ באָבע און די זעלנערס זײַנען צוגעגאַנגען צו אים נענטער און געמורמלט:

— הונט! פֿאַר אַ הונט איז נישטאָ קיין רחמנות!

וואַראָן, זײַן חבֿר, האָט זיך אָפּגעטראָגן אויף דעם טאָג פֿון קאַזאַרמע. קיינער האָט צו דידקאָן קיין וואָרט נישט גערעדט. ער האָט זיך אײַנגעגעבערט אויף זײַן געלעגער און געשוויגן — פֿאַר אונדז איז ער געווען ווי געשטאָרבן.

## רעקוויזיט

דער לעצטער ווינטער ערבֿ דער רוסישער רעוואָלוציע. איך בין אין פּאָלק און מײַן פּאָלק אין — גיהנום.

די צוואַנציקיעריקע אוקראַיִנישע אונטער־אָפֿיצירן, די אַלטע פֿעלדפֿעבעלס און אַלע בענדלדיקע[1] פֿון דער גרויסער רוסישער אַרמיי — זיי אַלע צוזאַמען האָבן געפּײַניקט דעם זעלנער, געהאַקט מיט די פּיס, געשפּיגן אין פּנים, געשמיסן, געפּאַטשט ביז בלוט.

נישט קיין ווונדער געווען, וואָס יעדער איינער האָט געהאַט אײן חלום, איין פֿאַרלאַנג: אַנטלויפֿן, אַרויסגנבֿענען זיך פֿון דער קאַזאַרמע אָדער אַרויסדרייען זיך פֿון אונטער אָט דעם זוואָדנעמס אויג אויף אַ טאָג, אויף אַ שעה, אויף צען מינוט. קראַנק ווערן איז בײַ אונדז געווען איינס פֿון די גרויסע גליקן... אַ גאָטס מתּנה.

וועגן קרענק האָט מען גערעדט בײַ אונדז און אַלע קרענק האָט מען געשטודירט, געשושקעט זיך... און אַזוי ווי די גרויסע געלערנ־

---

[1] העכערע ראַנגען אין מיליטער.

טע מעדיקערס זוכן מיטלען, ווי געזונט צו מאַכן, אַזוי האָט מען בײַ אונדז, אין קאַזאַרמע, געזוכט מיטלען ווי קראַנק צו ווערן. מען האָט באַהאַלטן פֿלעשלעך מיט טראָפּנס, פּראָשקעס, פֿון וועלכע דאָס האַרץ נעמט פּויקן ווי אַ באַראַבאַן, און בײַ אַ געלעגנהייט פֿלעגט מען שלינגען די רפֿואות און וואַרטן אויף אַ נס: דער דאָקטער זאָל נישט אָנוועקשיקן אויף דער פּאָזיציע. פֿלעגט מען זיך באַרימען איינער פֿאַר דעם צווייטן: איינעם פֿעלן כמעט אַלע ציין, איינער איז האַלב בלינד, טויב, שטום, לאָם... און מען האָט געהאָט פּרעטענזיעס צו נאַטשאַלסטוואָ, וואָס מען האַלט אַזעלכע קאַליקעס. די דאָזיקע קאַליקעס פֿלעגן אָבער אין די מערסטע פֿאַלן אָוועק אויף די פּאָזיציעס און אין גרעסטן פֿאַל זײַנען זיי דאָרטן באַגראָבן געוואָרן אין אַ ברודער־קבֿר. נישט אַלעמען האָט אָפּגעגליקט ערנסט און געפֿערלעך קראַנק צו ווערן. די טיפֿוס־קראַנקע פֿלעגט מען אַרויסטראָגן פֿון קאַזאַרמע מיט שמייכלדיקע אויגן: פּטור געוואָרן...

נאָר מיט מיר איז געשען אַן אַנדער נס, וואָס האָט מיך געראַטעוועט אויף אַ סך וואָכן פֿון דער יסורימדיקער דיסציפּלין און פֿון דער פּאָזיציע.

מײַן פּראָפּאָרשטשיק איסיראָוו, אַ ייִדיש־געבאַקן אָפֿיצירל, וואָס איז אַ געוועזענער קאַנצעלאַריע־שרײַבערל, האָט שוין עטלעכע מאָל מיך אָנגעקוקט מיט אַ געוויסער נײַגעריקייט. בײַ זײַנעם אַ קוק פֿלעג איך אויפֿציטערן. געטראַכט האָב איך אין אַזעלכע רגעס, אַז בײַ מיר איז דאָס היטל אויפֿן קאָפּ אויסגעקרומט אָדער דער שינעל [2] איז נישט פֿעסט אײַנגעצויגן אָדער די ביקס איז נישט גוט אויסגערייניקט... ווער ווייסט אים, דעם פּראָפּאָרשטשיק איסיראָוו!

איך האָב אָבער באַמערקט, אַז די נײַגעריקייט איז נישט קיין בייזע. ער באַטראַכט מיך מיט אַ גוטמוטיקער נײַגעריקייט, אַפֿילו מיט דרך־ארץ. מיט וואָס געפֿעל איך אים אַזוי?

[2] מיליטערישער מאַנטל.

איין מאָל... דאָס איז געווען אין אַ קלאָרן האַרבסטטאָג. נאָך מיטאָג. שוין געווען מיד געווען פֿון שפּרינגען מיט דער ביקס און אָן דער ביקס. אין פֿאַרטעמפּטן געדאַנק לעבט נאָך אַ ביסל מענטש, אַ טראָפּן נשמה. עס ווילט זיך אַנטלויפֿן פֿון פּלאַץ, ווי אַ געפֿאַנגע־נע חיה, וועלכע מען פּײַניקט. עס ווילט זיך אַנטלויפֿן און מען בלײַבט מיט די אַלע געפֿאַנגענע, אויסגעפּײַניקטע. נישטאָ קיין הילף, קיין האָפֿענונג...

פּלוצלינג באַמערק איך אויף זיך ווידער איסיראָווס בליק. מײַן פּראַפּאָרשטשיק איסיראָוו שטייט נאָענט פֿון מיר און באַטראַכט מיך פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, און מיר דאַכט זיך, אַז אין באַטראַכטן שמייכלט ער צו מיר. איך גלײַך זיך אויס ווי אַ סטרונע. ווער ווייס? אפֿשר באַ־דאַרף איך אויך שמייכלען?

נאָר איך באַווײַז מיך נישט צו אָריענטירן: דער אָפֿיציר עפֿנט זײַן אָפֿיצירסקע מויל און פֿרעגט בײַ דעם פּשוטן זעלנער:

— דו ביסט פֿון די אַקטיאָרן?

אַז אַן אָפֿיציר פֿרעגט, מוז מען גלײַך ענטפֿערן. און אַזוי ווי בײַ פֿאָניען אין קאַזאַרמע איז דער בעסטער ענטפֿער: „טאַק טאָטש־נאָ“[3], האָב איך אַזוי געטאָן און אַ געשריי געגעבן:

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָ בלאַ[4]...

איך האָב זיך אַ ביסל דערשראָקן פֿאַר מײַן ליגן און איך האָב זיך גענומען ראַטעווען מיט נײַע ליגנס...

ער האָט מיך אַרויסגערופֿן פֿון סטראָי[5]. איך בין אַרויס, צו־געגאַנגען צו אים. איך האָב אויפֿגעהויבן די האַנט אונטערן קאָזי־רעק[6], האָט ער מיר מײַן האַנט געהייסן אַראָפּלאָזן און געמאַכט האָט ער דאָס גאַנץ פֿרײַנדלעך. ניין! אַזוי קוקט מען נישט און אַזוי רעדט מען נישט צו אַ געוויינלעכן זעלנער. אונטער דעם בליק פֿון מײַן נאַטשאַלניק האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן זיך

---

[3] אַזוי איז עס (פּינקטלעך). — [4] אײַער הויך, וו״ל... — [5] פֿון דער שורה. — [6] אונטערן דאַשיק (פֿון היטל).

דערפֿילט ווי אַ בן־יחיד. איך האָב באַקומען אַ ביסל מוט און רויִק געענטפֿערט אויף זײַנע פֿראַגעס. ער... ער מיינט עס גאַנץ ערנסט. ער גלייבט מיר, אַז איך בין אַן אַקטיאָר.

— ווו האָסטו געשפּילט?

— אין וואַרשע...

— אויף וועלכער סצענע?

— אויף דער פּוילישער סצענע, וואַשע ווי...

— און אויף רוסיש וואָלטסטו געקאָנט שפּילן?

איך האָב כּסדר געדונערט מיט מײַן טאַק טאָטשנאָ.

ער האָט זיך צוגערוקט נאָך נענטער צו מיר און גענומען מיט מיר פֿירן אַ געשפּרעך וועגן טעאַטער. פֿון דעם דאָזיקן געשפּרעך בין איך זייער פֿריילעך געוואָרן, ווײַל איך האָב באַמערקט, אַז מײַן נאַטשאַלניק האָט נאָך אַ קלענערן באַגריף וועגן טעאַטער ווי זײַן אונטערטעניקסטער אַקטיאָר.

ער האָט מיר שוין עטלעכע מאָל געזאָגט „איר" אַנשטאָט „דו". און נאָך אַ זאַך האָב איך אַנטדעקט: אַז יעדער מענטש, אַפֿילו נישט קיין געבוירענער ליגנער, קען אין אַ געוויסן מאָמענט פֿון זײַן לעבן זאָגן גרויסאַרטיקע ליגנס, פֿאַנטאַסטיש זיי אויפֿבויען, מיט זיכער־קייט זיי באַשטעטיקן און כּמעט אַליין אָנהייבן גלייבן אין זײַנע שקרים... הכּלל, איך האָב דעמאָלט געהאַקט ליגנס פֿון גאָטס גנאָד... נאָך מײַנע רייד האָט ער באַדאַרפֿט פֿאַרשטיין, דער פּראַפּאַרשטשיק איסיראָוו, אַז איך בין נישט קלענער פֿון זאָנענטאַלן און נישט ער־גער פֿון קײַנצן, אַז איך קאָן פֿון גאַנצן שעקספּיר מאַכן, וואָס מיר ווילט זיך.

איך האָב געערדט. איך האָב זיך דעמאָלט אויסגערעדט פֿאַר דער גאַנצער צײַט וואָס איך האָב געמוזט שווײַגן אין קאַזאַרמע. איך האָב אים פֿאַרשטאַנען, דאָס געוועזענע קאַנצעלאַריע־שרײַבערל, מיט פֿראַזעס פֿון אַלע הויכע ווערטער, מיט אַ טערמינאָלאָגיע, וואָס איך האָב אַליין נישט פֿאַרשטאַנען. איך האָב געהאַט פֿאַר זיך דעם

אמתן צוהערער... אַ רוי, גוטמוטיק קאַצאַפּל איז דאָס געווען. ער האָט מיר געגלייבט, שוין איין מאָל געגלייבט!...

די סאָלדאַטן פֿון מײַן ראָטע האָבן זיך צוגעקוקט, ווי איך רייד מיטן אָפֿיציר, און איך בין געוואַקסן בײַ זיי אין די אויגן. ווער ווייס? אפֿשר וועט פֿון איצט אָן דער כּלבֿ פּעטרענקאָ, מײַן זוואָדנער, האָבן אַ שטיקל דרך־ארץ פֿאַר מיר.

— דו... איר... פֿאַרשטייט! בײַ אונדז אין אָפֿיצירן־קלוב וויל מען אויפֿפֿירן אַ שטיק. צי וואָלטסטו געקאָנט אײַנטיילנעמען אין דער אויפֿפֿירונג?

עס איז מיר געווען אַ ביסל שווערלעך זיך אַראָפּצולאָזן פֿון אַזאַ הויכן פּיעדעסטאַל, אויף וועלכן איך האָב זיך אַליין אַוועקגע־שטעלט, פֿון דער וואַרשעווער סצענע, ווו מען האָט מיך פּשוט אויף די הענט געטראָגן, אַראָפּפֿאַלן אין אַן אָפֿיצירן־קלוב פֿון אַ פּראָ־ווינצשטאָט פּאַוולאָגראַד. אָבער וואָס טוט מען נישט פֿאַרן פֿאָ־טערלאַנד?

— יאָ! — האָב איך געענטפֿערט און אין האַרצן האָט דערלאַנגט אַ זעץ: ווו קריך איך דאָ? רבונו של עולם? איך ווייס דאָך נישט, ווי מען שטעלט אַ פֿוס אויף דער סצענע...

— דו וועסט אונדז צוהעלפֿן אָרגאַניזירן די גאַנצע זאַך...

— טאַק טאָטשנאָ... איך קאָן אַפֿילו צוגרייטן דעם רעקוויזיט.

די אייגלעך בײַ מײַן פּראַפּאָרשטשיק האָבן גענומען שמייכלען, אַ ביסל אידיאָטיש וואָלט איך זאָגן. דאָס וואָרט האָט אויף אים גע־ווירקט מער ווי אַלע ווערטער, וואָס איך האָב אים אָנגערעדט. איך האָב דערפֿילט, אַז ער ווייס נישט, וואָס דאָס וואָרט באַטײַט. אַנ־דערש וואָלט ער זיך אַזוי נישט געפֿרייט מיט דעם. ווי שלעכט מײַן לאַגע איז דעמאָלט געווען אין אַלגעמיין און ווי קאָמיש אין דעם דאָזיקן טעאַטער־געשפּרעך מיטן יונגן אָפֿיציר, האָב איך דאָך געהאַט אַ שטיקל הנאה פֿון דער געשיכטע. עס האָט מיך גערייצט און געגײַגערט. איך האָב געהאַט אַ שטיקל נקמה: איך קאָן זיך אַ ביסל שפּילן מיט די מענטשן, בײַ וועלכע איך בין נישט מער ווי אַ ציפֿער, אַ נומער, אַ זעלנער אָן רעכט...

— דו קאָנסט רעקוויזיט? איז דאָך גוט!...

— אַוודאי גוט! — האָב איך אים געענטפֿערט אין זײַן טאָן...

— דו... איר וועט אונטערוואַרטן עטלעכע טעג. איך וועל זיך באַראָטן אין אָפֿיצירן־קלוב מיט מײַנע קאָלעגן און מיט די דאַמעס... איר וועט זען, מיר וועלן אַוועקשטעלן אַ שטיק. עס וועט זײַן גרויס־אַרטיק...

ווען ער האָט מיך אָפּגעלאָזט, האָב איך שיִער נישט אויסגע־שאָסן מיט אַ געלעכטער:

— מיר וועלן אַוועקשטעלן אַ שטיק...

„מיר"...

איך ווייס נישט, ווי מען הייבט עס אָן און ער ווייס אַפֿילו נישט וואָס דאָס איז „רעקוויזיט"...

אָבער ער פֿאַרלאָזט זיך אויף מיר און איך פֿאַרלאָז זיך אויף מײַן עלטער־באָבען, זאָל זי דאָרט בעטן גאָט פֿאַר מיר, ער זאָל אין מיר אַרײַנבלאָזן אַן אַקטיאָרישע נשמה, דעמאָלט בין איך גערעטע־וועט פֿון גיהנום...

ער האָט מיך אָפּגעלאָזן און איך האָב באַמערקט, אַז פֿון דעם דאָזיקן געשפּרעך האָב איך שוין געוווּנען, די זעלנערס האָבן געקוקט אויף מיר מיט נײַגעריקע אויגן און פּעטרענקאָ, דער בייזער זוואָדני, האָט זיך אויך געביטן צו מיר. איך בין געוואָרן אַ שטיקעלע יחסן... איך פֿיר געשפּרעכן מיטן אָפֿיציר. ער זאָגט מיר „איר"... הע! איך בין נישט קיין פּשוטער מענטש — איך בין עפּעס...

זאָל לעבן די סצענע!

איך שטעל זיך פֿאָר, ווי די זאַך איז ווײַטער פֿאָרגעקומען מיט דעם פּראָפּאָרשטשיק... ער איז אַוועק פֿאַר נאַכט אין אָפֿיצירן־קלוב און דאָרט האָט ער זיך פֿונאַנדערגערעדט מיט זײַנע קאָלעגן און מיט די דאַמען פֿון פּאָלק:

— בײַ מיר אין ראָטע איז דאָרט פֿאַראַן אַ ייִדל, אַ גרויסער אַקטיאָר. האָט געשפּילט אויף דער פּוילישער סצענע. אַ געבילדע־

טער זשיד. ער קאָן „רעקוויזיט“. מיר קאָנען זיך נעמען צו דער אַרבעט. מען מוז אַוועקשטעלן אַ שטיק...

און די דאַמעס האָבן איבערגעגעבן זייערע באַקאַנטע, אַזוי אַז אין גאַנץ פּאַוולאָגראַד, אין דעם נודנעם, לאַנגווײַליקן פּראָווינץ־לעבן, איז צוגעקומען אַ נײַ וואָרט, אַ שטראַלוואָרט, אַן אומבאַקאַנט וואָרט, וואָס האָט געררייצט און געניײַגערט ווי יעדע אומבאַקאַנטע זאַך... אַ צווייטער אָפיציר האָט שוין מיט מיר גערעדט. אַ דאַמע פֿון אָפיצירן־קלוב איז געקומען זיך דורכריידן מיט מיר... איך בין געוואָרן פּאָפּולער, כמעט באַרימט — אַן אַקטיאָר... און נאָך וואָס פֿאַר אַן אַקטיאָר! אַזעלכער וואָס קאָן אַ פֿוס ניט שטעלן אויף די ברעטער פֿון אַ סצענע... די פּשוטע זעלנערס האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ מכשף. מען האָט שוין געהאַט דרך־ארץ פֿאַר מיר. נישט צוגעלאָזט צו קיין ברודנע אַרבעט. איך האָב דערפֿילט, וואָס דאָס הייסט רום און כּבֿוד... און דאָס איז נאָך בײַם אָנהייב, ווער ווייסט וועלכע טריומפֿן עס וואַרטן נאָך אויף מיר?

דאָס אָפיצירל איסיראָוו האָט דערבײַ אויך געהאַט זײַן ציל: ער האָט זיך געוואָלט פֿאַרנעמען מיט קונסט, כּדי מען זאָל אים נישט אַוועקשיקן אויף דער פּאָזיציע... האָט ער געהאַלטן פֿון זײַן ייִדל. האָט זשאָנגלירט מיטן וואָרט „רעקוויזיט“. ביז ער האָט אויסגעפֿירט: דער אָפיצירן־קלוב האָט באַשלאָסן אַוועקצושטעלן „שולדיק־אומשולדיקע“ פֿון אָסטראָווסקין.

צו מיר איז ער געקומען אַ פֿריילעכער מיט אַן אויסגעשריי:

— אי טאַק מי נאַטשינאַיעם, מיר הייבן־אָן... מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט!

בין איך אָבער אַוועק אויפֿן וועג פֿון שקר. צוריק האָב איך נישט געוואָלט און נישט געטאָרט גיין.

— וואָס דאַרף מען איצט טאָן? — פֿרעגט מיך איסיראָוו...

— צו ערשט באַדאַרף מען קויפֿן עטלעכע ביכלעך פֿון אָסטראָווקיס פּיעסע. דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן זוכן אין די ראָטעס: מיר וועלן אויסזוכן זעלנערס, וואָס זײַנען ווי עס איז צוגעפּאַסט צו שפּילן

די ראָלן, מיר וועלן אפשר געפינען געוועזענע אַמאַטאָרן, דעמאָלט וועט אַוודאי גוט זײַן...

— איך פֿאַרלאָז זיך אויף אײַך אין גאַנצן! — האָט ער מיר אַ וואָרף געטאָן...

ס׳איז לײַכט צו זאָגן. ער גיט מיר איבער אַ שיף, איך זאָל ווערן דער קאַפּיטאַן, בעת איך הייב נישט אָן צו וויסן, ווי מען עסט דאָס. אָבער צו ערשט וועגן די ביכלעך: אין שטעטל, ווו מײַן פֿאָלק איז געשטאַנען, איז קיין ביכער־געשעפֿט נישט געווען — האָט מען מיך אַראָפּגעשיקט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו קויפֿן ספרים. איך האָב באַקומען אויף דעם אַ ברייטן אורלויב אויף גאַנצע פֿינף טעג און אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָב איך זיך געלאָזט ווילגיין. איך האָב געפֿונען באַקאַנטע, באַזוכט ייִדישע אינסטיטוציעס און אומעטום האָט מען זיך געוווּנדערט און געפֿרעגט:

— ווי אַזוי האָט איר זיך אַרויסגעריסן? איר דינט דאָך אין אַזאַ שטרענגן פֿאָלק...

האָב איך זיך געוויצלט און געענטפֿערט מיט איין וואָרט:

— רעקוויזיט...

— וואָס רעקוויזיט, ווען רעקוויזיט? מענטשן האָבן געמיינט, אַז איך בין משוגע געוואָרן.

דערצייל איך די געשיכטע און אַלע לאַכן:

— באַשערט אַ מענטשן גליק, מאַכט ער אַ קאַריערע צוליב אַ וואָרט...

ווען מײַנע פֿינף טעג האָבן זיך געענדיקט, האָב איך די עטלעכע ביכלעך אײַנגעפּאַקט ווי אַ הייליקטום און זיך געלאָזן צוריק אין פֿאָלק און טאַקע גלײַך צום פּראַפּאָרשטשיק איסיראָוו.

ער האָט דערזען די ביכלעך, האָט ער זיך דערפֿרייט, פּונקט ווי מען וואָלט שוין די גאַנצע אַרבעט אָפּגעטאָן... אָבער די אמתע אַרבעט האָט זיך ערשט באַדאַרפֿט אָנהייבן און בײַ מיר האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט... נאָר וואָס קאָן איך דאָ פֿאַרלירן? בין איך נישט קיין אַקטיאָר — וועט מען מיר שיסן דערפֿאַר? און אַז שיסן?

דערווײַל האָב איך שוין אַ סך געוווּנען, אין ראָטע בין איך געוואָרן אַ גאַנצער יחסן... איך און איסיראָוו — מיר ריידן שטענ־דיק וועגן טעאַטער... איך האָב גענומען זוכן סאָלדאַטן, וועלכע קאָ־נען אונדז צו נוץ קומען צו אונדזער אונטערנעמונג. איך האָב בלויז מורא געהאַט פֿאַר איין זאַך: טאָמער שטויס איך זיך אָן אויף אַזעלכן, וואָס וועט עפּעס יאָ וויסן וועגן טעאַטער... דעמאָלט וועל איך אַראָפּ־פֿליִען מיט גרויס חרפּה פֿון מײַן בענקל...

נאָר איסיראָוו האָט פֿון מיר געהאַלטן, נישט אַזוי פֿון מיר, ווי פֿון מײַן אַקטיאָרישן טאַלאַנט... און מיר האָבן זיך געלאָזן איבער די ראָטעס זוכן אַקטיאָרן... מיר האָבן זיי עקזאַמינירט. מיר, צוויי אמתע טעאַטער־מענטשן... איך און דער פּראַפּאָרשטשיק איסיראָוו...

אַן אַנדער הויט איז אויף מיר אַרויף. איך האָב אויסגעגלײַכט דעם קאָפּ. איך האָב גענומען ריידן מיט אַן אַנדער טאָן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ גרויסן קינסטלער. זייענדיק איצט מער פֿרײַ און אומ־אָפּהענגיק, פֿלעג איך זיך אַרײַנכאַפּן צו אַ שנײַדער, ער זאָל פֿאַר־בעסערן מײַן שינעל. צו אַ שוסטער בין איך אַרײַן; צו אַ היטל־מאַ־כער; איך האָב זיך אויסגעפּוצט, אויסגעגלאַנצט מעשׂה אָפֿיציר, אָדער... אפֿשר נאָך העכער... און איך האָב געקליבן אַקטיאָרן... גע־זוכט קינסטלערס פֿאַר דער פֿאָרשטעלונג, וואָס דאַרף פֿאָרקומען אין אָפֿיצירן־קלוב.

די זעלנערס האָבן זיך דערווײַל דערוווּסט, אַז איך בין אַ „טעאַטער־מענטש״, אַז איך זוך אַקטיאָרן, און אַלע זײַנען מיט אַ מאָל געוואָרן „שפּילערס״. איך האָב שוין נישט באַדאַרפֿט אויס־פֿאָרשן, אויספֿרעגן. מײַן אונטערנעמונג איז איצט געוואָרן לײַכ־טער... ווילט איר, וועלן באַלד אַלע טויזנטער זעלנערס פֿון מײַן פּאָלק נעמען שפּילן...

מען איז געקומען צו מיר מיט יחוס־בריוו:

— איך האָב געשפּילט דאָ און דאָרט...

— בײַ אונדז אין שטעטל איז געווען אַ דראַמאַטישער קרײַז און איך בין געווען רעזשיסאָר.

איינער איז טאַקע געקומען מיט אמתע באַווײַזן, אַז ער האָט געשפּילט אין... צירק. נאָך איינער האָט באַוויזן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, אויף וועלכער ער איז פֿאָטאָגראַפֿירט געוועזן מיט אַ פּראָווינציעלן אַקטיאָר. הכּלל, יחוס איז יחוס...

נאָר בײַ אַ גנבֿ גנבֿעט מען נישט. איך האָב געמאָסטן זייערע טאַלאַנטן נאָך מײַן אייגענעם אַקטיאָרישן טאַלאַנט און איך בין געוואָרן אַ גרויסער אויסקלײַבער... מײַן פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסן. איך בין געוואָרן אַ יחסן. מען האָט מיר שוין עטלעכע מאָל געזען אין דעם איינציקן קאַפֿע פֿון פּאַוולאָגראַד; מיט איסיראָוון בין איך געזעסן און געטרונקען קאַווע... קאַווע! דאָ מוז איך זיך אַ ביסל אָפּשטעלן. דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט קאַווע, וואָס האָט מיך דערמאָנט די כּשרקייט פֿון מײַן אַקטיאָרישן טאַלאַנט. נאָר נישט דער געטראַנק איז געווען דער עיקר. איך זיץ מיט אַן אָפֿיציר בײַ איין טישל; צו אים קומען־צו נאָך אָפֿיצירן; מיר באַגריסן זיך „פּאָ אָפֿיצערסקאָמו" — איך קלאַפּ־צו מיט די שווערע שטיוול; מיר זעצן זיך אַוועק און מיר רייִדן וועגן קונסט; מיט דער דאָזיקער חבֿרה האָט מען וועגן אַלץ געקאָנט רייִדן; זיי האָבן אַלץ געגלייבט און נישט אָפּגעטאַנירט. אַ מחיה!

נאָר איסיראָוו האָט געמאַטערט:

— נעמט זיך צו דער אַרבעט!

האָב איך צונויפֿגעקליבן אַ צענדלינג יונגע זעלנערס מיט גוטע האַנטשריפֿטן און מיר האָבן זיך געלאָזן אויסשרײַבן די ראָלן. מען האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ צימער אין „אָפֿיצירן־קלוב"... וועגן דעם אַלץ האָט געזאָרגט איסיראָוו. דאָס צימער איז געווען אַ קדשי־קדשים. מען פֿלעגט פֿאַרבײַגיין דעם דאָזיקן שרײַבצימער מיט לײַכטע טריט. מען פֿלעגט נישט טומלען נאָנט פֿון דאָרט...

— דאָ אַרבעטן די „אַקטיאָרן"...

און די אַקטיאָרן האָבן געאַרבעט לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיק, קיין אות זאָל נישט קאַליע ווערן... און דער עיקר, חבֿרה! מען דאַרף געווינען צײַט. אַ שעה ראַטעווען, אַ טאָג — דאָס איז אַלץ אַ גליק.

איסיראָוו פֿלעגט קומען צו אונדז עטלעכע מאָל אַ טאָג. ער פֿלעגט זיך רײַבן די הענט און אָנקוועלן:

— ראַבאָטײַטע בראַטצי [7]!

ער פֿלעגט אַפֿילו פֿרעגן, פֿאַר וואָס מען אַרבעט אַזוי לאַנגזאַם. האָב איך אים געענטפֿערט, אַז דאָס שאַדט נישט. איך וועל דערווײַל צוגרייטן דעם רעקוויזיט... וועגן אויסשרײַבן די ראָלן, האָב איך נישט געוווּסט, ווי מען מאַכט עס, האָב איך באַפֿוילן אויסצושרײַבן פֿון די ביכלעך אין די העפֿטן, איבערשרײַבן אַלץ און מער גאָר נישט — זאָל זיך יעדערער געפֿינען זײַן ראָל, ווי ער פֿאַרשטייט עס...

און איך אַליין בין אַרומגעגאַנגען, ווי אַ פּרינצל... איסיראָוו האָט עס פֿאַרשטאַנען אַזוי: „ער מוז אַרומגיין פֿרײַ. ער זוכט באַגײַסטערונג". ווען איך פֿלעג זאָגן, אַז איך נעם זיך גרייטן צום רעקוויזיט, דעמאָלט פֿלעגט ער אויפֿלעבן און אָנשטעלן אויף מיר אַ פּאָר אויגן. די טעמפּע אויגן ווערן ערנסטער בײַ אים. ער האָט זיך, ווײַזט־אויס, טיף אַרײַנגעטראַכט אין דעם זין פֿון וואָרט.

דערווײַל איז אַרויס אַ באַפֿעל, מען זאָל אַלע זעלנערס שטעלן פּאַקן, האָט מען אונדז אויף עטלעכע טעג אָפּגעריסן פֿון דער הײַליקער אַרבעט... דערנאָך האָט מען אונדז געפּיקט טיפֿוס און כאָלערע... ווידער אָפּגעריסן פֿון דער אַרבעט! מיר זײַנען געווען פֿון דעם זייער צופֿרידן. פּריווילעגירטע קונסטמענטשן זײַנען מיר געבליבן. און זאָל זיך דאָס ציִען וואָס לענגער! עס איז אַ טײַערער חלום. געבענטשט זאָלן זײַן די ערשטע, וואָס האָבן אויסגעטראַכט „טעאַטער" — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָלן זיי האָבן!

איך האָב אויפֿגעלעבט. איך האָב דערפֿילט דעם זיסן טעם, וואָס דאָס הייסט אַ ביסל פֿרײַהייט און וואָס דאָס הייסט זײַן אַ שטיקל יחסן. פֿון אַלע זײַטן דערלאַנגט מען מיר פּאַפּיראָסן. מען טרעט מיר אָפּ דעם וועג און אַ פּשוט זעלנערל לייגט שוין צו די

[7] אַרבעט, ברידערלעך!

האַנט צו זײַן קאַזירעק, ווען ער דערזעט מיך — ער ווייסט נישט ווער איך בין אין ראַטע... אפֿשר אַ נאַטשאַלניק... וויל ער מיט מיר נישט אײַנרײַסן...

איך בין אַלמעכטיק. מען האָט געזוכט בײַ מיר פּראָטעקציע פֿון אַלע זײַטן...

איין מאָל איז געקומען צו מיר אַ ייִדענע, אַרויסגערופֿן מיך, דעם אַקטיאָר פֿון די אַקטיאָרן, און אָנגעהויבן וויינען:

— ראַטעוועט מײַן זון! זיי וועלן אים דאָך פֿאַרמאָרדעווען אין קאַזאַרמע.

— איך? מיט וואָס זאָל איך אים ראַטעווען? ווי אַזוי?

— מאַכט אים פֿאַר אַן אַקטיאָר. זאָל זײַן אַן אַקטיאָר, אַבי זיך ראַטעווען פֿון זייערע הענט!

דעמאָלט האָב איך זיך שוין נישט אײַנגעהאַלטן. איך האָב גענומען לאַכן. פֿאַר די גאַנצע צײַט האָב איך זיך אויסגעלאַכט. זי האָט מיר אָנגעקוקט און געפֿרעגט:

— וואָס לאַכט איר פֿון מיר? איך בין אומגליקלעך... מײַן איינציקער שפּײַזער.

האָב איך זיך אײַנגעבויגן צו דער ייִדענע און איר אײַנגערוימט:

— ייִדענע! אפֿשר קאָנט איר מיך מאַכן פֿאַר אַן אַקטיאָר?

זי האָט מיך נישט פֿאַרשטאַנען... איך בין קוים אַוועק פֿון איר און אין האַרצן האָט מיך געשטיקט אַ ביטער געלעכטער.

— „מאַכט אים פֿאַר אַן אַקטיאָר"...

ווו נעמט מען עפּעס אַ כּישוף־מאַכער, ער זאָל מיך מאַכן פֿאַר אַן אַקטיאָר? דעמאָלט וואָלט מיר גאָר נישט שלעכט געווען.

דעם קאָמפּלעט מענער פֿאַר דער אונטערנעמונג האָב איך מיט איסיראָװן שוין צוזאַמענגעשטעלט. איך פֿלעג זאָגן מבֿינות, אַז דער און דער וועט זײַן גוט צו דער ראָל... איסיראָװ פֿלעגט באַשטעטיקן און אַ מענטש איז געראַטעוועט אויף אַ צײַט פֿון אַלע צרות.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט די פֿרויען. מײַן פּלאַן איז געווען, אַז די דאַמעס פֿון אָפֿיצירן־קלוב, די אָפֿיצירישע ווײַב־

לעד, זאָלן שפּילן... נאָר ווען איסיראָוו האָט דאָס פֿאַרגעלייגט, האָט מען זיך צו ערשט אויף אים געבייזערט: שפּילן מיט פּראָסטע זעלנערס? ווער ווייסט? מען דאַרף זיך אפֿשר קושן אויך אויף דער סצענע... מיט פּראָסטע זעלנערס?...

איך האָב אויפֿגעוויזן איסיראָוון, אַז קונסט ווייסט נישט פֿון אַזעלכע זאַכן. בײַ דער מומע קונסט זײַנען אַלע מענטשן גלײַך. און איסיראָוו האָט מײַנע אַלע ווערטער איבערגעחזרט אין קלוב, און די זאַך איז אָנגענומען געוואָרן.

האָבן זיך אָנגעהויבן נײַע צרות: די אָפֿיצירישע ווײַבלעך האָבן זיך גענומען הרגענען פֿאַר די ראָלן, ווי אמתע אַקטריסעס... יעלענע מאַרקאָוונאַ וויל יאָ שפּילן... מאַריאַ פּעטראָוונאַ וויל ניט שפּילן... פּעטראָוונאַ, איוואַנאָוונאַ... בײַ מיר אין קאָפּ איז אַוועק אַ מישמאַש פֿון נעמען און אינטריגעס. מען האָט אַגיטירט. מען האָט גערעדט און גערעדט. מען האָט אַפּעלירט צו מײַן אַקטיאָרישן געוויסן. איך בין געוואָרן דער צענטער פֿון פּאָלק...

איך האָב דאָס געזאָלט זײַן דער פֿאַרמיטלער צווישן די צעבונטעוועטע ווײַבער. מײַן לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע. פֿאַר די ווײַבער האָב איך נישט קיין מורא געהאַט. נאָר ווער ווייס? יעלינאַ מאַרקאָוונאַ און מאַריאַ פּעטראָוונאַ קענען מיך נאָך פֿאַרמסרן פֿאַר זייערע מענער. מען קאָן מיך גוט באַשטראָפֿן, אָנלערנען אַזוי אַז איך זאָל שוין מער קיין אַקטיאָר נישט וועלן זײַן. איך האָב קאָמבינירט, געשאָטן מיט קאָמפּלימענטן אַהין און אַהער. הײַנט האָב איך צוגעזאָגט איינער, אַז זי וועט שפּילן די ראָל, מאָרגן צוגעזאָגט אַ צווייטער, און אַלעמען גענאַרט... ווײַל ווער־ווער? איך האָב דאָך געוווסט, אַז צו קיין פֿאָרשטעלונג וועט נישט דערגיין, ווײַל קיינער פֿון אונדז ווייס גאָר נישט וואָס צו שפּילן, ווי צו שפּילן, און איך, דער גרעסטער אַקטיאָר פֿון מײַן פּאָלק, איך וועל גיכער שטאַרבן איידער שטעלן אַ פֿוס אויף דער סצענע. איך בין אויסן געווען אָפּצוציִען וואָס מער צײַט... און דאָס האָט זיך מיר דערווײַל אײַנגעגעבן: געראָטעוועט איין וואָך נאָך דער צווייטער.

דערוויַל, דערוויַל... האָב איך אין יענער צײַט גרויסאַרטיק פֿאַרבראַכט. געווען אויף בעלער אין אָפּיצירן־קאַסינאָ, באַקענט זיך מיט אַלע אָפּיצירשע טעכטער און ווײַבער... איך, דער גרויסער אַקטיאָר מיטן צויבערוואָרט „רעקוויזיט" אויף די ליפּן. איך האָב געפֿירט געשפּרעכן וועגן אַלץ אין דער וועלט, וועגן אַלץ, וועגן קונסט, וועגן טעאַטער. און איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? עס איז גאָר נישט שווער צו זײַן אַ כלעסטאַקאָוו אין לעבן. די באָבטשינסקיס מיט די גאָראָדניטשיס [8] וואַלגערן זיך אויף שריט און טריט.

אויף מײַן באַפֿעל האָט מען געשלעפּט אויפֿן הויף פֿון אָפּי־צירן־קאַסינאָ פֿאַרשיידענע ברעטער, קלעצער, שפּיגלען, קאַנאַפּעס, שטולן, קרעדענסן... דאָס אַלץ באַדאַרף איך צום רעקוויזיט. חבֿרה האָבן געגלאַנצט מיט די אויגן. זיי האָבן קיינער נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס איך וויל דאָ מאַכן. זיי האָבן נישט געוווּסט און איך האָב אויך נישט געוווּסט... איך בין געווען דער העלד פֿון טאָג, נאָר די גאַנצע צײַט האָב איך געזוכט אַ גרוב, ווו זיך צו באַהאַלטן...

באמת, עס האָט מיך שוין אָנגעהויבן פֿאַרדריסן די גאַנצע אַוואַנטורע. שוין בעסער לײַדן אין קאַזאַרמע, קריגן קלעפּ, איידער זײַן אַ פֿאַלשער אַקטיאָר. איך האָב זיך גענומען שרעקן. יעדע רגע האָט מיך אויסגעדאַכט, אַז איסיראָוו וועט באַלד צו מיר צוקומען, אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש און אויסשרײַען:

— מאַשעניק! זשיד, מאַשעניק [9]...

נאָר איסיראָוו איז צו מיר גוט ווי אַ מלאך. ער וואַרט אויף מײַנע ניסים.

מען האָט שוין געענדיקט איבערשרײַבן די ראָלן. מאָרגן צע־טיילט מען עס די העלדן. זײַנען אָבער די ראָלן, די אַלע העפֿטלעך, פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. נישטאָ, פֿאַרפֿאַלן געוואָרן!

---

[8] טיפּן פון גאָגאָלס קאָמעדיע רעוויזאָר, וועלכע זײַנען געוואָרן אַ שם דבר: 1) דער העלד על־פּי צופֿאַל; 2) די פּלאַפּלערס וואָס זוכן סענסאַציעס; 3) די טעמפּע באַאַמטע. — [9] אַפֿעריסט, שווינדלער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג. איסיראָוו איז שיִער פֿון זינען אַראָפּ... נישטאָ!...

האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט איינער פֿון מײַנע געהילפֿן אָפּגערוימט די ראָלן. ער האָט זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַזאַ אָרט, פֿון וואַנען מען קאָן זיי שוין נישט אַרויסנעמען.

צוליב וואָס האָט ער דאָס געטאָן? די אויסרעכענונג איז געווען אַ פּשוטע: איבערשרײַבן די ראָלן האָט געדויערט בײַ אונדז דרײַ וואָכן. איצט האָט זיך אָנגעהויבן די ערנסטע צײַט, ווען מען דאַרף באַווײַזן, וואָס מיר קאָנען. און אַזוי ווי די ראָלן זײַנען נישטאָ, וועט מען זיך איצט מוזן נעמען אויף דאָס נײַ אַרבעטן... און נײַע צוויי וואָכן זײַנען אַזוי ווי אין קעשענע...

דאָס איז געווען אַ געניאַלער אײַנפֿאַל. נאָר ווי לאַנג וועט מען קאָנען אַזוי ציִען?

מען האָט ווידער איבערגעשריבן די ראָלן. מען האָט געאַרבעט לאַנגזאַם, וואָס לאַנגזאַמער קאָן שוין ניט זײַן, מען האָט זיך געצאַצקעט מיט יעדן אות... און אַרום איז שוין אַלץ צוגעגרייט געוואָרן: יעלענאַ מאַרקאָוונאַ מיט מאַריאַ פּעטראָוונאַ זײַנען שוין צווישן זיך אויך דורכגעקומען וועגן די ראָלן... נאָך אַ טאָג, און מיר וועלן זיך שוין נעמען צו די פּראָבעס. מיר האָבן דעם גאַנצן צוזאַמענשטעל... נאָך אַ טאָג, און איך. וועל נעמען ווײַזן מײַנע בקיאות אין רעזשיסערײַ... רײַנהאַרדט, מייערכאָלד, יעווּרעיִנאָוו — איר מעגט זיך באַהאַלטן מיט אײַערע טעאַטער־קענטעניש!...

איך בין אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער. אײַ, האָט זיך מיר נישט געוואָלט אַראָפּפֿליִען פֿון טראָן מיט חרפּה! דער גאַנצער פּאָלק, אַלע מיידלעך פֿון שטעטל, די אָפֿיצירישע דאַמעס, מען האָט דאָך געקוקט אויף מיר ווי אויף דעם גרעסטן גאון... איך האָב אַ שיין ביסל טעאַטער־ליגנס אָנגעבאַקן פֿאַר דער צײַט... ווי ציט מען עס ווידער אָפּ, דעם גאַנצן ענין?

שוין בעסער גיין אויפֿן פֿראָנט, געהרגעט ווערן... אַ סוף זאָל דאָס נעמען!

און דאָך — גאָט איז אַ פֿאָטער. איך בין געראַטעוועט געוואָרן...

איין מאָל, בעת איך מיט אַלע מײַנע אַקטיאָרן האָבן זיך אַזוי אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַס אין דעם גרויסן זאַל פֿון אָפֿיצירן־קלוב... האָט זיך געעפֿנט די טיר און ווערעטינאָוו, קאַפּיטאַן ווערע־טינאָוו, איז אַרײַן אין זאַל... דאָס איז געווען דעם פּאָלקאָווניקס אַד־יוטאַנט, דער גרעסטער המן צווישן די המנס. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט נאָך קיין מאָל אין לעבן נישט קיין שמייכל געטאָן.

ער איז אַרײַן מיט אימפּעט און גענומען זוכן מיט די אויגן. דערזען האָט ער אַ סך ייִדישע זעלנערס, וואָס דרייען זיך אַרום ליידיק.

— דיזשורני! — האָט ער אַ דונער געטאָן און צו אים איז גלײַך צוגעלאָפֿן אַן אונטער־אָפֿיצירל.

— ווער זײַנען די מענטשן? — האָט ער אָנגעוויזן אויף אונדז.

— וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע... דאָס זײַנען אַקטיאָרן. זיי וועלן שפּילן טעאַטער...

ווערעטינאָוו האָט אונדז באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און אַ ברום געטאָן:

— קטאָ, עטאָט סוואָלאָטש [10] וועט שפּילן טעאַטער?

— טאַק טאָטשנאָ! — האָט אָפּגעענטפֿערט דער דיזשורניע.

— מאַרש וו' קאַזאַרמו, סוואָלאָטש [11]...

און מיר האָבן שוין געוווסט וועמען ער מיינט מיט דעם וואָרט „סוואָלאָטש". מיר האָבן גענומען לויפֿן אַן פֿיס... ווערעטינאָוו, דער אַדיוטאַנט, האָט זיך געשטעלט אין טיר און קאָלט, גרויזאַם קאָלט, געדונערט:

— ביעגאָם, סוואָלאָטש, ביעגאָם [12]!... לויפֿן...

מיר זײַנען געקומען פֿאַרסאָפּעט, אָן אָטעם, אין קאַזאַרמע. די זעלנערס האָבן אונדז אַרומגערינגלט:

---

[10] ווער, דער פּאַסקודניאַק? — [11] אין קאַזאַרמע, מנוול! — [12] מיט לויפֿ־טריט.

— וואָס איז געשען?

מיר האָבן געענטפערט:

— ווערעטינאָוו...

— האַ! ער האָט פײַנט אַקטיאָרן...

— ער האָט ליב זעלנערס.

איך האָב זיך פֿאַררוקט אין אַ ווינקל און מיט אַ געמאַכטער פֿאַרביטערניש געטראַכט, ווי די קונסט, די אמתע געטלעכע קונסט, ווערט עס צעטראָטן פֿון אַ ווערעטינאָוו, פֿון די גראָבע זעלנערישע שטיוול. איך האָב באַדויערט די קונסט... און אין דער פֿינצטערער קאַזאַרמע האָט געשוועבט מײַן שמייכל, אַ שמייכל פֿון באַפֿרײַונג...

עטלעכע טעג כסדר האָב איך מורא געהאַט, טאָמער רופֿט מען מיך צוריק אין אָפֿיצירן־קלוב, איך זאָל ווײַטער אָנפֿירן מײַן קונסט־אַרבעט. נאָר געלויבט דער אייבערשטער... ווערעטינאָוו דער בײ־זער המן האָט ליקווידירט דעם גאַנצן ענין.

איך האָב אים דערפֿאַר נישט געשאָלטן.



פון רעכטס צו לינקס: **דוד פרישמאַן, ז. סעגאַלאָוויטש און חיים־נחמן ביאַליק, אין אָדעס, אין 1917**

# ער און זי

אַ מענטש מיט אַ גיטאַרע
איך, זי און ער
דער גאָלדענער פּאָרטסיגאַר
מָשהלע נאַטוראַלני

# אַ מענטש מיט אַ גיטאַרע

שטעט האָבן נשמות. אומעטיקע און פֿריילעכע נשמות. וואָכעדיקע און יום־טובֿדיקע. גאַסן האָבן נשמות. די גאַס, וווּ עס שטייט אַ שיינער און אַלטער תּפֿילה־טעמפּל, האָט באַשטימט אַן אַנדער נשמה ווי די גאַס, וווּ עס ברענט, להבֿדיל, דער געלער לאָמפּ... הויפֿן האָבן נשמות. יעדער הויף מיט זײַן ביסל אָרעמקייט אָדער רײַכקייט. יעדער הויף מיט זײַנע אינטריגעס און רכילות, מיט זײַנע צוגעמאַכטע אָדער געעפֿנטע פֿענצטער. דאָרט, וווּ פֿריילעכע קינדער שטיפֿן, שוועבט אַן אַנדערע נשמה ווי דאָרט, וווּ אַלטע לײַט קריכן־אַרויס זיך וואַרעמען אַ ביסל אויף דער זון...

אויף אונדזער הויף, וווּ איך האָב געלעבט אין וואַרשע ביזן אויסבראָך פֿון דער מלחמה, אויף איינער פֿון די אַלטע גאַסן אין וואַרשע... אַ מאָדנער הויף איז דאָס געווען און אַ מאָדנע נשמה האָט ער געהאַט. דער טינק פֿון מויער איז געווען אָפּגעקראָכן און אָפּגעשיילט, ווי אַ קראַנק פּנים. פֿיר ווענט מיט פֿענצטער אין יעדער וואַנט האָבן געקוקט אויף דער צווייטער אָן קנאה, מיט אַ טויטער גלײַכגילטיקייט, ווי עס קוקן די פֿיר ווענט פֿון אַ קבֿר איינס אויף דעם צווייטן. נאָר הינטער די גרויע געשיילטע ווענט האָבן זיך באַהאַלטן לעבעדיקע, אָדער האַלב לעבעדיקע מענטשן... מאָדנע מענטשן און זעלטן צוגעקליבענע, איין שכן צוגעפּאַסט צום צווייטן, אַלטע, אָפּגעלעבטע, נודנע, בייזע און שווײַגנדיקע, און אפֿשר נישט קיין בייזע און נישט קיין נודנע... ווער האָט פֿון זיי געוווּסט? אַז די טירן זײַנען שטענדיק פֿאַרמאַכט! אַז צום אָפֿענעם פֿענצטער גייט קיינער כּמעט נישט צו...

און די פֿענצטער אַליין זײַנען זעלטן ווען אָפֿן, פּונקט ווי די שכנים וואָלטן דאָרטן געהאַלטן שיין געפֿעדערטע פֿייגל, זינגפֿייגל,

און זיי האָבן שטענדיק מורא, די דאָזיקע פֿייגל זאָלן נישט אַוועקפֿליִען. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן אילוזיע. גיכער האָט מען געקענט גלייבן, אַז די פֿייגל זײַנען דאָרטן בלײַענע, שווערע, ווי דער טויט. באַגראָבענע לעבעדיקערהייט האָבן זיך די מענטשן אין זייערע קבֿרים־חדרים...

דער הויף האָט שטענדיק געשוויגן און געהאַט האָט ער אַ מאָדנע לופֿט, ווי פֿון אַלט אײַנגעזויערט קרויט.

קינדער?... די מענטשן האָבן דאָרט קיין קינדער נישט געהאַט. ווי קומען מתים צו קינדער? און דאָס פּלאַפּלערײַ פֿון די קינדער האָט געפֿעלט מער ווי אַלץ...

דאָס קוויטשערײַ פֿון קינדער. ניין! אויף יענעם הויף האָבן קיין קינדער נישט געפּלאַפּלט. מען האָט נישט געהערט נישט קיין לאַכן און נישט קיין געוויין. עטלעכע שכנים האָבן געהאַלטן הינט, זײַנען דאָס מאָדנע הינט געווען: תּמיד געלעגן מיט די באַלעבאַטים זייערע אין שטוב און קיין מאָל נישט געבילט. געווען אַ קאַץ אויף יענעם הויף מיט אַ גרויער פֿעל, האַלב אויסגעקראָכן די האָר פֿון דער קעצישער פֿעל, און אַזאַ קאַץ איז כּסדר געקראָכן אין מיסטקאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין לעצטן ווינקל פֿון הויף. אַ האַלב געפּגרטע קאַץ, נאָר צו דער שטימונג פֿון הויף איז זי נייטיק געווען, ווי די ראַנדפּרעסקע [1] צום געענדיקטן בנין. געדאַכט האָט זיך, אַז די ווערובלעס [2] אונטערן דאַך זײַנען דאָ גרויער ווי אַנדערשווו און זייערע איינטאָניקע קלאַנגען זײַנען דאָ נאָך מער איינטאָניקער...

אויף יענעם הויף... עס דריקט די דעראינערונג פֿון אַזאַ הויף. האַלב־תּפֿיסה־שטימונג לעבט־אויף אין זכּרון. מיט שנעלע טריט לויפֿט מען פֿאַרבײַ אַזאַ הויף מיט אַזעלכע גרויע טרעפּ און מיט נאָך האַסטיקערע טריט פֿאַרלאָזט מען אַזאַ הײם. און שטענדיק זיצסטו בײַ די באַקאַנטע אַ ביסעלע לענגער ווי דו וואָלטסט באַדאַרפֿט

[1] מאָלערײַ אויף ווענט. — [2] (פּויליש) שפּערלינג, וואָראָבייטשיק.

זיצן, ציסט־אָפּ די צײַט, כּדי ווייניקער צו זײַן אין דײַן שווערער היים.

דײַן הויף... אָט הײַנט־מאָרגן וועט עמעצער זיך דאָ דאָס לעבן נעמען. דער הויף האָט נישט קיין אָטעם פֿון לעבן. דער הויף האָט נישט קיין וואַרעמקייט, קיין שטימונג, און אויב ער האָט יאָ שטימונג, איז עס אַ לוויה־שטימונג.

ווער זײַנען געווען די שכנים? אַ באַן־באַאַמטער אַ רוסישער, וועלכער האָט אָפּגעדינט אויף זײַן פּאָסטן העכער דרײַסיק יאָר און צום סוף האָט מען אים געכאַפּט בײַ אַ גנבֿה. מען האָט אים אַרויסגעטריבן, האָט ער געלעבט פֿאַר די לעצטע געגנבֿעטע רובלס און איז געווען אין כּעס אויף די, וועלכע כאַפּן אַ גנבֿ. דער צווייטער שכן, אַ געוועזענער רעיענט, אַ פּאָליאַק, מיט גרויסע גרויע וואָנצעס. ער האָט עפּעס אויך געהאַט נישט קיין כּשרע געשעפֿטן און איז געבליבן בײַ די בייזע וואָנצעס. אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, אַ ייִד, וואָס האָט פֿײַנט געהאַט ייִדן שטאַרקער ווי המן אַליין; ער האָט גערעדט פּויליש, ווי צען פּוילישע פּראָפֿעסאָרן, דערבײַ האָט מען געפֿילט, אַז דאָס טאַקע דערהאַלט אים בײַם לעבן, דאָס גוט ריידן פּויליש. געווען איז ער אַ גרויסער קבצן, ער האָט פֿײַנט געהאַט ראָטשילדן, ווײַל יענער איז נישט געווען קיין קבצן. אַן אַלטער חסיד מיט אַ זון — זיי האָבן שטענדיק געלערנט און קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון וואָס זיי לעבן. דער סטרוזש האָט געזאָגט, אַז דער זון איז משוגע און אַ קרעמערקע פֿון קעגנאיבער האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז דער אַלטער איז משוגע. מעגלעך, אַז זיי האָבןביידע געזאָגט אמת. אין דער חסידישער שטוב האָט מען קיין מאָל קיין פֿענצטער נישט געעפֿנט, נאָר פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט אויף די שויבן זייערע אַרויפֿקריכן אַ נאָז מיט אַ שוואַרצער באָרד אָדער אַ נאָז מיט אַ גרויער באָרד. געווען דאָרט אַן אַריסטאָקראַטישער פֿעלדשער, אַן אַריסטאָקראַט דערפֿאַר, ווײַל באַנקעס מיט פּיאַווקעס פֿלעגט ער שטעלן בלויז אַריסטאָקראַטן און פֿון אַזעלכע געהויבענע פּאַציענטן איז ער אַליין בײַ זיך געוואָרן אַ גרויסער

יחסן... שפּרייַזן פֿלעגט ער ווי פּאָטאָצקי און קוקן ווי זאַמאָיסקי, ריידן ווי ראַדזיוויל און שווייַגן ווי בראַניצקי [3]. ער האָט פֿייַנט געהאַט אַלע דאָקטוירים, ווייַל זיי האָבן געהאַט דיפּלאָמען און מען פֿלעגט זיי רופֿן יעדן איינעם:

— פּאַן דאָקטאָר!

און ער איז געווען בלויז אַ פֿעלדשער. אַ שפּאָר ביסל פֿאַרביטערניש האָט ער אויף דעם פֿאַרשאָלטענעם הויף פֿאַרפֿלאַנצט מיט זייַנע בייזע בליקן.

און נאָך אַ שכן, וועגן וועלכן איך האָב עפּעס געוווּסט: אַן אַלטער קאָלעקטאָר. דער דאָזיקער גרויער, געבויגענער ייִד מיט דעם דאַרן פּנים, מיט די אייביק פֿיבערישע אויגן, פֿלעגט צו מיר אַרייַנקומען און תּמיד איַינריידן:

— איר זייַט דאָס שטיקל פּאַפּיר, דאָס איז אייַער גליק.

און איך האָב כּסדר געקוקט אויף זייַן וויסט פּנים און געלייענט זייַן גליק. פֿון ציִונג צו ציִונג וואַרט דער מענטש; ער בעט גאָט נישט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר זייַנע קונדן, זיי זאָלן נאָר עפּעס געווינען, וועט אים שוין אויך עפּעס אַראָפּפֿאַלן. נאָר קיין גרויסע געווינסן האָט ער אין זייַן לעבן נישט געהאַט. איך גלייב, אַז אין אַלץ איז שולדיק געווען דער הויף. אויף אַזאַ הויף געווינט מען נישט... עס פֿלעגן דאָ טרעפֿן טעג, וואָס קיין פֿרעמדער מענטש פֿלעגט זיך נישט ווייַזן. איך געדענק נישט קיין איין שׂמחה, מוזיק זאָל דאָרט אַ מאָל שפּילן, געסט זאָלן פֿון ערגעץ אַרויסלאַכן. אַפֿילו די הויפֿהענדלערס פֿלעגן דאָרטן ניט שרייַען...

אויף אונדזער הויף פֿלעגט מען גאָר נישט קויפֿן און גאָר נישט פֿאַרקויפֿן. מענטשן האָבן דאָרט געלעבט צוליב דעם, כּדי צו פֿאַרשליסן די טירן פֿאַר אַ צווייטן מענטש. אומצופֿרידענע מענטשן, אויסגעגליטשטע. פֿון גליק האָבן זיי רעזיגנירט, בייזע אויף וועמען, בייזע... די פֿיר אַרומיקע ווענט זייַנען געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט זייער

[3] די נעמען פֿון די יחוסדיקסטע משפּחות פֿון פּוילישן אַדל.

בייזקייט און עס איז געווען פשוט אַ ווונדער, וואָס אויף די בייזע וועגט איז די זון געקראָכן, באַלויכטן די אָרעמקייט און דעם צאָרן פון אַ הויף, וואָס האָט געהאַט אַ ביטערע נשמה אויף דער גאַנצער וועלט...

ווען איך וואָלט געשריבן מוזיק, וואָלט איך פון אַזאַ הויף אָנגעשריבן די סימפאָניע פון גרויקייט. מיט טויטע קלאַנגען האָט מען געמוזט אָנפולן אַזאַ סימפאָניע און דער דיריגענט וואָלט באַדאַרפט זײַן דער לאַנגער לולב־מענטש, דער פאַן פעלדשער... און די צוהערערס — די שכנים, בלויז די שכנים פון פאַרשטיינערטן הויף...

איין מאָל האָט זיך דאָרט דער גרויער שטריק אָפּגעריסן און דאָס תּליה־געשפּענסט און די טויטשטראָף־שטימונג איז פון יענעם הויף אויף אַ צײַט פאַרשוווּנדן געוואָרן. בײַ איינעם פון די שכנים האָט אַ יונגער מאַן אָפּגעדונגען אַ צימער. אויף דעם שווײַגנדיקן הויף איז צוגעקומען אַ נפש...

פון די עטלעכע פוילישע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט מיט דעם סטרוזש פון הויף, האָט מען באַלד באַשטעטיקט, אַז דער נײַער איז אַ ליטוואַק... און יעדער איינער פון די שכנים, סײַ די ייִדן און סײַ די קריסטן, יעדער איינער האָט אַ בייז וואָרט געוואָרפן אויף דעם אומבאַקאַנטן פרעמדן מענטש. ווײַזט־אויס, אַז זיי האָבן געמוזט ווען מען פײַנט האָבן און דאָ האָט מען געכאַפּט אַ ליטוואַק, האָבן די צינגער זייערע געשניטן ווי גלאָז...

מען וואָלט אים פאַרגעסן, מען וואָלט אים צו רו געלאָזט, דעם נידעריקן יונגן מאַן מיט זײַנע ברייטע פּלייצעס, מיט דעם צעקנייטשטן בגד, אָט אָ דעם נישט־אַרומגעשווירענעם, נאָר ער אַליין האָט דערצו נישט דערלאָזט, ווײַל ער אַליין האָט צו רו נישט געלאָזט די אַנדערע...

דער מענטש האָט געהאַט אַ גיטאַרע. אַ גיטאַרע מיט סטרונעס. און סטרונעס האָבן שוין אַזאַ אייגנשאַפט, אַז מען רירט זיי אָן, קלינגען זיי. און אויב עס רירט זיי אָן אַ האַנט מיט געניטע פינ־

גער, שפּילן די סטרונעס אויס האַרציקע מעלאָדיעס און זיי וועקן, זיי דערמאָנען, זיי רופֿן...

אויפֿן בית־עולם האָבן זיך דערהערט קלאַנגען און די מתים האָבן זיך גענומען רירן, און מתים זײַנען בייזע — זיי האָבן ליב די טויטקייט פֿון די קבֿרים... און דאָ: הויכע סטרונעס, נידעריקע קלאַנגען, יאָמערדיקע און גאָר פֿריילעכע, צעווילדעוועטע...

אין דער פֿרי — מוזיק...

בײַ טאָג — מוזיק...

פֿאַר נאַכט — ווידער מוזיק...

דער ליטוואַק האָט געהאַט געניטע פֿינגער און דער ליטוואַק איז כּסדר געזעסן אין זײַנע פֿרײַע שעהען, געזעסן אין די זומער־טעג, אין די זומער־פֿאַרנאַכטן בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און געצימ־בלט, געשפּילט רוסישע ראָמאַנסן און רוסישע סטעפּלידער...

עס האָט זיך נישט באמת געקליידט פֿאַר דעם דאָזיקן הויף מיט זײַן בית־עולם־שטימונג. עס איז געווען אַ דיסאָנאַנץ פֿאַר אַזוי פֿיל יאָרן פֿון שווײַגעניש און אָפּגעזונדערטקייט...

מען האָט גענומען צוגיין צום פֿענצטער און מען האָט גענומען וואַרפֿן בייזע בליקן אויף דעם ליטוואַקס פֿענצטער.

עס קאָן זײַן, אַז די מעלאָדיעס האָבן אויפֿגעוועקט בײַ די מענטשן דעראינערונגען, אויפֿגעוועקט זייערע אַלטע פֿאַרגעסענע ווונדן און דערפֿאַר האָבן זיי זיך געבייזערט. די פֿרעמדע קלאַנגען זײַנען געקראָכן דורך די אָפֿענע און דורך די צוגעמאַכטע פֿענצ־טער, דורך די ווענט, צו יעדן איינעם אין האַרץ אַרײַן און אַרויס־געשלעפּט פֿון דאָרט האַלב פֿאַרגעסענע און אין גאַנצן פֿאַרגעסענע חלומות. זיי האָבן זיך געררייצט מיט די שווײַגנדיקע און שפּאָטיש געמונטערט, ווײַל די אַלע שכנים פֿון יענעם הויף האָבן שוין צום לעבן נישט געטויגט און דאָס לעבן פֿאַר זיי אויך נישט...

זיי האָבן געשאָלטן דעם ליטוואַק און געדאַכט האָט זיך זיי, אַז זיי שעלטן אים נישט דערפֿאַר, וואָס ער שפּילט, נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ ליטוואַק, און יעדער האָט יאָ געהערט צי נישט געהערט,

ער האָט געטאָן דאָס זײַניקע: ווי נאָר אַ פֿרײַע האַלבע שעה, כאַפּט ער זיך באַלד צו זײַן גיטאַרע און נעמט צימבלען... דער געוועזע־נער רעיענט האָט מיט די ציין געקריצט, דער קאָלעקטאָר האָט גע־קרעכצט:

— וואָס האָט ער צו מײַנע יאָרן, דער ליטוואַק?

דער ווינקל־אַדוואָקאַט האָט געהאַלטן אין איין שרײַען:

— ווו איז פּאָליציי? וואָס שווײַגט פּאָליציי?

און דער ליטוואַק האָט געשפּילט...

און אָפּט פֿלעגט קומען צו אים אַ מיידל.

די מענטשן פֿון הויף, דאַכט זיך, שטומע, בלינדע, און פּלוצ־לינג זײַנען זיי הערנדיק און זעענדיק געוואָרן... און זיי האָבן גע־הערט און זיי האָבן געזען:

— דער ליטוואַק האָט זיך געקושט מיט דעם מיידל.

— ער האָט זי אַרומגענומען...

— אויף די קני געהאַלטן...

דאַכט זיך, בלינדע, שטומע, טויבע, און זיי האָבן אַלץ געזען און אַלץ געהערט.

דער ליטוואַק האָט זיך ווידער געטאָן דאָס זײַניקע און גע־שפּילט, געשפּילט...

ווײַזט־אויס, אַז די שכנים פֿון אונדזער הויז זײַנען אים וויי־ניק אָנגעגאַנגען. ער האָט געהאַט זײַנע אייגענע צרות. אָפּט פֿלעגט קומען צו אים אַ חבֿר. דאָס פֿענצטער פֿלעגט זײַן אָפֿן און די חבֿרים פֿלעגן זיך אויסריידן. זיי פֿלעגן ריידן אויפֿן קול, פֿולברוסטיק און פֿולהאַרציק, אַזוי ווי די ליטוואַקעס קענען. זייער געשפּרעך פֿלעגט זיך לאָזן הערן:

— דער טאַטע שיקט די פּאָר גראָשן און פֿאָדערט איין זאַך: דאַווענען. שרײַב איך זיי, אַז איך דאַוון. דו ווייסט דאָך, איסאַק! מײַן דאַווענען... אויף דער גיטאַרע צימבל איך, און מײַנע שכנים האָבן נישט ליב קיין מוזיק... לאָמיר אַ ביסל שפּילן, איסאַק! דו זינג־צו!

איינער שפּילט, דער צווייטער זינגט און אַ הויף, אַ פֿיליע פֿון

בית־עולם, קאָרטשעט זיך פֿון צאָרן. דערנאָך הערט זיך ווידער אַ דיאַלאָג:

— הערסט, איסאַק! עס וועט זײַן אַ מאָל גוט. מען וועט ענדיקן די זובאַדראַלקע [4], מען וועט האָבן אַן אייגענעם קאַבינעט און מ׳וועט רײַסן ציין. עס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך צו רײַסן יענעמס ציין...

— הייבסט שוין אָן? ציניקער!

מען שפּילט און מען רעדט אין איינעם און מען רויכערט פּאַ־פּיראָסן. מען רעדט פּרעכע רייד און מען רעדט וועגן גרויסע הויכע ענינים, וועגן איבערבויען די וועלט און וועגן אײַנאָרדענען אַן אייגן ווינקעלע...

און דאָס אויף אַ קול, וואָס מאַכט ציטערן אַ הויף מיט שווײַגנ־דיקע שכנים:

— עך, איסאַק... דעם אמת וויל איך דאָך דיר אַפֿילו נישט זאָגן. ווי מיאוס מיר איז דאָס לעבן, וויל איך פֿאַר דיר אַפֿילו נישט פֿאַרטרויען. צו וואָס לעב איך? און וואָס גרייט איך צו פֿאַר מײַן לעבן? ווערן אַ דענטיסט, אַ ציינרײַסער? אַ גאַנץ לעבן קריכן צו יענעם אין מויל אַרײַן און גריבלען זיך אין יענעמס ציין? דו קאָנסט זיך גאָר נישט פֿאָרשטעלן, וואָס איך פֿיל, ווען איך טראַכט פֿון מײַן צוקונפֿט... נאָר זאָרג נישט און איך וועל אויך נישט זאָרגן... איך זאָג דיר, עס וועט זײַן אַ מאָל גוט, מען וועט ענדיקן די זובאַדראַלקע, מען וועט האָבן אַן אייגענעם קאַבינעט, מען וועט חתונה האָבן און נעמען נדן...

דערנאָך רײַסט זיך איבער דער דיאַלאָג און די גיטאַרע צי־טערט ווידער מיט אירע קלאַנגען.

דער ליטוואַק איז געווען אַ מענטש מיט שטימונג. ער פֿלעגט אַ מאָל אַרײַנשפּילן ביז אין מיטן דער נאַכט אַרײַן. די שכנים פֿלעגן זיך בונטעווען — ווער ווייסט, מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט. ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס וואָלט זיך טאַקע געענדיקט, ווען

[4] רוסיש, (שפּעט־לשון) ציינרײַסער.

נישט די מלחמה... מאָביליזאַציע! יונגע מענטשן אויף דער מלחמה! די שטאָט האָט געטומלט, די גאַסן פאַרפלייצט מיט מענטשן, אָבער דער גרויער הויף איז געבליבן שווײַגעדיק און גרוי און די אויסגעקראָכענע קאַץ האָט געגראַבלט אין מיסטקאַסטן.

אַלץ אַזוי ווי פריִער.

נאָר אין איין נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט, האָט דער ליטוואַק געשפּילט אָן אַן אויפהער, געקלאַפּט און געריסן די סטרונעס, ווי מען רײַסט גלידער פון לעבעדיקע מענטשן. דאָס פענצטער זײַנס איז געווען ברייט אָפן און די קלאַנגען פון אַ גיטאַרע זײַנען געקראָכן צו די שכנים דורך די פאַרמאַכטע פענצטער, דורך די גראָבע ווענט...

מלחמה, מלחמה...

דער ליטוואַק איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה: אין דער פרי האָבן די שכנים געזען, ווי אַ גיטאַרע איז אַראָפּ פון די טרעפּ.

אַ גיטאַרע איז פאַרשווונדן פון פאַרשטיינערטן בית־עולם־הויף.

## איך, זי און ער

אַנומלט האָט זי צו מיר אַזוי געזאָגט:

— מײַן פרײַנד, איך האָב גרויס עגמת־נפש.

— וואָס איז?

— מײַן אַלעקסאַנדער, מײַן יונגער אַלעקסאַנדער, האָט גענומען דאַרן. איך האָב שוין אויסגעפּרוווט אַלע מיטלען, עס העלפט נישט.

— קויפט מען אַ צווייטן אַלעקסאַנדער.

— ניין, דער איז מיר זייער טײַער. שוין פינף יאָר איז ער בײַ מיר. איך האָב אים געקויפט אין דעם טאָג פון מײַן חתונה, אין דעם טאָג ווען איך האָב מײַן ליבע דערגרייכט.

— ווײַבערישע סענטימענטן.

בײַ די ווערטער האָט זי אויפגעהויבן אירע קלוגע אויגן אויף מיר:

— סענטימענטן? פּרוּווט לעבן דרײַ יאָר אָן די סענטימענטן! ווי די מומיעס פֿון מצרים וועט איר אויסגעטריקנט ווערן...

זי האָט זיך אָפּגערוקט פֿון מיר, איז צוגעגאַנגען צום קלאַוויר און גענומען זוכן אין די נאָטן.

ווען איך וואָלט האָבן אַ ביסעלע העזה, וואָלט איך בײַ איר גע־פֿרעגט:

— און וואָס הערט זיך בײַ אײַך מיט דער ליבע גופֿא?

זי וואָלט גאָר נישט געענטפֿערט, ווײַל מיר בײדע האָבן נישט ליב צו ריידן וועגן דעם. וועגן אירע באַציִונגען און געפֿילן צו „אים”.

„ער” איז מײַן בעסטער פֿרײַנד...

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אין אונדזער ליבער צײַט פֿון איבער־מענטשלעכער אוממענטשלעכקייט האָט עס אַ קנאַפּע ווערט, דאָס וואָרט „פֿרײַנד”, און נאָך אַ וואָרט האָט נאָך אַ קנאַפּערע ווערט: „פֿליכט” הייסט דאָס וואָרט.

נאָר איך בין גאָר נישט שולדיק, וואָס אין דאָס „נײַע” פֿון לעבן, האָב איך נישט פֿאַרגעסן מיטצונעמען אַ ביסל פֿון דעם „אַלטן”, און דאָס מיטגענומענע לאָזט מיך באמת פֿרײַ נישט לעבן — עס הענגט אויף מיר, ווי שווערע קייטן הענגען.

פֿליכט...

איך וואָלט זיך געפֿילט אין גאַנצן ליידיק, ווען איך פֿאַרליר די קייטן. איך וואָלט אויפֿגעהערט הנאה צו האָבן פֿון לעבן, פֿון זון און ליכט.

איצט בין איך ווידער אין אַ פּלאָנטער: איך בין געקומען אין אַ רויִקן, יונגן וועלדל, און איינס ווייס איך: ווען איך קום דאָ נישט, וואָלט די רויִקייט דאָ ווײַטער פֿאַרבליבן.

איך בין ניט שולדיק. איך בין געקומען צו מײַן פֿרײַנד. ער האָט צו מיר געשריבן, אַז ער איז גליקלעך און צופֿרידן.

איך בין נישט עלטער און נישט יִינגער, ניט שענער, נישט קליגער און נישט ערלעכער פֿאַר אים.

צווישן אונדז ביידע שטייט אַ יונגע פֿרוי...

און דאָ הייבט זיך אָן דער אונטערשייד.

ער האָט איר שוין אַלץ אָפּגעגעבן און איך בין קאַרג אויף אַ שמייכל. און קאַרג בין איך אויף דעם נישט דערפֿאַר, ווײַל איך בין אַ קאַרגער, נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז מײַן פֿרײַנד.

און זי? מען קען פֿון אַ פֿרוי קיין סך נישט פֿאַרלאַנגען. זי האָט קיין מאָל קיין פֿליכט נישט געהאַט. דער מאַן האָט פֿאַר איר געטראָגן די פֿליכט. זי האָט בלויז געהאַט מורא. איצט, אין אונדזער צײַט פֿון אַלע פֿרײַהייטן, האָט זי געמוזט די דאָזיקע אָפּגעלעבטע מורא פֿאַרלירן.

איצט בין איך דער אײַנגעשפּאַרטער.

דאָ בין איך ווידער ניט שולדיק: דורות פֿיל האָבן נאַרישע מענטשן אונדז געלערנט: געוויסן, פֿליכט, שטאָלץ און ריינקייט... אַ קליין ביסעלע פֿון אָט די מעלות, צי חסרונות, איז אויך אין מיר פֿאַרבליבן...

איך ווייס דײַטלעך און געַנוי, אַז זי איז בײַ אים אַלץ. אָן איר איז ער אַן אָפּגעבראָכענע צווײַג פֿון אַ בוים. און אין מײַנע הענט ליגט עס: איך קען די צווײַג אָפּברעכן און איך קען זי לאָזן ווײַטער וואַקסן און גרינען.

איך פֿאַרשטיי, אַז איך זאָל נאָכגיין יענעם העכערן, מענטשלעכן רוף, וואָלט איך דאָ שוין נישט באַדאַרפֿט זײַן. ווען דער געדאַנק פֿון אַוועקגיין קומט צו מיר, מאַך איך זיך נישט וויסנדיק אָדער איך לייג עס אָפּ אויף שפּעטער.

זי געפֿעלט מיר... ניין, זי איז מײַן טיפּ. זי איז מיר נאָנט. זי איז שוין נעכטן, אייערנעכטן, געווען אין מײַן נשמה פֿון אייביק אָן... אָט די דאָזיקע בלויע אויגן מיט די ברוינע ברעמען איבער זיי, די ברוינע האָר, מיט דעם ביינדעלע איבער די אַקסלען, דאָס האָב איך שוין לאַנג אין חלום געזען. איצט האָב איך דאָס דערזען אין לעבן... עס איז מיר שווער אַוועקצוגיין פֿון דאַנען.

איך וויל נישט אַוועקגיין.

איך וויל דערפֿאַר, ווײַל איך ווייס נישט, ווער עס וועט מיך

באַלוינען פֿאַר מײַן פֿרומקייט. און אפֿשר זײַנען גערעכט די, וועל־כע לאַכן פֿון אַלץ און לאַכן פֿון מיר אויך.

ניין, נישט דאָס איז דער עיקר. באַלוינונג גיט זיך יעדערער אַליין, מיט דעם געפֿיל, אַז זײַן געוויסן איז ריין... אָבער אַוועקגיין קען איך נישט און וויל נישט. פֿאַראַן שיינקייט אין אונדזער שטרעבן איינער צום צווייטן. צווישן זיי איז שוין קיין שיינקייט נישטאָ.

דערווײַל פֿאַרגייען טעג און נעכט אין אומרו און בענקשאַפֿט. אפֿשר דאָס לאָזן גיין אַזוי, ווי עס גייט? אָט זאָל זיך די צײַט טאָן מיט אונדז, וואָס זי וויל, און דערנאָך וועלן מיר אַלע שולדן אַרויפֿ־וואַרפֿן אויף דער צײַט.

אין די אַלע געדאַנקען און טראַכטענישן מײַנע רוקט זיך שטענדיק אַרײַן זײַן אָרנטלעך פּנים. אָפֿנהאַרציק קוקט ער מיר אין די אויגן און שטרעקט־אויס זײַן האַנט.

מען דאַרף זײַן שטאַרק צו זײַן נידערטרעכטיק.

נעכטן זײַנען מיר לאַנג געזעסן צוזאַמען. ער איז אַוועק אין ביוראָ אַרבעטן. ער אַרבעט זייער פֿלײַסיק. ער אַרבעט פֿאַר איר. יעדן טאָג קומט ער צו גיין און דערציילט איר:

— הײַנט האָב איך געזען אין אַ פֿענצטער אַרויסגעשטעלט אַ סוועטער פֿון כריזאַנטעמע־גאָלדקאָליר...

— הײַנט האָב איך געזען אַ קלייד מיט בריסעלער שפּיצן...

און זיי גייען, קויפֿן און צאָלן מיט זײַן שווערער אַרבעט.

זי קליידט זיך, ווי אַ פּרינצעסין.

נעכטן האָב איך מיט איר פֿאַרבראַכט בײַ אים אין שטוב, אין זײַן קאַבינעט. זי איז געזעסן אויף זײַן געליבטער קאַנאַפּע — איך נעבן איר.

דאָס גאַנצע צימער, דאָס מעבל, דאָס שרײַבגעצײַג, יעדע קליי־ניקייט האָט גערעדט פֿון אים. און מיר האָבן גערעדט... פֿון זיך אַליין.

וואָס הייסט דאַנקבאַרקייט? וואָס איז געטרײַשאַפֿט?

בשעת זי האָט גערעדט, איז אויף איר שטערן אַראָפּגעפֿאַלן

אַ הויפּנדל האָר... איך האָב מיט מײַנע פֿינגער די האָר פֿאַרשאַרט. איך האָב עס זייער אײדל געמאַכט און זייער איבערגעגעבן. פּונקט ווי זי איז אַ קינד... און איך — דער גרויסער טאַטע.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און באַדאַנקט. אין דעם שמייכל, אין דעם דאַנק איז אַלץ געווען.

פֿון זײַנע אַלע סוועטערס, קליידער און צירונג ווערט זי נישט איבערגעראַשט. זײַן צערטלעכקייט נעמט זי גלײַכגילטיק.

און אז איך קום אַרײַן צו זיי, נעמט אַלץ שפּילן בײַ איר אין די הענט...

מיט וואָס? מיט וואָס בין איך אַזאַ גרויסער יחסן? צי נאָר דער־פֿאַר, ווײַל ער איז מיט איר שוין פֿינף יאָר אונטער איין דאַך און איך בין אַ נײַער מענטש פֿאַר איר?...

פּלוצלינג וואַרפֿט זי אַרײַן אַ פֿראַגע:

— האָסט מורא פֿאַר אים?

— מורא האָב איך פֿאַר זיך... און דו?

— איך טראַכט נישט, איך פֿיל נישט מער...

ווער ווייסט צו וואָס מיר וואָלטן זיך דעררעדט, נאָר אין דער טיר האָט מען אָנגעקלאַפּט; ער איז אַרײַנגעקומען און צוגעלאָפֿן צו איר, געקושט זיך מיט איר און זי האָט געהאַט פֿאַר אים אַזוי פֿיל געמאַכטע פֿרײַנדלעכקייט.

אין דער רגע איז זי נישט געוואַקסן אין מײַנע אויגן.

מיר האָבן פֿאַרבראַכט זאַלבעדריט און אפֿשר זאַלבעפֿערט... מיט אונדז איז געווען נאָך איינער... דער שקר.

געבליבן צום אָוונטברויט און ווײַן געטרונקען, מיט די גלעז־לעך זיך אָנגעקלאַפּט, באמת פֿאַרשוועכט דעם לוסטיקן ווײַן...

איך טראַכט שטענדיק, אַז ער איז גוואַלדיק זיכער אין זײַן גליק.

גליק מאַכט נאַריש אַ מענטש...

און אַ נאַר מעג מען נאַרן.

נאָר יעדע חיה, יעדעס נפֿש האָט אַן אינסטינקט צו יעדער סכּנה... אַפֿילו מײַן פֿרײַנד.

אין אונדזערע אָפֿטע שמועסן האָבן מיר זיך נישט לאַנג דער־רעדט: װעגן איפּערזוכט, װעגן ליבע, װעגן פֿאַרראָט און נקמה. ער האָט זיך אױסגעדריקט:

— װען אַ װילדער כונכוז אָדער האָטענטאָט פֿאַרגװאַלדיקט מײַן פֿרױ, װאָלט איך עס אָנגענומען פֿאַר אַן אומגליק. װען זי װאָלט געפֿערלעך קראַנק געװאָרן אָדער געשטאָרבן, װאָלט איך עס אָנגענומען פֿאַר גאָטס שטראָף... נאָר װען אַ פֿרײַנד מײַנער, אַ פֿרײַנד װאָס דריקט יעדן טאָג מײַן האַנט, װען ער נאַרט בײַ מיר אַרױס מײַן גליק, מײַן האָפֿענונג... דעמאָלט װאָלט איך מיט אַ גזלנישע רויִקייט גענומען אַ גאָלמעסער אין האַנט... אַלץ אײנס: פֿאַר אים, צי פֿאַר זיך אַלײן... אָן בלוט װאָלט זיך עס נישט געענדיקט.

איך האָב דערבײַ עפּעס געשטאַמלט; געזאָגט אים, אַז ער איז צו־שטרענג צו זיך און צו אַנדערע, נאָר דער עיקר: איך בין גע־װאָרן זײער אױפֿמערקזאַם צו זײַנע װערטער. איך קען אַנדערש די זאַך נישט פֿאַרשטײן. ער איז אומרויִק צוליב מיר און זײַן פֿרױ.

מײַן לאַגע איז נישט פֿרײלעך. איך האָב פֿאַר זיך דרײַ װעגן — װעלכן זאָל איך אױסקלײַבן?

אַװעקגײן, װאָס גיכער אַװעקגײן. דער װעג איז דער ריכטיק־סטער. נאָר מײַן האַרץ זאָגט־אונטער, אַז אױב איך בין איצט דאָ פֿאַרבליבן, װעל איך שױן װײַטער בלײַבן.

דער צװײטער װעג: גנבֿענען, פֿאָרזיכטיק גנבֿענען. בײַ דעם װעג אָבער װעל איך האָבן זײער שװערע חשבונות מיט מײַן גע־װיסן. און איך האָב זײער ליב צו שלאָפֿן רויִק.

בלײַבט דער דריטער װעג: אַרױסרופֿן אים אױף אַן אָפֿענעם קאַמף, פּנים אל פּנים... אױף דעם בין איך פֿעיִק און פֿאַר אַזאַ קאַמף האָב איך קײן מורא נישט... אָבער, װאָס װעט זײַן מיט איר? צי איז זי פֿעיִק אױף אַזאַ אָפֿענעם קאַמף?

פֿרויען האָבן אַזוי ליב די מאַסקע, דעם שלייער, דעם שאָטן... גאַנץ אָפֿט נאַרן זיי צוליבן שקר אַליין און אין נאָמען פֿון שקר...
וואָס וועט זײַן מיט איר?

אייגנטלעך איז דאָס אויך בגידה: דער ערשטער שמייכל, דער פֿאַרלאַנג אָפּצוזונדערן זיך, מיט דעם פֿאַרקלענערן מיר באַלד די ווערט פֿון דעם דריטן, פֿון דעם וואָס מיר נאַרן. נאָר די קליינע שקרים מוזן אויפֿהערן, בשעת עס קומט אַ קאָנפֿליקט, אַ צוזאַמענשטויס...

און עס איז געקומען.

די אַלע פֿילאָסאָפֿיעס וועגן פֿליכט און געפֿיל, די אַלע שטענדיקע שמועסן וועגן רעכט און אומרעכט — אַלץ האָט אין דער רגע געמוזט אויפֿהערן: די פֿרוי פֿון מײַן רײַכן פֿרײַנד, די שיינע נירע איז איצט געשטאַנען אין מײַן בחורישן צימער.

זי איז אַליין געקומען, אָן מײַן רוף. מיר האָבן וועגן דעם נישט אָפּגערעדט. קיין רמז זיך אַפֿילו איינער דעם צווייטן וועגן דעם נישט געגעבן.

זי איז געקומען.

רײַך געקליידט. פֿריש. שמעקעדיק. מיט אַן אַנטשלאָסענעם שמייכל אויף די ליפּן... נאָך דעם שווין, ווי איך האָב איר עטלעכע מאָל געגעבן צו וויסן, אַז פֿון אירע פּרוון וועט גאָר נישט אַרויסקומען, נאָך דעם ווי איך האָב זי מיט אַ כּיוון אויסגעמיטן.

אויסגעדאַכט האָט זיך, אַז זי האָט פֿון גאָס אַ סך זון מיטגענומען, אַ סך פֿריילעכקייט.

דאָס ווײַסע קרויזנקלייד, דער זײַדענער זונשירעם, דאָס לײַכטע היטעלע, וואָס האָט צוגעדעקט איר אַוואַנטוריסטיש קעפּל — אַלץ האָט געררייצט און דערמאָנט זאָרגלאָזיקייט פֿון אַ שמעטערלינג.

זי איז צוגעטראָטן דרייסט:

— איך וועל דיר זאָגן דו און דו זאָג מיר אויך דו.

— וואָס איז דאָס, אַ באַפֿעל?

— ניין, אַ פֿאַרלאַנג פֿון אַ פֿרוי, וואָס האָט ליב און איז... גע־ליבט.

איך האָב זי באַטראַכט. איך האָב זיך אויף אַזוי פֿיל פֿאַרלוירן פֿון דעם אומגעריכטן וויזיט, אַז איך האָב זי אין די ערשטע מינוטן אַפֿילו זיצן נישט געבעטן.

איצט ערשט האָב איך זיך געכאַפּט:

— זעץ זיך און רייד אָפּ, וואָס דו ווילסט פֿון מיר...

— איך בין געקומען צו דיר און דאָס איז אַלץ.

— אָדער גאָר נישט... — האָב איך געענטפֿערט.

— דו שפּילסט זיך מיט ווערטער.

— בעסער זיך שפּילן מיט ווערטער איידער מיט זיך אין גאַנצן...

זי האָט זיך צוגערוקט נענטער צו מיר און מיט אַ טיפֿער אויפֿ־רעגונג גערעדט:

— הער זיך אײַן! טעג פֿאַרגייען, טעג און נעכט... איך בענק נאָך דיר. איך בין נאָך קיין מאָל פֿון אַ געפֿיל אַזוי באַהערשט נישט געוואָרן.

איך האָב געענטפֿערט:

— דו האָסט עס מיר שוין געזאָגט. איך גלייב דיר. וועגן מײַן געפֿיל צו דיר ווייסטו אַליין. דו האָסט שוין פֿריִער גערעדט, אַז דו ביסט געליבט...

— נו?

אָבער איך בלײַב בײַ מײַנס: דײַן מאַן איז מײַן פֿרײַנד. אַ מענטש וואָס גלייבט אין מיר, אַ מענטש, וואָס שאַצט מיך. איך וויל נישט פֿאַרלירן אַ פֿרײַנד צוליב שקר.

— דאָס איז פּחדנות.

— ניין, דאָס איז מײַן שטאַרקער ווילן. צו אַ סך מענטשן זײַנען מיר גלײַכגילטיק. נאָר מיט די, וואָס מיר קומען מיט זיי אין באַרירונג, מוזן מיר אָדער קעמפֿן אָדער בלײַבן אָפֿן, אויפֿריכטיק... פֿאַר מיר איז אַ פּנים פֿון אַ מענטש, אַ פּנים פֿון אַ פֿרײַנד אַ שטיק

זון, און אויף דער זון וויל איך קוקן מיט אַ ריינעם געוויסן...

זי האָט צוגעקלאַפּט פֿון אויפֿרעגונג מיט דעם זײַדענעם שירעם.

— איך פֿאַרשטיי נישט דײַנע פֿילאָסאָפֿיעס, נאָר איך פֿיל, אַז פֿון דײַן זײַט איז דאָס פּחדנות...

— שוין צום צווייטן מאָל וואַרפֿסטו מיר דאָס פֿאָר.

— איך וועל דאָס טאָן אַ דריט און אַ פֿערט מאָל. די זעסט, איך האָב נישט קיין מורא. איך בין געקומען צו דיר דרייסט און זיכער.

איך האָב אַ ביסל געשוויגן, געווען זיכער אין זיך און דאָך... אַ פֿרוי... אַ שיינע, אַ יונגע, אַ פֿרוי, צו וועלכער איך בין גאָר נישט גלײַכגילטיק. איך רייד לאַנגזאַם:

— איך אָנערקען, אַז פֿון דיר איז דאָס אַ דרייסטער טריט, אָבער אין דער זעלביקער צײַט נישט מער ווי אַ דרייסטער קעצי־שער שפּרונג. ביסטו אויך גרייט צו מאַכן אַ דרייסטן טריט פֿון אַ מענטש?

— צום בײַשפּיל?

זי איז געוואָרן אויפֿמערקזאַם, אינערלעך זיך אַ ביסל צעטומלט, קענטיק אַז זי האָט דערפֿילט, איך וויל זי צודריקן צו דער וואַנט. געקלאַפּט, ווי פֿריִער, נערוועזיש מיטן שירעמל און געפֿאָדערט:

— רייד!

איך האָב זיך אויסגעגלײַכט, פּונקט ווי איך וואָלט העכער און ברייטער געוואָרן אין דער רגע.

— ביסט געקומען צו מיר — האָב איך געזאָגט — צו מיר אַליין, צו די שטאַרקע מוסקולן, וואָס שלאָגן זיך אַליין דורך אַ וועג אין לעבן, צו מײַנע אויגן, וואָס זוכן שיינקייט, צו מײַן האַרץ, וואָס האָט נישט קיין מוט צו קלאַפּן פֿאַרן שקר... צו מיר ביסטו געקומען.

— יאָ, צו דיר...

— דו קענסט מײַן כאַראַקטער. האָסט כאָטש איין מאָל געפֿילט געגנוי, ווער עס זיצט און פֿאַרברענגט מיט דיר? האָסטו פֿאַרשטאַ־נען, וואָס מיר געפֿעלט אין לעבן און וואָס איך האַס, וואָס איך מײַד־

אויס און וואָס איך זוך? האָסט דאָך געמוזט פֿאַר עפּעס מיך ליב קריגן... פֿאַר וואָס?

— פֿאַר דײַן אָפֿנהאַרציקייט.

— אויב אַזוי, וויל איך דיר עפּעס פֿאָרלייגן.

— רייד!

— אויב דו האָסט געהאַט מוט אַזוי פֿיל אין קאָן צו שטעלן, אויב דו האָסט מיך אַזוי ליב, דעמאָלט פֿאַרבלײַב דאָ... דאָס וועט זײַן דער אמת געוואַגטער טריט. פֿאַרבלײַב דאָ מיט מײַן גאַנצער אָרעמקייט, מיט אַלע מײַנע האָפֿענונגען. איך האָב אַ שטאָלערן שאָ־לעכץ אַרום מײַן האַרץ. איך קען אַ סך פֿאַרדעקן. נאָר גלייב מיר, אַ סך נעכט בין איך צוליב דיר נישט געשלאָפֿן. איך האָב דיך ליב. איך האָב עס פֿאַרשוויגן, ווײַל צווישן אונדז איז אַ תהום. נאָר אויב דו ביסט געקומען, קען פֿון תהום אַ בריק ווערן... מײַן לעבן איז נישט לײַכט. יעדער טאָג איז אַ קאַמף. יעדע שעה איז אַ געפֿאַר — אַלץ צו פֿאַרלירן און באַזיגט צו ווערן. דו מיינסט, אַז דאָס איז אַזוי געשמאַק צו טומלען מיט די מענטשן, רײַסן זיך מיט זיי, פּלאָנטערן זיך אין די נעצן פֿון זייערע רכילות, בערעווען [1] זיך מיט די שטאַרקע און מיט די שוואַכע, און דערנאָך פֿאַררוקן זיך, ווי אַ בער אין זײַן קאַנורע [2] און שווײַגן, שווײַגן?... פֿאַרבלײַב דאָ מיט מיר — אַזאַ פֿרײַנד האָסטו נאָך נישט געהאַט און וועסט נישט האָבן. נאָר ווייס, קיין סך פֿרייד וואַרט דיך נישט בײַ מיר. וועסט מוזן פֿאַרגעסן דײַן רײַכקייט, דײַנע באַקוועמלעכקייטן. וועט מען מיך שעלטן, וועלן אַ טייל קללות פֿאַלן אויף דיר. וועט מען מיך בענטשן, וועל איך זיך טיילן מיט דיר מיט די ברכות. ווייס! איך הייב־אָן אַ נײַעם, אַ פֿאַרדאָפּלטן קאַמף מיט מײַנע קעגנערס. עס קען זײַן, אַז דורך דעם דאָזיקן פֿענצטער וועלן שטיינער פֿליען צו מיר און אַ שטיין קען דיך אויך טרעפֿן... ביסטו גרייט?

—

[1] באַרען זיך, פֿאַרהערן זיך ווער ס׳איז שטאַרקער. — [2] נאָרע.

— דו האָסט אַזוי פּיל גערעדט, אַז איך האָב שוין באַלד פֿאַר־געסן, צוליב וואָס איך בין אַהערצו געקומען...

— איז דאָס טאַקע פּיל גלײַכער, פֿאַרגעס אין גאַנצן.

זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט:

— באַליידיקסט מיך...

— מיט אַן אמת?

— דו באַליידיקסט מיך...

— ניין, איך פֿאַרטיידיק דיך, מיך און אַ דריטן, מײַן פֿרײַנד.

שפּילן זיך מיט ווערטער, קאָקעטירן איז איצט נישט געווען אויפֿן אָרט. אַ קאָנקרעטער ענטפֿער האָט זיך געפֿאָדערט.

אויף דער גאַס איז פֿול זון געווען. ליכט האָט זיך אין צימער שטראָמענווײַז געריסן און יעדער איינער קען זיך אויסקלײַבן: אמת צי שקר, גוטס צי שלעכטס...

די פֿרוי האָט זיך דערמאָנט איר רײַכע היים, פֿון וואַנען זי איז געקומען... זי זאָל זיך פֿון אַלץ אָפּזאָגן? אַ זינלאָזיקייט וואָלט עס געווען. און מיט וועלכע רעכט פֿאָרשט ער זי אַזוי? ווי קומט ער איר צו שטעלן באַדינגונגען, פֿאָדערונגען?

זי האָט אַרויסגענומען איר פּודער און רויקער ווי רויק זיך צוגעפּודערט. פּלוצלינג דאַכט זיך מיר, אַז זי רעדט עפּעס.

— דו רעדסט עפּעס?

— ניין, איך לעק־אָפּ די פֿאַרב פֿון די ליפּן, צו־שטאַרק זיך אָנגעפֿאַרבט.

— ביסט גערעכט, די זאַכן האָבן ליב אַ מאָס.

שמייכלט זי זיך? ווער ווייסט. אפשר איז דאָס געווען אַ שמייכל פֿון צאָרן.

איך האָב נישט געוואַרט אויף איר ענטפֿער. איך האָב אַלץ שוין פֿאַרשטאַנען אין איר קווענקלען זיך. אין האַרצן איז בײַ מיר אַ צופֿרידנקייט געוואַקסן: צעשטערט איר קאַפּריז... און זיך בײַ־געשטאַנען.

מײַנע געדאַנקען האָבן זיך אָפּגעריסן. איך האָב גענומען

טראַכטן פֿון מײַן מאָרגן, פֿון מײַן אַרבעט. אויף אַ סעקונדע האָב איך אין גאַנצן פֿאַרגעסן אין דער פֿרוי.

זי האָט געמיינט, אַז איך טראַכט פֿון איר... אפֿשר וועל איך נאָך אַנדערש ווערן? מיט אַ שטיל באַזיגטן טאָן האָט זי גערעדט:

— אַ וועלט מיט מענטשן לעבן אַנדערש. מען נעמט, וואָס עס מאַכט זיך. מען גנבֿעט, מען לייקנט, מען גייט־אַנטקעגן יעדן פֿאַר־לאַנג...

איצט האָב איך שוין גערעדט מיט אַ לײַכטער בייזקייט:

— אַ וועלט מיט מענטשן, זאָגסטו? ניין, אַ וועלט מיט גולן... איינער טוט־נאָך דעם צווייטן און דער דריטער טוט־נאָך די ערשטע צוויי... אָט אַזוי ווערט באַשאַפֿן דײַן וועלט מיט מענטשן... זעלטן ווען אַ באַגײַסטערטער איינס שטעלט זיך אין פֿראָנט פֿון די מיליאָ־נען גולן...

— און דו ווילסט עס זײַן איינער פֿון די איינסן.

— איך? איך ווייס אײן זאַך... איך וויל קיין גול נישט זײַן.

## דער גאָלדענער פּאָרטסיגאַר

טאַמאַראַ רויכערט פּאַפּיראָסן.

אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, ווען זי פֿלעגט נעמען אַ פּאַפּיראָס אין מויל, פֿלעגט זי באַלד אויסשפּײַען און זיך פֿאַרהוסטן:

— פֿע! וואָס האָבן זיי, די מענער, דערפֿון? אַ ביטערניש אין מויל...

הײַנט רויכערט זי אַליין אַ סך פּאַפּיראָסן. זי רויכערט און זי קאָן שוין אָן דעם ניקאָטין נישט לעבן. אמת, זי מאַכט עס זייער אײדל, מיט גראַציע. ווען טאַמאַראַ נעמט־אַרויס אַ פּאַפּיראָס פֿון איר פּאָרטסיגאַר, ווען זי צינדט־אָן דאָס שוועבעלע, ווען זי לאָזט־אַרויס דעם רויך פֿון מויל, יאָ, ווען טאַמאַראַ רויכערט, זעט מען דעמאָלט אַ פֿײַן דערצויגענע פֿרוי, אַ מאָדערנע פֿרוי, אַן אינטערע־

סאַנטע פֿרוי. און אַלע מענער, יעדער איינער באַזונדער וויל זיצן נעבן איר, שמועסן מיט איר וועגן וועלט און מענטש, שמועסן און רויכערן...

און וועגן וואָס צו שמועסן איז פֿאַראַן. בערגסאָן, איינשטיין, פֿרויד און איבער הויפּט, דער עיקר: די מאָדערנע טעכניק, וואָס דרייט־איבער דעם גאַנצן מענטשן מיט אַלע זיינע פּלענער קאָפּ־אַראָפּ אָדער קאָפּ־אַרויף. די מאָדערנע טעכניק, די מאָדערנע טעכניק! צי די טאַמאַראַ פּערליץ האָט יאָ צו דעם אַ שייכות צי נישט, אָבער ריידן וועגן דעם קאָן זי. זי קאָן ריידן וועגן אַלץ, און נישט נאָר ריידן, אַפּילו שווייגן קאָן זי אויך וועגן אַלע זאַכן, אָדער האַלב שווייגן, האַלב ריידן. זי איז אַ מענטש. אַ פֿרוי פֿון פֿיינעם האַלבן טאָן... עס איז געענוג אַ קוק צו געבן אויף אירע ליפּן, בשעת זי רעדט: די ווערטער לויפֿן, נישט נאָר יעדעס וואָרט וואַרט אַ ביסל אונטער אויף אירע ליפּן, פֿאַרהאַלט זיך, ווי אַ שמעטערלינג, און דערנאָך פֿלאַטערט עס אַראָפּ פֿון אירע ליפּן. עס איז געענוג אַ קוק צו געבן אויף אירע פֿינגער, אין וועלכע זי האַלט דעם דינעם פּאַפּיראָס, ווי צאַרט די פֿינגער שפּילן און באַוועגן זיך, די ווייסקייט פֿון אירע פֿינגער... ווער וועט עס אָפּלייקענען, אַז טאַמאַראַ איז פֿיין דער־צויגן?

און אַרום איר איז שטענדיק אַ געזעמל. די קליגסטע האָבן ליב צו שמועסן מיט איר. שמועסן מיט איר און... נישט מער.

זי איז רייך. זי איז פֿון דער פֿיינסטער פֿאַמיליע אין אונדזער שטאָט. זי האָט אַ סך געריזט, אַ סך געלערנט און געלייענט. אָבער העכער דריי צענדלינג יאָר האָט זי שוין אויף אירע שמאָלע פּליי־צעס. אַ סך פּודער און פֿאַרב האָט זי שוין אויסגענוצט. פֿריִער האָט זי דאָס נישט באַדאַרפֿט, ווייל זי איז יונג און שיין געווען. איצט העלפֿט עס שוין נישט. זי ווערט עלטער. זי איז נישט קיין נאַר. זי קאָן ציילן... נאָר זעלטן, ווען זי ציילט אירע יאָרן... אַ נאַ־רישער קאַפּריז: זי וויל זיך אַליין איינריידן, זי וויל איינריידן דער גאַנצער וועלט, אַז זי איז נאָך אַלץ יענע שלאַנקע יונגיטשקע מיידל,

וועלכע האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון די שענסטע יונגע לײַט. זי איז אַזוי זיכער געגאַנגען אין לעבן, און איצט... פּלוצלינג... זאָל טאַקע די זיכערקייט פֿאַרשווינדן? און זאָל טאַקע די סיבה זײַן דערפֿון, ווײַל זי איז ביז איצט געבליבן אַליין? נישט חתונה געהאַט, נישט צוגעפּאַסט קיינעם צו זיך און זיך צו קיינעם נישט צוגעפּאַסט?

עס איז אַ נײַע צײַט. נײַע באַגריפֿן. און זי אַליין איז דאָך שטענדיק געווען די ערשטע פֿאַר אַ נײַעם געדאַנק, די ערשטע פֿאַר דער מאָדע, זי האָט אַנדערע געלערנט. און איצט: דאָס לעבן, די צײַט — אַלץ איז איבער איר אַריבערגעשפּרונגען און זי איז געבליבן הינטערשטעליק. זי פֿילט דאָס שוין, נאָר זי איז זיך נאָך נישט מודה אין דעם. זי טאָר זיך נישט מודה זײַן. אַנשטאָט צו טראַכטן פֿון הײַנט, פֿון מאָרגן, פֿאַרטיפֿט זי זיך אין דעראינערונגען, אין נעכטן.

זי איז געווען אין אירע ייִנגערע יאָרן פֿול מיט קאַפּריז, טאַקע אַ סך מאָל בייז געווען אויף די שלאַנקע בחורים, בייז געווען, ווי אַזאַ מיידל קאָן זײַן. באַשטימט, אַ סך זײַנען צוליב איר נעכט נישט געשלאָפֿן, בלייך זײַנען זיי געוואָרן, ווען זי פֿלעגט זיי אָפּשטויסן.

אָבער הײַנט באַדאַרף מען נישט קיין קאַפּריז און נישט דעם רייץ פֿון אַ מיידלשן קאַפּריז. הײַנט באַדאַרף מען חוצפּה. הײַנט באַדאַרף מען זײַן אַ ביסעלע פֿרעך. וויסט זי נישט, ווי מען פּאַסט זיך צו צו דער הײַנטיקער צײַט. די האָר אָפּגעשוירן, דאָס קליידל קורץ געמאַכט. פּאַפּיראָסן רויכערט זי. אָבער דאָס איז ווייניק. די עטלעכע איבעריקע יאָר — דאָס שטערט איר. מען רעדט וועגן איר בילדונג, וועגן איר קלוגשאַפֿט, אָבער אַלץ זעלטענער דערמאָנט מען איר שיינקייט.

זי וויל זיך אײַנריידן, אַז מענטשן זײַנען בלינד געוואָרן, אַפֿילו דעמאָלט ווען זי זעט גאַנץ גענוי אין שפּיגל, אַז די בעקלעך זײַנען שוין נישט אַזוי פֿריש און אונטער די אויגן באַווײַזן זיך סימנים... ניין! נאָך נישט קיין קנייטשן... זי זעט און מאַכט זיך נישט זעענדיק... אַפֿילו דעמאָלט ווען זי פֿאַרשמינקעוועט די געפֿערלעכע

ליניעס... עס באַפאַלט זי אַפּט אַ בייזע קראַפּט, אַן אויפרעגונג: קעגן דער גאַנצער וועלט וועט זי זיך שטעלן, אַבי נישט אונטער־גיין, זי וועט מיט אַלץ און מיט אַלעמען קעמפן... זי, זי וועט אויס־שרײַבן פאַרב און פודער פון פאַריז גופא. זי וועט קעמפן...

זי איז נישט עלנט ווי אַנדערע. זי האָט אַ קרײַז באַקאַנטע. ס'איז אַפילו אַ כּבוד פאַר אַ סך, ווען זיי ריידן מיט איר. זי האָט געשמאַק. זי ווייסט ווען אויסצוטיילן פון דער געזעלשאַפט. אָבער בעת זי נעמט טראַכטן פון אַזאַ איינעם, באַמערקט זי, אַז יענער הערט מער וואָס זי רעדט און קוקט אויף איר וויניקער ווי מען פלעגט אַמאָל קוקן אויף איר. וויל זי זיך אײַנריידן, אַז יענער איז קורצזיכטיק.

לעבט זי דערווײַל מיט אַזעלכע אײַנריידענישן. זי... זי וועט זיך נישט קלעמען פון דעם, וואָס אירע צוויי ייִנגערע שוועסטערט האָבן שוין חתנים... אַזוי טראַכט זי און אין דער אמתן קאָן זי נישט דולדן בעת זי זעט זיי צוזאַמען — בעת זיי לאַכן, בעת זיי צערטלען זיך. ווען זיי, די יונגע ציגן, וואָלטן וויסן ווען זי, טאַמאַראַ, האָט פון זיך פאַרטריבן, וויפל העלדן עס האָבן געקניט פאַר איר...

אָבער פאַרגאַנגענהייט איז נישט קיין קאַפּיטאַל. און די איי־דעלע פינגער עפענען דעם פאַרטסיגאַר. טאַמאַראַ רויכערט און לאָזט־אַוועק מיט דעם רויך די מעלאַנכאָלישע געדאַנקען... עס איז נאָך נישט קיין טראַגעדיע, זי האָט אַ סך מעגלעכקייט אײַנצוהילן די ערשטע סימנים פון אומרו און מפּלה. זי איז דאָך רײַך און אין רײַכע קליידער זעט מען נישט אַרויס אַזוי גיך דאָס אומגליק. זי צעוואָרפט און צעשמײַסט אויף ברעקלעך די ערשטע שרעק. זי לאָזט זיך רײַזן איבער דער וועלט. פאַרברענגט אין קוראָרטן. פאַרברענגט בײַם ים, אויף בערג און נאָך יעדער רײַזע קומט זי באַרויקט, געזינטער און מונטערער... דאַכט זיך, אַז זי איז גרייט די וועלט אײַנצונעמען, אָבער די וועלט רוקט זיך אַוועק פון איר. די וועלט... יענע יונגע לײַט, וועלכע רעכענען זיך פאַר די בעסערע

און וועלכע ווייסן אַלע, אַז טאַמאַראַ איז שוין נישט אַזוי יונג... פּרעכע און גליקלעכע מענטשן. וועלכער טײַוול האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו ציילן די יאָרן פֿון אַ פֿרוי, ווי מען ציילט עס בײַ אַ פֿערד? זי איז גרייט געווען די גאַנצע וועלט פֿײַנט צו באַקומען, אָבער זי באַדאַרף די וועלט פֿאַר זיך, באַווײַזן זיך פֿאַר דער וועלט, אויסהערן קאָמפּלימענטן. אַפֿילו פֿײַנט האָבן קאָן זי נישט, די וועלט. זי דאַרף זיך צופּאַסן צו איר, אַרײַנפּאַסן זיך אין דער וועלטראַם... איז אָבער איר שמייכל שוין נישט אַזוי יונג... סימנים פֿון אַלט־קייט...

ווי אַזוי איז דאָס געקומען? ווי אומגעריכט? זי, טאַמאַראַ, האָט גענומען לעבן מיט דעראינערונגען און דאָס איז דאָס ערגסטע. וואָס מער מפּלות זי האָט געליטן אין הײַנט, אַלץ מער האָט זי זיך אָפּגעקערט מיט די געדאַנקען צום נעכטן. זי האָט דעם נעכטן גע־רופֿן צו הילף, געוואָלט אַז דער נעכטן זאָל עדות זאָגן: זי איז גע־ווען די ערשטע, די שענסטע, אַז יענע טעג פֿון איר בליִען זײַנען באמת געווען אינטערעסאַנט און איצט לעבט מען מיט נאַרישקייטן, מען רעדט זיך אײַן, מען נאַרט זיך אָפּ. נעכטן...

נישט איין מאָל האָט זי זיך שוין געגריבלט אין אירע אַלטע בריוו. זי האָט געלייענט און געציטערט פֿון אויפֿרעגונג. ערשט איצט האָט זי פֿאַרשטאַנען דאָס זיסע פֿײַער, וואָס האָט געפֿלאַקערט אין די בריוו צו איר, בריוו פֿון פֿאַרליבטע יונגע לעבנס, וועלכע האָבן זיך געבעטן בײַ איר ליבע, אויפֿמערקזאַמקייט. דעמאָלט האָט זי געשוויגן, אויף די בריוו נישט געענטפֿערט. איצט האָט זי גע־בענטשט יעדן איינעם פֿון זיי. די בריוו זײַנען געלעגן פֿאַרשלאָסן, פּונקט ווי אַ טײַערער טעסטאַמענט, אין וועלכן מען פֿאַרשרײַבט אויף איר נאָמען די גאַנצע וועלט...

אָבער זי איז דאָך פֿאָרט נישט קיין נאַר. זי זעט דאָך גאַנץ גוט, וואָס אַרום איר קומט־פֿאָר. אין היינטיקע צײַטן זײַנען אַזעל־כע זאַכן, ווי באַהאַלטן בריוו פֿון געוועזענע געליבטע, זייער נאַ־ריש. בריוו מיט הייסע ווערטער, בריוו מיט פֿאַרטריקנטע בלומען

אין זיי... ווי קינדיש די סענטימענטן זײַנען! און ווער? זי, טאַמאַראַ, פֿאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן...

זי האָט זיך פֿאַרשלאָסן איין מאָל אין קאַבינעט, נאָך אַ מאָל געלייענט די בריוו און געשמייכלט צו זיך...

קלוג, נאַריש — אַלץ איינס: זי האָט געפֿילט, אַז די בריוו זײַנען איר טײַער. נאָר כּדי אַ סוף צו מאַכן, כּדי זיך צו באַפֿרײַען פֿון נעכטן, האָט זי דאָס אַלץ פֿאַרברענט. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך באַפֿרײַען פֿון דעם, וועט זי זײַן מער מיט דעם לעבן פֿון הײַנט. זי האָט חשק צו גיין מיט דעם שטראָם...

אָבער פֿאַרברענט האָט זי בלויז דאָס פּאַפּיר. די דעראינערונ־גען זײַנען געבליבן. זי האָט זיך גענומען שרעקן פֿאַר זיך. ווען זי בלײַבט אַליין, שווימען באַלד אַרויס די געשטאַלטן פֿון נעכטן. און עפּעס קומען זיי, כּדי זיך צו רייצן מיט איר, כּדי צו פֿאַרגלײַכן אַמאָליקע טעג מיט די היינטיקע. אַוועק!... מען מוז פֿאַרטרײַבן פֿון זיך יעדן ספֿק. טאַמאַראַ איז ערנסט און וואָס ערנסטער זי ווערט, אַלץ מער דרך־ארץ האָט מען פֿאַר איר און אַלץ וויניקער פֿלירט, שפּאַס... זי זאָל דאָס נישט באַמערקן... נײַן! זי האָט גוטע אויגן. אָבער ווײַזן, אַז דאָס פֿאַרדריסט, דאָס טאָר מען אויך נישט. און די בעסטע זאַך פֿאַר דעם איז אַ פּאַפּיראָס. זי ציט אירע אײדעלע פֿינגער צום פּאָרטסיגאַר...

טאַמאַראַס פּאָרטסיגאַר איז אַ קונסטווערק. גרינלעכע גאָלד מיט עמאַל און אַ סך קליינע בריליאַנטעלעך. אַ טײַערער פּאָרטסיגאַר, אָבער זײַן טײַערקייט שרײַט נישט פֿון רײַכקייט. קיין זאַך שרײַט דאָ נישט פֿון רײַכקייט. קיין זאַך שרײַט דאָ נישט אין איר קאַבי־נעט. אַלץ איז מיט רויִקייט, מיט געשמאַק. זי האָט איינע פֿון די ערשטע אַראָפּגעבראַכט אין אונדזער שטאָט דעם אינדישן באַטיק[1] און אויסגעפּוצט מיט די שטיקלעך קאָלירטן זײַד אַ סך ווינקלעך, זי האָט איינע פֿון די ערשטע אײַנגעפֿירט בײַ אונדז די מאָדע פֿון די קונסטליאַלקעס און זי האָט זיי אַ סך בײַ זיך אין שטוב. זייער

[1] שטאָף מיט פֿאַרשיידנקאָליריקע צייכענונגען.

שיינע פּיעראָטלעך, נעגערקעס און בלאָנדע קעפּלעך, זייער שיינע... אָבער, ווען טאַמאַראַ נעמט איינע פֿון די ליאַלקעס און שפּילט זיך מיט דעם, ווי מיט אַ קליין מיידעלע, ווען זי דריקט עס צו זיך, טוליעט צו זיך און קושט זי... דעמאָלט ווילט זיך אָפּקערן דעם קאָפּ און נישט קוקן, ווײַל עס פֿילט זיך, אַז זי וויל זיך מאַכן יינגער ווי זי איז, און דאָס שאָקירט. פֿון איר, פֿון טאַמאַראַן, ווילט זיך דאָס נישט זען, ווײַל אַלע ווייסן, אַז זי איז נישט קיין נאַר. צו וואָס דעם מאַסקאַראַד? פֿאַראַן אָבער זאַכן, וואָס די קליגסטע באַמערקן נישט און טאַמאַראַ מאַכט אָפֿט אַזעלכע פֿעלערן. זי נעמט אָפֿטריידן מיט אַ יונג מיידלשן קול און פֿאַרבייגט דעם קאָפּ אַזוי קאָקעטיש, ווי אַ זעכצניעריקע. דערבײַ פֿאַרגעסט זי, אַז צוויי מאָל זעכצן דאַרף דאָס נישט מאַכן.

דאָס זײַנען בלויז קליינע קלייניקייטן. אין אַלגעמיין איז זי אַנדערש: ערנסט, דרייסט, מיט אַ לײַכטער איראָניע באַגעגנט זי מענטשן, נעמט זיי אויף מיט ווערדע, מיט זעלבסטאַכטונג, און וואָס מער זי פֿאַרברענגט מיט וועמען אין געשפּרעך, אין דיספּוט, אַלץ שטאָלצער פֿילט זיך יענער. טאַמאַראַ אַליין האָט אים געזאָגט... טאַמאַראַ אַליין איז אײַנשטימיק מיט זײַנע געדאַנקען, מיט זײַן לעבנס־פֿילאָסאָפֿיע... יאָ, דאָס האָט וואָג... אָבער פֿון טאַמאַראַן גייט מען אַוועק, ווי פֿון אַ קלוגער פֿרוי — נישט ווי פֿון קיין געליבטער...

עס קאָן זײַן, ווען זי זאָל זיך אַ ביסל אַראָפּלאָזן, ווען זי זאָל נעמען טראַכטן פֿון איר גלײַכן... עס זײַנען פֿאַראַן גאַנץ אינטערעסאַנטע, דערפֿאַרענע עלטערע בחורים... זי מײַדט זיי אָבער אויס. זי שרעקט זיך, טאָמער וועט עס וואַרפֿן אַ שאָטן אויף איר געשטאַלט. אַפֿילו די עלטערע חבֿרטעס לאָזט זי צו זיך נישט צו און די יינגערע קומען זיך בלויז מיישבֿ זײַן צו איר...

וויל איינע פֿון זיי אויפֿנייען אַ נײַ קלייד — ווער קאָן זאָגן די בעסטע מבֿינות? טאַמאַראַ. און דאָס ערגסטע: שוין געווען אַפֿילו, ווען מיידלעך פֿון איר קרײַז זײַנען געקומען פֿרעגן בײַ איר, צי זיי זאָלן חתונה האָבן מיט דעם צי מיט יענעם אויסגעוויילטן... צו

ערשט האָט זי זיך נישט געכאַפּט. עס האָט איר אימפּאָנירט, וואָס אַלע פֿאַרלאָזן זיך אויף איר געשמאַק, אויף איר מבֿינות... נאָר פּלוצלינג איז זי בייז געוואָרן אויף די אַלע נאַרישע פּלאַפּלערקעס, וועלכע קאָנען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן... און וואָס ווילן זיי פֿון איר? אַ שדכנטע זאָל זי ווערן?

זי האָט צום סוף בייז אָפּגעענטפֿערט:

— לאָזט מיך צו רו! יעדער מענטש דאַרף זיך אַליין אויס־קלײַבן. יענעמס געשמאַק איז ווי אַ פֿרעמדער בגד.

טאַמאַראַ נעמט זיך בייזערן. אַ שלעכטער סימן פֿאַר איר.

ווען זי פֿאַרבלײַבט אַליין מיט זיך, רויכערט זי און טראַכט. און ווי טרויעריק עס איז: פֿון וואָס זי זאָל נישט טראַכטן, מוז זי אַלץ אַוועקגיין צוריק צום נעכטן. אַזעלכע רײַכקייטן, אַזעלכע שיי־נע זומערן, אַזעלכע לײַדנשאַפֿטלעכע ווערטער קלינגען איר אין די אויערן, און עס איז אַזוי ווי אָפּיום. זי ווערט בייז אויף זיך פֿאַר די סענטימענטן און אָן איר ווילן ציט זי זיך אַרײַן אַלץ מער אין אַזאַ טראַכטן. זי הערט ליבע־דערקלערונגען און שמייכלט. זי שמעקט די בלומען פֿון יענע אומרויִקע גליקלעכע טעג און שמייכלט. און שטאָלץ ווערט זי מיט איר פֿאַרגאַנגענהייט, שטאָלץ אַפֿילו מיט איר קעגנוואַרט. ווער האָט עס אַלץ דורכגעלעבט? זי. ווער קאָן איצט זיך צוקלײַבן דאָס שענסטע קלייד? זי. הײַנט איז אַלץ ביליק, וואָכעדיק... מענטשן, אַ גאַנצער מיליאָן איז איין שאַבלאָן. יאָ, יע־דער האָט נשמה, נאָר אַ סך נשמות קאָנען לעבן אָן שיינקייט. שיינ־קייט קאָן אָבער נישט לעבן אָן נשמה. און זי קוקט אויף זיך, אויף איר קלייד, אויף דעם צימער, ווו אַלץ איז אײַנגעאָרדנט מיט דיס־קרעטן געשמאַק. פֿון אַלץ, פֿון יעדער קלייניקייט ווערט זי שטאָלץ אין זיך, מיט זיך, זי אָטעמט מיט מער שטאָלץ... איינע אַליין, אָפּ־געזונדערט, נאָך נישט ברוגז אויף דער וועלט, נאָר שוין גענוג גלײַכגילטיק צו אַלעמען, רינגלט זי זיך אַרום מיט אַ סך אײַנרייד־דענישן... און טרוימט... טרוימט זיך אויס אָן אייגענע הויכקייט, פֿון וועלכער זי וועט אין אַ שעה אַרום אַראָפּפֿאַלן... און אפֿשר נאָך

ווייניקער ווי אין אַ שעה אַרום. דער פּאָרטסיגאַר ווערט אַלץ לייי־דיקער. זי רויכערט כּסדר.

טאַמאַראַ איז איצט בײַם ים. זי לעבט אין בעסטן האָטעל. טראָגט אויף זיך די שענסטע קליידער. זי האָט אַ טומלדיקן קרײַז באַקאַנטע, צווישן וועלכע עס זײַנען דאָ עטלעכע באַוווּסטע מאָ־לערס, אַ ריכטער, אַ זשורנאַליסט און אַ באַרימטער אַקטיאָר פֿון דער דײַטשישער בינע. און אַלע ציִען זיך צו איר, אַלע פֿאַרברענ־גען מיט איר.

זי האָט ליב צו האָבן אַרום זיך אַ גרויסן קרײַז מענטשן, אויף וועלכע מען קוקט מיט נײַגעריקייט און זועגן וועלכע מען רעדט אַ סך, און זי אַליין... זי אַליין גייט־פֿאָרויס. אויף איר ווײַזט מען אָן. זי איז נישט קיין מיאוסע. און דער עיקר: אירע שיינע קליי־דער, איר אַריסטאָקראַטישער טראָט. און אַלע ווייסן, אַז זי איז אַ רײַכן באַנקירס אַ טאָכטער.

זומער, ים, זון און געזאַנג.

עס קאָן זיך אַלעמען דאַכטן, אַז די טאַמאַראַ נעמט פֿון לעבן אַלץ; מען קאָן מיינען, אַז זי איז פֿול מיט לעבן און גליקלעך פֿון יעדן באַזונדערן טאָג. אָבער אין דער אמתן... זי פֿאַרבײַסט מיט די ליפּן און שווײַגט. די אַלע יונגע און אינטערעסאַנטע מענער פֿון איר קרײַז זוכן טאַקע איר געזעלשאַפֿט, זיי האַלטן זיך מיט איר, נעבן איר... אָבער נאָר ביז אַ גרענעץ, נישט מער, נישט לענגער ווי דער טאָג געדויערט... אין די פֿאַרנאַכטיקע און נאַכטיקע שאָטנס באַהאַלטן זיי זיך ערגעץ.

קיין סוד איז דאָס נישט פֿאַר טאַמאַראַן. זי ווייס, אַז דער קור־אָרט איז פֿול מיט יונגערע פֿון איר און יעדער איינער פֿון אירע קאַוואַלירן דרייט זיך אַרויס פֿון איר. יעדער איינער מיט אַ באַזונ־דערן אויסרייד. עס בלײַבן נאָר איבער די, וועלכע זײַנען עלטער פֿון איר. אָפּגעלעבטע, נודנע, זיצן זיי נעבן איר און וואַרפֿן קאָמפּ־לימענטן און ריידן צווידײַטיק אָדער זיי זיפֿצן־אונטער אַ ביסל.

טאַמאַראַ אָטעמט שווער און בייז. אירע בליקן לויפֿן אויף אַלע

זײַטן. זי וויל אַרײַנקוקן אין די פֿינצטערע נאַכטווינקלען. זי וויל דעם גאַנצן נאַכט־ים אַרומכאַפּן מיט די אויגן — דאָס יונגוואַרג שיפּלט זיך און זינגט. אַלע, אַלע זוכן באַהעלטענישן פֿאַר זינד און לײַדנשאַפֿט.

די אַלע, וואָס נעמען פֿון לעבן, הייבן גאָר נישט אָן צו פֿילן, וויפֿל אַזאַ נאַכט פֿײַניקט, ווען מען איז אַליין און ווען עס ווילט זיך ניט זײַן אַליין. וואָס גרעסער די איינזאַמקייט, אַלץ מער ווייטיק און פֿאַרדראָס. און ליפּן, וואָס ווילן בענטשן, נעמען שעלטן...

זיצט ווער נעבן איר, איז דאָס איר אַלץ איינס. די וועלכע זײַנען איר ליב — יענע זײַנען אַוועק. זי רויכערט מער ווי זי רעדט. זי ווייס, טויזנט מאָל ווייסט זי דאָס, אַז בייזערן זיך איז נאַריש. יונגע לײַט גייען צו יענע פֿרויען, וועלכע געפֿעלן. יונגע פֿרויען שטרעבן צו יענע מענער, וועלכע זײַנען זיי צום האַרצן און קיין בייזקייט וועט דאָ גאָר נישט העלפֿן... זי ווייס דאָס גאַנץ גוט. און דאָך הערט זי זיך נישט אויף צו בייזערן און זי זוכט, גריבלט זיך, פּײַניקט זיך... זי מוז אויסגעפֿינען, אַז ניט זי איז שולדיק, נישט דאָס, וואָס זי פֿאַרמאָגט מיט עטלעכע יאָר מער ווי יענע, וועלכע האַלטן נאָך אין בליִען... נישט דאָס, וואָס זי איז צו ערנסט און שטאָלץ געוואָרן פֿאַר הײַנטיקע לײַכטע און נאַרישע פֿלירטן... ניין! די וועלט איז שולדיק. אַלע זײַנען שולדיק, ווײַל אַלע זײַנען נאַריש. זיי פֿאַרשטייען נישט די רויִקייט. די מענער פֿאַרשטייען הײַנט נישט די שטאָלצע צוריקגעהאַלטנקייט פֿון אַ פֿרוי... מען פֿאַרשטייט נישט טאַמאַראַן. און איר גאָלדענער פּאַרטסיגאַר האַלט זיך אין איין עפֿענען. דאָס פֿונקען־פֿײַער פֿון פּאַפּיראָס סיגנאַליזירט לאַנג און לאַנג:

אָט דאָ זיץ איך, טאַמאַראַ, אָט דאָ בין איך. איך בין גענוג יונג. איך וויל לעבן. איך וויל אָבער, מען זאָל מיך באַמערקן ווי אַ פֿרוי און ווי אַ מענטש. די אַלע שטיפֿערקעס, די אַלע פּלאַפּלערקעס זײַנען נישט מער ווי שוים. שוימיקע אילוזיעס. זיי גיבן נאַרישע רגעס און טאָגלאַנגע פּוסטקייט.

דאָס פֿונקען־פֿײַער פֿון פּאַפּיראָס סיגנאַליזירט און רופֿט, אָבער די נאַכט איז אַזוי ווי אַ גרויסער באַרג. זי גייט נישט. טאַמאַראַ בלײַבט אַליין. זי וואָלט וועלן שוין נאָכגעבן. זי וואָלט וועלן זײַן אין דער רגע ווי טויזנט אַנדערע. זאָל קומען איינער, זאָל ער זי צונעמען פֿון איר אָפּגעזונדערטקייט... יאָ. זי איז אַליין שולדיק, זי טרײַבט פֿון זיך. און ווי לאַנג וועט זי טרײַבן, האַ? זי וועט דאָך שוין באַלד נעמען גרוי ווערן.

מיט ציטערדיקע פֿינגער כאַפּט זי אַ פּאַפּיראָס און נעמט ווידער רויכערן.

און די נאַכט, דער הימל זעט־אויס ווי אַ שוואַרצער מזבח. פֿאַרברענט זײַנען געוואָרן אַזוי פֿיל נשמות און שטרעבונגען. געבליבן זײַנען בלויז צאַנקענדיקע פֿונקען, די שטערן אין אַזאַ ווײַטער צו־להכעיסדיקער ווײַטקייט...

קיינער רעדט נישט מער וועגן אירע געדיכטע ברעמען, איבער אירע גרינע אויגן... אַמאָל איז אַנדערש געווען. קיינער דערמאָנט נישט מער אירע גלײַכע אויסגעטאָקטע ציינדלעך מיט דעם פֿײַנעם שניט פֿון אירע ליפּן — אַמאָל איז אַנדערש געווען. איר אַקסל, אירע פֿײַנע פֿיס און שלאַנקע הענט... מענטשן האָבן דאָס אויפֿגעהערט צו זען. דערפֿאַר רעדט מען איצט אַ סך וועגן אירס אַ קלייד, וועגן אַ סוועטער, וואָס זי האָט געבראַכט פֿון אויסלאַנד, וועגן אירע בורשטינען, וועגן די מאָדערנע קראָקאָדיל־שיכלעך, וועלכע זי האָט די ערשטע אַראָפּגעבראַכט. זי פֿלעגט אָפֿט אײַנפֿערן צו אירע קליידער און צירונג, וואָס מענטשן באַוווּנדערן... און זי אַליין? זי איז שוין גאָר נישט? ווער איז זי? וואָס איז זי? אַ מאַנעקען, אויף וועלכן מען לייגט־אַרויף די אַלע זאַכן, כּדי זיי צו באַוווּנדערן? און זי אַליין? מיט די פֿיס האָט זי געוואָלט טופּען. שרײַען האָט זי געוואָלט פֿון ווייטיק און פֿאַריאָגן אַלעמען.

אַן אַלטן רוימישן רינג האָט זי געקויפֿט אין לאָנדאָן בײַ אַן אַנטיקוואַר. דער רינג איז אַלט העכער צוויי טויזנט יאָר. יעדער איינער גלאָצט אויף דעם רינג מיט די אויגן און באַוווּנדערט, אָבער קיינער זאָגט נישט:

— אָט אַזאַ אַלטער רינג אויף אַזאַ יונגן פֿינגער.... ווונדערלעך . . .

זי וואָלט עס וועלן הערן. עס פֿאַרדריסט איר, וואָס מענטשן זײַנען אַזוי גראָב. זײַנען דען די צוויי טויזנט יאָר פֿון רינג ווייניקער ווי דרײַסיק יאָר פֿאַר אַ פֿרוי?... נאָר אַנשטאָט צו הערן קאָמפּלימענטן פֿלעגן זיך די מענטשן אָנטשעפּען אין אַ רינג אָדער זיי פֿלעגן נישט אויפֿהערן צו לויבן איר פּאָרטסיגאַר. דער שמאָלער גאָלדענער פּאָרטסיגאַר מיט דעם עמאַל, מיט די קונציק אַרײַנגעפּאַסטע ברילִיאַנטלעך, וועלכע האָבן כּסדר געפֿינקלט אין טאַמאַראַס הענט, האָט אַלעמען צו זיך געצויגן און איבער איין טאָג צײַט פֿלעגן אים אַ סך הענט האַלטן. און צוליב דעם זעלביקן פּאָרטסיגאַר האָט טאַמאַראַ איצט דורכגעליטן אַ גרויסע אַנטוישונג און אַ בייזע מפּלה. טאַקע דאָ, בײַם ברעג פֿון ים...

אין איר קרײַז איז געווען אַ יונגער מאָלער. גערופֿן האָבן אים אַלע מאַקס. און דער מאַקס איז געווען מער ציניקער ווי קינסטלער. אַ יונג מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ סך האָר אויפֿן קאָפּ, מיט אַ סך פֿראַזעס אויף דער צונג. ווען מען זאָל אים גוט באַטראַכטן, איז דאָס געווען אַ גאָרנישט. נאָר דער מאַקס האָט נישט געלאָזט טראַכטן. ער האָט אַלעמען פֿאַרשריגן און פֿאַרטויבט. ער האָט געהאַט דערפֿאָלג בײַ פֿרויען.

ווען מען קוקט זיך גוט צו צו אַזעלכע מאַקסן, צו אַזעלכע קינסטלערס, פֿילט מען געװיס אין זיי די נײַע צײַט. נאָך זײַנע אומרויִקע שרײַיִקע באַוועגונגען וואָלט ער זיך זייער געפּאַסט צו זיצן בײַם דזשאַזבאַנד. אָבער ער איז אַ מאָלער. און ווערט עס וועגן אײנעם געזאָגט, בלייבט עס שוין אַזוי: „אַ קינסטלער“. און דער קינסטלער...

אַז דער דאָזיקער מאַקס האָט דערזען דעם טײַערן פּאָרטסיגאַר בײַ טאַמאַראַן, האָט ער זיך אָנגעצונדן מיט אַ גרויסער ליבע צום... פּאָרטסיגאַר. און איין מאָל האָט ער זיך צו עטלעכע זײַנע חבֿרים אָנגערופֿן:

— איר ט׳זען, דער פּאָרטסיגאַר וועט זײַן מײַנער. איר ט׳זען, איך מוז האָבן דעם פּאָרטסיגאַר...

טאַמאַראַ האָט אויפֿגעלעבט. זי איז שוין מער נישט געזעסן אַליין אין די זומערדיקע אָוונטן. איר שמייכל איז צאַרטער געוואָרן. זי האָט נאָך מער גענומען בײַטן די קליידער. דאַכט זיך, אַז זי איז ייִנגער געוואָרן מיט צען יאָר. אומעטום: אין אַ קאַזינאָ, אויף דער פּליאַזשע, אין רעסטאָראַן, אין קאַפֿעטעריע, אומעטום איז זי געווען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון דעם פֿריילעכן מאַקס. ער איז איר נאָכגעגאַנגען, געהאַלטן זי אונטערן אָרעם, געקוקט מיט איבערגעגעבנקייט אין די אויגן... און דאָס פּאָרל האָט אויך גענומען פֿאַרשווונדן ווערן. זיי פֿלעגן זיך באַהאַלטן אין וואַלד אַרום. שעהען פֿלעגט מען זיי נישט זען. פֿאַרליבטע...

אַנדערע האָבן זיך יאָ אַ ביסל געוווּנדערט:

— דער מאַקס, וואָס האַלט ער זיך אַזוי מיט איר? זי איז אַ ביסל צו אַלט פֿאַר אים...

נישט געוווּנדערט האָבן זיך בלויז יענע חבֿרים, וועלכע האָבן געהערט פֿון מאַקסן, אַז ער מוז באַקומען דעם פּאָרטסיגאַר... און ס׳איז געגאַנגען אַ מיאוס שפּיל... ביז... איין מאָל איז מאַקס געקומען צו זײַנע חבֿרים. אָפּגערופֿן זיי אין דער זײַט. געשמייכלט און געווונקען געהיים מיט די אויגן. ער האָט די האַנט זײַנע אין קעשענע אַרײַנגערוקט און זיגעריש אויסגערופֿן:

—איר זעט! ער איז דאָ...

דערבײַ האָט ער באַוויזן טאַמאַראַס פּאָרטסיגאַר. דאָס גרינלעכע גאָלד האָט אין מאַקס׳ הענט אויסגעזען מאַט און די בריליאַנטלעך האָבן פֿאַרשעמטערהייט געשמייכלט.

אַ מאָדנעם אײַנדרוק האָט עס געמאַכט, פּונקט ווי דער מאַן וואָלט דאָס שענסטע פֿון דער פֿרוי אָפּגעגנבֿעט. דאָס איז געווען אַ געוויסע באַרימערײַ, אַ לעסטערונג. דער מאַקס האָט זײַנס אויסגעפֿירט. ער האָט געזיגט.

ער איז געווען אַ צעלאָזענער יונג, אָן טאַקט. ער פֿלעגט צו

יעדערן צוגיין און בסוד באַווייזן דעם פּאָרטסיגאַר. דערביי וויל־יונגעריש שמייכלען... אַלעמען האָט ער עס באַוויזן, פּרויען, מענער. און אַ סך האָבן זיך געוווּנדערט:

— טאַמאַראַ איז נישט קיין נאַר. ווי קומט עס צו איר, זי זאָל זיך לאָזן כאַפּן פון אַזאַ איינעם?

האָט מען געענטפערט:

— טאַמאַראַ איז אַ פרוי, ווי אַלע פרויען...

די געשיכטע, אַז מאַקס לויפט־אַרום פון איינעם צום צווייטן מיטן פּאָרטסיגאַר און באַרימט זיך, איז אויך צו טאַמאַראַן דער־גאַנגען... און זי האָט מיט אַ מאָל די אויגן געעפנט. שוין געווען צו שפּעט צו כאַפּן צוריק. זי — זי האָט זיך אַזוי באַנאַרישט! זי האָט זיך דערפילט אַזוי מיאוס באַליידיקט, פונקט ווי מען וואָלט פון איר די קליידער אַראָפּגעריסן...

זי האָט גענומען פאַרריכטן איר פעלער. זי האָט אַליין גענומען דערציילן פאַר אַנדערע:

— איך האָב דעם מאַקסן מיין פּאָרטסיגאַר אַוועקגעגעבן. עס געפעלט אים אַזוי שטאַרק און מיר האָט עס שוין דערעסן. און ווען מאַקס איז געקומען צו איר. געקומען אַ פאַרליבטער, מיט אַ קוש, מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ קאָמפּלימענט. האָט זי נישט אַרויס־געוויזן קיין שום אויפרעגונג. קיין עקל צו אים, נאָר דערביי פאַר־זיכטיק געטראַכט:

— וואָס נאָך וויל ער אַרויסנאַרן!

פאַר נאַכט. זיי פאָרן אויף אַ שיפל. דער ים זילבערט זיך און שפּילט זיך.

מאַקס רעדט גוטע רייד צו טאַמאַראַן און יענע שמייכלט אין זיך. אַ קליין נקמהלע וועט זי באַלד האָבן.

— האָסט אַ פּאַפּיראָס, מאַקס?

— יאָ, טייערע...

און ער עפנט־אויף דעם גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר. זי ציט־אויס איר האַנט. שטרעקט־אויס די האַנט און כאַפּט־אַרויס דעם פּאָרט־סיגאַר פון זיין האַנט...

עס ווערט געמאַכט אַזוי שפּילעוודיק, כמעט קאָקעטיש. מאַקסן דאַכט זיך, אַז זי רייצט זיך מיט אים.

— דיר איז זייער טײַער מײַן מתּנה, מאַקס?

— טײַערער קאָן שוין ניט זײַן...

— אַזוי?

— וואָס, דו גלייבסט נישט?

— ניין! איך גלייב... נעם עס, ס'איז דײַנס. טאַמאַראַ נעמט נישט צוריק, וואָס זי גיט איין מאָל אַוועק. נעם עס!

און אין דער רגע גיט זי אַ וואָרף דעם גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר אויפֿן וואַסער, אויף די פֿאַליעס...

— טאַמאַ... — מאַקס שרײַט־אויס אַ האַלב וואָרט און קוקט מיט צעשראָקענע אויגן אויפֿן וואַסער.

אַ רגע האַלטן זיך נאָך די צוויי פֿלאַכע צווילינג־שיסלעך פֿון פּאָרטסיגאַר אויפֿן וואַסער און באַלד זינקט עס אַראָפּ אין דער טיף...

— וואָס האָסטו געטאָן? טאַמאַראַ!

— דו האָסט עס שמוציק געמאַכט, זאָל עס זיך אויסבאָדן, דער פּאָרטסיפּאַר...

*

קיין איין זידלוואָרט. קיין פֿאָרוווּרף. זי האָט בלויז צום באַגליי־טער אויסגערופֿן:

— צום ברעג!

און אַ טאָג שפּעטער איז זי אַוועקגעפֿאָרן.

## משהלע נאַטוראַלני

אין שטאָט קאָן מען אים גוט — אויף אַלע בירזשעס, אין אַלע בענק. ער האַנדלט מיט אַלצדינג. און אויב מ'זאָל גוט אַרײַנקוקן אין דער זאַך, האַנדלט ער מיט גאָר נישט, נאָר ער „דרייט“, ווי חבֿרה לצים זאָגן אויף אים — ער דרייט! און אַזוי דרייענדיק, פֿאַרדרייט ער זיך און די גאַנצע וועלט דעם קאָפּ. ער פֿאַרוואַרפֿט

אַ נעץ און אַנדערע ציִען־אַרויס, אָדער פֿאַרקערט, אַנדערע פֿאַר־וואַרפֿן און ער ציט־אַרויס.

דער גאַנצער נפֿש איז אַלט... איז נאָך נישט אַלט קיין דרײַסיק יאָר. אַ ווײַב האָט ער שוין און אַ קינד אויך, אַ ייִנגעלע מיט גע־קרײַזלטע הערעלעך, וואָס וועט מסתּמא אין גיכן אָנהייבן קרענקען אויף אַ צוקערקרענק, ווײַל מער ווי מיט שאָקאָלאַד און אַנדערע זיסע זאַכן שפּײַזט מען אים נישט...

אַ ווײַב האָט ער... גיכער האָט דאָס ווײַב אים. ער איז דער ווינט און זי די ווינטמיל. וואָס ער פֿאַרדינט, צעמאָלט זי עס אין איין אויגנבליק. דאָ איז אַ פֿאַרקערטע וועלט: נישט דער ווינט טרײַבט־אָן די ווינטמיל. זי, דאָס ווײַבל זײַנס, יאָגט אים. די ווינט־מיל יאָגט דעם ווינט:

— לויף און ברענג אַל דאָס גוטס, לויף, לויף!...

משהלע נאַטוראַלני — וועגן אים דאַרף מען אַ ביסל ברייטער ריידן. דאָס איז אַ מענטש, וואָס יעדע צוויי וואָכן איז ער אַ מיליאָ־נער און יעדע צוויי וואָכן איז ער אויס מיליאָנער. מיט צען יאָר צוריק האָט ער אָנגעהויבן זײַן קאַריערע ווי אַ „דרייער", אַ מענטש וואָס מאַכט קאַפּיטאַל פֿון לופֿט. מיט צען יאָר צוריק האָט ער שוין אָנגעפּאַקט פֿולע קעשענעס מיט אַסיגנאַציעס און אַלע האָבן גע־ווּוסט, אַז אים האָט זייער אָפּגעגליקט. נאָר ווי אַזוי עס האָט אים אָפּגעגליקט — דאָס האָט קיינער גענוי נישט געוווּסט. דערפֿאַר אָבער האָבן אַלע געזען, ווי משה נאַטוראַלני האָט גענומען ברייט לעבן: די שענסטע בגדים האָט ער זיך געקויפֿט, זײַדענע וועש און אַ בריליאַנט...

— אַ בריליאַנט — האָט ער געזאָגט — טראָגט מען נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דער וועלט. אַז עס שטראַלט אויפֿן פֿינגער, איז אין קעשענע אַוודאי און אַוודאי נישט פֿינצטער...

ער האָט זיך געהאַט זײַן טעאָריע אויף יעדער זאַך און שטענ־דיק געוואָרפֿן מיט נישט־דערטאָקטע אַפֿאָריזמען.

פֿון די דײַטשן האָט ער געכאַפּט זייערע ווערטלעך און אומע־

טום אויסגענוצט. אַז מען פֿלעגט אים פֿרעגן, פֿאַר וואָס ער צע־שלײַדערט אַזוי פֿיל געלט, האָט ער שטענדיק געהאַט איין ענטפֿער:

— מײַן טעאָריע איזט: לעבן און לעבן לאָסן...

ער האָט אויך געהאַט זײַן קרײַזל, אַ חבֿרה פּאַראַזיטן, וועלכע האָבן אים געזויגן אויפֿן גרויסן אופֿן. נאָר עס האָט אויף אַלץ גע־סטײַעט. ער איז געשווומען אין אַ ים מיט געלט און עס וואָלט זיך קיין מאָל נישט אויסגעשעפּט.

מאַכט זיך, אַז משהלע נאַטוראַלני האָט חתונה געהאַט. די גע־שיכטע איז פֿאָרגעקומען זייער שנעל און נישט אַלע אַפֿילו פֿון זײַנע נאָענטסטע פֿרײַנד האָבן געוווּסט מיט וועמען נאַטוראַלני האָט חתונה געהאַט.

ער האָט זיך באַקענט מיט אַ „מיידל פֿון טעאַטער". אַ כאָריסט־קע איז זי געווען. אַ כאָריסטין אָדער די בעסטע פּרימאַדאָנע — פֿאַר משהלען איז דאָס אַלץ איינס געווען... אַבי אַ מיידל פֿון טע־אַטער.

באַקענט זיך און עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ גאַנג: בלומען, באָמ־באָניערקעס, מתּנות יעדן טאָג, יעדע שעה... די פּרימאַדאָנע האָט באמת געמעגט מקנא זײַן די כאָריסטקע.

געהייסן האָט משהלעס געליבטע — חנה. נאָר באַלד נאָך די ערשטע בלומען האָט זי דעם נאָמען איבערגעמאַכט אויף „אַנאַ". אַליין אַן אָרעם מיידל, וואָס האָט זיך מיטן בייזן דלות געקאָנט פֿון קינדווײַז אָן איז באַלד אין אָנהייב פֿון דער נײַער באַקאַנטשאַפֿט אַ ביסל צעדולט געוואָרן...

די „מכשפֿה", אַן אַלטע אַקטריסע, אַ מויד פֿון אַ יאָר... עפּעס וויניקער ווי פֿופֿציק, האָט געקוקט מיט קנאה אויף דעם פּאָרל און געהאַלטן אין איין נבֿיאות זאָגן:

— זיי וועלן נישט גוט אָפּשנײַדן...

— זי וועט אים משוגע מאַכן...

— ער האָט זי אָפּגעסמט מיט זײַן שאָקאָלאַד.

די מכשפֿה... ווער פֿלעגט אויף אירע רייד אַכט לייגן אַפֿילו דעמאָלט בעת זי איז פֿולשטענדיק געווען גערעכט.

זיי האָבן חתונה געהאַט.

אין טעאַטער און אין גאַס און אַפילו אַ ביסל ווײַטער פֿון וואַרשע האָט מען גערעדט פֿון זייער חתונה.

— דאָס מעבל פֿון רויט און שוואַרץ האָלץ. די וועש, די גאַר־דינען...

— אַ געוויינטלעכע כאָריסטקע... האָט אויף אַ פּאָר שיך נישט געהאַט... און איצט? רײַכקייט...

— און ער, דער נאַטוראַלני, איז טאַקע אַזוי רײַך?

— או, או, או... — פֿלעגט מען ענטפֿערן — ער איז רײַך, עס האָט אים אָפּגעגליקט... און אַ מענטש האַלט כסדר אין איין דרייען... ער דרייט מיט דער גאַנצער וועלט. קויפֿט סחורות אין די הונ־דערטער וואַגאָנען און די סחורות אַליין זעט ער פֿאַר די אויגן נישט אָן... און ווי לעבט זיך דאָס יונגע פּאָרל?

זײַטיקע מענטשן רעכענען, אַז זיי מוזן לעבן גאַנץ גוט. און טאַקע — פֿאַר וואָס זאָלן זיי לעבן שלעכט? יונג זײַנען זיי, רײַך זײַנען זיי... נאָר די גאָר נאָענטע האָבן געוווּסט, אַז בײַ נאַטוראַלנין אין דער היים איז אַ גיהנום...

עס זײַנען פֿאַראַן שטילע גיהנומס צווישן מאַן־און־ווײַב, ווו מען פֿאַרשטיקט אין זיך דעם האַס, ווו אַפילו פֿאַראַכטונג פֿון איי־נעם צום צווייטן ווערט באַגלייט מיט אַ שמייכעלע. פֿאַראַן אָבער גיהנומס צווישן אַנדערע מאַן־און־ווײַב, ווו מען לאָזט ווילגיין די אינסטינקטן, די קללה גייט נישט אַראָפּ פֿון די ליפּן, די מיאוסטע באַליידיקונגען, געשריי, היסטעריק און אַפילו קלעפּ...

די געוועזענע כאָריסטקע, דאָס אָרעמע מיידל, איז פֿון רײַכ־קייט צעטומלט געוואָרן און האָט אָנגעהויבן אונדזער משהלען פּײַ־ניקן. אַלץ איז ווייניק. זי האָט זיך געמאַכט אַ מאַנטל פֿון מאַלפּע, אַ מאַנטל פֿון קאַראַקול, געקויפֿט גאָרנאָסטײַ [1]. ער האָט איר געקויפֿט פּערל, וואָס זײַנען געווען די איינציקע אין וואַרשע. ער האָט אויס־

---

[1] פּוטער.

געפּוצט פֿאַר איר נישט אַ וווינונג נאָר אַ פּאַלאַץ. נאָר זי האָט זיך אַלץ געבייזערט. עס האָבן אויפֿגעהערט צו פֿעלן די סאַמע נייטיק־סטע זאַכן און צוליב דעם האָט זי אַלץ פֿאַרלוירן, ווײַל אַלץ איז איר ווייניק געווען... אויב זי וועט נישט קויפֿן דעם ברילליאַנטענעם רינג, וועט דאָך אַ צווייטע קויפֿן און דאָס האָט זי נישט פֿאַרגונען.

און משהלע נאַטוראַלני האָט אַלץ דערפֿילט. ער וואָלט אַ לעבן אָפּגעלעבט — און ער וואָלט זיך נישט דערוווּסט, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע געשעפֿטן פֿון קליידער, ווו מען צאָלט מיט טויזנטערס. ער האָט נישט געוווּסט, נאָר אַנאַ האָט יאָ געוווּסט. און ווי אַזוי וועט זי דאָס איבערלעבן, אַזאַ חרפּה, אויב איין קלייד אַפֿילו וועט זײַן געקויפֿט אין אַ געוויינלעכן געשעפֿט? האָט זיך נאַטוראַלני עט־לעכע מאָל אָפּגעשטעלט און זיך גענומען בעטן:

— אַזוי פֿיל געלט?...

— וואָס דינגסטו זיך מיט מיר?

און עס פֿלעגט אַוועקגיין אַ היסטעריק, אַ געוויין. טײַערע כּלים, וואַזעס, קרישטאָלן, גלאָזוואַרג — פֿאַר דאָס אַלץ האָט מען געצאָלט שווער געלט. און באַלד וואַלגערן זיך שערבלעך אויף דער ערד, ווי נאָך אַ פּאָגראָם, און דאָס איז אַלץ דערפֿאַר, ווײַל משהלע האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַ וואָרט...

האָט ער זיך אויסגעלערנט שווײַגן, געשוויגן האָט ער פֿאַר מו־רא. און זײַן ווײַב, אַנאַ, די געוועזענע כאָריסטקע, האָט אָנגענומען זײַן שווײַגן פֿאַר שטאָלץ זײַן... ביסט אַ יחסן, משה!

אַזוי גאָר...

און זי האָט זיך געלאָזט ווילגיין מיט די טאַפּעטן. פֿון אַלע ווענט האָט זי אָפּגעריסן די טײַערע טאַפּעטן, און טוט איר עפּעס...

זי כאַפּט אַ שער און צעשנײַדט מיט דעם די טײַערע וועש. קאַפּיטאַלן צעשנײַדט זי, צעטרעט מיט די פֿיס, באַשפּײַט, באַשמוצט... זי צעהאַקט די שפּיגלען. ווען חנה... אַנאַ גייט־אַרײַן אין משוגעת, ווען זי וויל זיך אָפּרעכענען מיט איר משה... דעמאָלט נעמט זי זיך פּליקן די טאַפּעטן.

אַזעלכע קאַפּריזן קאָסטן געלט. מען קאָן דאָך נישט לאָזן אַזוי אַרומגעריסן אַ שטוב. מענטשן קומען אַרײַן. ס'איז פֿאַר זיך אַליין אַ חרפּה... פֿאַרקלעפּט מען די ווענט מיט נײַע. אין אַ קורצער צײַט אַרום ווערט זי ווידער צעבייזערט און ווידער אַראָפּגעפּליקט די טאַפּעטן... דאָס איז איר העכסטע צערייצונג.

כאַפּט אים אַ מאָל ווער אין גאַס, אַ באַקאַנטער זײַנער, שוין לאַנג זיך נישט געזען, און צווישן זיי קומט־פֿאַר אַזאַ מין שמועס:

— וואָס מאַכסטו, משהלע?

— וואָס זאָל איך מאַכן?... איך ברעך דעם קאָפּ...

— און וואָס מאַכט דײַן ווײַב... דײַן אַנאַ?

— זי ברעכט זיך אויף דעם קאָפּ...

— וואָס הייסט? איך פֿאַרשטיי דיך נישט, רייד קלאָר!

— אײַ, וואָס העלפֿט דאָס ריידן... איך וועל דיר געבן צו פֿאַר־שטיין: איך ברעך גאַנצענע טעג און נעכט דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו קריגן געלט, און זי, מײַן ווײַבל, ברעכט אויך דעם קאָפּ, ווי אַזוי אויסצוגעבן געלט... קליידער, היט און שיך... וואָלטסט כאָטש אַ קוק געגעבן, וואָס בײַ מיר טוט זיך אין די שאַפֿעס און אויף די שאַפֿעס און אונטער די שאַפֿעס... מײַן מאַמע וואָלט עס געהאַט אויף צען דורות! וואָס רייד איך? מײַן מאַמע, מײַן מאַמע וואָלט דען אָנגעטאָן אַזעלכע בגדים?

און אָט קומט ער צו זיך אַהיים... נישטאָ קיין היים. ער מוז שוין גיין עסן אין אַ רעסטאָראַן. פֿאַר וואָס? ווײַל זײַן ווײַב איז אַרויסגעפֿאָרן אין דער מיט ווינטער קיין אָטוואָצק [2], אין אַ פּענ־סיאָנאַט...

פֿאַר וואָס? ווײַל די מאַדאַם — אַזוי פֿלעגט ער רופֿן זײַן ווײַב בעת ער איז געווען אין כעס — ווײַל די מאַדאַם האָט מיטגענומען די דינסט צו זיך אין אָטוואָצק. זי קאָן זיך אַנדערש נישט באַגיין...

[2] אַ פּאָפּולער דאַטשע־אָרט בײַ וואַרשע.

און וואָס איז עפּעס אין דער מיט סוף ווינטער קיין אָטוואָצק? אַז מען פרעגט דאָס בײַ נאַטוראַלנין, ענטפערט ער:

— זי האָט זיך אויסגעטאַנצט... איר פאַרשטייט? זי האָט זיך אויסגעטאַנצט, איצט מוז זי קומען אַ ביסל צו זיך...

— וואָס הייסט אויסגעטאַנצט?

— ס'איז דאָך געווען אַ קאַרנאַוואַל מיט מאַסקעבעלער, מיט טענץ, האָט זי אָפּגעטאַנצט אַ פּאָר חדשים און איז געוואָרן דאַר און גרין, אַלע קליידער זײַנען איר ברייט געוואָרן... אַ קלייניקייט, אַ קאַרנאַוואַל מיט מאַסקעס. פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע נעכט. גע־טומלט אַ ווינטער מיט קאָסטיומען, מיט משוגענע מאָדעס... גע־לויבט דער אייבערשטער, געענדיקט מיט די מאַסקעבעלער, האָט זי אָנגעהויבן מיט דאָקטוירים....

זי מוז האָבן רו. זי מוז פאָרן אין אַ פּענסיאָנאַט. זי קאָן נישט גיין, זי קאָן נישט שטיין, זי קאָן נישט עסן...

דער קאַרנאַוואַל האָט אײַנגעשלונגען אַ מאַיאָנטעק. אָטוואָצק קאָסט אויך געגוג. און איצט גייט אַ זומער־סעזאָן מיט נײַע קליידער.

לויפט ער אַרום, נאַטוראַלני, און ער מאַכט געשעפט. און אַז מען פרעגט בײַ אים וועגן ווײַבל, האָט ער שוין אַ פאַרטיקן ענט־פער:

— זי איז אין אָטוואָצק. זי האָט זיך „אויסגעטאַנצט“, איצט רוט זי זיך אָפּ.

און אַליין וואַלגערט ער זיך אין אַ שמוציקן, קאַלטן צימער. ער וואָלט שוין בייז געוואָרן, האָט ער קיין צײַט נישט אויף אַזעלכע זאַכן.

אַז דאָס ווײַבל איז נישטאָ אין וואַרשע, זײַנען אויך אירע קרובים נישטאָ, און מען צעשלעפּט נישט פון שטוב קיין חפצים.

משהלע נאַטוראַלני איז צופרידן, וואָס זײַן ווײַבל רוט זיך אָפּ, כאָטש עס באַפאַלט אים אָפט אַ בענקשאַפט. עס איז אים אומעטיק אַליין: פאַר וועמען אַרבעט ער? פאַר די שנײַדערס און שנײַדערקעס, פאַר דער גאַנצער וועלט אַרבעט ער, אָבער נישט פאַר זיך... אוי, ווען

ער באַדאַרף אַזוי פֿיל נישט לויפֿן, וואָלט ער שוין גערעדט מיט איר וועגן אַלץ.

אין אַ קאַלטן־וואַרעמען טאָג, צווישן פּורים און פּסח, זאָגט מען אים אָן, אַז מען האָט געקלונגען פֿון אָטוואָצק: זײַן ווײַב איז קראַנק. אַנאַ איז קראַנק.

געקלונגען האָט אַ פֿרעמדער מענטש און אָנגעזאָגט האָבן דאָס פֿרעמדע מענטשן.

ווײַזט־אויס, אַז זי איז ערנסט קראַנק. אפֿשר געפֿערלעך. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק גענומען קלאַפּן. זײַן ליבע צו איר האָט זיך אויפֿגעוועקט. ער האָט זיך דערמאָנט די ערשטע באַגעגענישן מיט איר נאָך דעמאָלט, ווען זי איז געווען אַ כאַריסטקע אין טעאַטער. ווי ליב זי האָט אים געהאַט, ווי שטאַרק זי פֿלעגט אים באַדאַנקען פֿאַר יעדע מתּנה.

— אַנאַ איז קראַנק.

זי האָט טאַקע אויסגעזען אַזוי שלעכט די לעצטע צײַט. אמת, עס איז בײַ איר געקומען פֿון צו פֿיל טאַנצן, פֿון נישט שלאָפֿן, אָבער... אַז מען האָט ליב, איז מען אַלץ מוחל...

און ער איז געלאָפֿן צו דער באַן קיין אָטוואָצק. געווען איז עס מיטאָגצײַט, בעת אויף דער בירזשע ווערט אַלץ באַשלאָסן. אַ היציקע מינוט. די „זשיראַדאָווער״[3] האָבן יענעם טאָג געטאַנצט אין קדחת.

„פּאַראַוואָז״ און „זאַוויערצע״ האָבן פּראָסט ניסים באַוויזן. און ער, משהלע נאַטוראַלני, האָט עס אַלץ געלאָזט אין „ברען״ און איז געלאָפֿן מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צו אַנאַן אין אָטוואָצק.

וויפֿל יסורים האָט ער דורכגעלעבט ביז דער צוג האָט זיך דערשלעפּט! וועלכע שווערע געדאַנקען עס זײַנען אים אין קאָפּ געקומען. און אָט איז שוין דער הויף פֿון פּענסיאָנאַט. די פֿענצטער מיט בלומענטעפּ און ווײַס־ציכטיקע גאַרדינען.

---

[3] אַקציעס אויפֿן נאָמען פֿון דער באַקאַנטער פֿאַבריקשטאָט פֿון טעקסטיל.

אײן פֿענצטער איז אָפֿן און פֿון צימער טראָגט זיך אַ פֿרײלעך קול. עמעץ זינגט:

„מײדלעך, מען טאָר נישט...״
„יִנגלעך, מען טאָר נישט...״

וואָס איז דאָס? אַנאַס קול? אַנאַ זינגט. זי איז געזונט? אָדער אפֿשר זינגט זי פֿון היץ? גאָט אין הימל! אפֿשר איז זי אויף אַן אמת משוגע געוואָרן? די שכנים זײַנע און אַ סך באַקאַנטע זאָגן שוין פֿון לאַנג אויף איר, אַז זי איז משוגע...

— אַ משוגענע װײַב, רבונו של עולם!

ער איז געלאָפֿן אָן אָטעם. איצט ערשט האָט ער געפֿילט, ווי ליב און טײַער זי איז אים...

ער לויפֿט־אַרײַן צו איר און יענע באַגעגנט אים מיט אַ שׂמחה:

— ביסט געקומען? אוי, גוט, איך האָב דיך אַרײַנגענאַרט. אוי, גוט...

— וואָס גוט? וואָס טוט זיך דאָ?

און זי דערציילט אַ גאַנצע געשיכטע. דאָ, אין אָטוואָצק, האָט מען איר רעקאָמענדירט אַ גוטע שנײַדערין; מען זאָגט אויף איר, אַז זי נייט בעסער ווי אין וואַרשע, און דערפֿאַר האָט זי באַשלאָסן דאָ אויפֿצונייען עטלעכע קליידער; און אַזוי ווי ער, משהלע, איז אַ שלעכטער מאַן און וואָלט גלײַך קיין געלט נישט געשיקט, האָט זי באַשלאָסן אים אַרײַנצונאַרן אין זאַק...

— און גיב טאַקע געלט, געלט... עס גייט אַ זומער, גיב געלט!

זי האָט אים פֿאַרלאַכט, פֿאַרקוקט און געכאַפּט מיט אים טאַנצן איבערן צימער, ביז זי האָט באַקומען אַ פּאַק מיט געלט... און זי האָט ווידער גענומען זינגען:

„ס׳איז דאָ אַ סוד דערבײַ,
עס איז נישט קײַ און שפּײַ...״

משהלע האָט דעמאָלט געטראַכט, אַז זי האָט נאָך נישט פֿאַר־געסן אירע אַמאָליקע טעאַטער־לידלעך. עס האָבן זיך אים דער־

מאָנט די גוטע טעג פֿון זײַן ליבע, גאָלדענע טעג, ליכטיקע טעג... פֿאַר וואָס איז איצט נישט אַזוי? און אפֿשר וועט זיך נאָך אַ מאָל אומקערן די גוטע צײַט?

קיין כּעס אויף איר האָט ער נישט געהאַט, אָבער...

— דו האָסט דאָך מיך אָפּגעריסן פֿון אַלע מײַנע געשעפֿטן! איך גאָס ברענט...

— וואָס ברענט? ווו ברענט?

— אַקציעס ברענען...

— איז דאָך גוט. גיב געלט, געלט, געלט... ס׳איז אַ טײַערע שנײַדערקע. איך האָב דיך געמוזט אַרײַננאַרן. זאָג אַליין, בין איך נישט קיין קלוגע? דו וואָלטסט אויף אַזאַ קונץ נישט געפֿאַלן...

ער איז צעטומלט, איבערגעראַשט, נאָר ער האָט זי ליב, און ווײַל ער האָט זי ליב, וויל ער זיך מיט איר אויסריידן.

נאָר זי הערט נישט, וואָס ער רעדט. זי שלעפּט אים אַראָפּ אונטן צו מיטאָג.

משהלע זיצט בײַ אַ טיש, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן עס־קאַדראָן גרינע מיידלעך און ווײַבלעך.

— זיי האָבן זיך אויך אויסגעטאַנצט... — טראַכט ער בײַ זיך און ווערגט זיך מיטן ביסן.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט, דער מיטאָג זאָל זיך ענדיקן, און ער איז געלאָפֿן כאַפּן אַ צוג קיין וואַרשע. דערבײַ האָט ער געטראַכט און געמורמלט:

— נאַ דיר אַ ווײַב, נאַ דיר אַ ליבע...

ער איז שטענדיק פֿאַרנומען. וועגן אים וויצלט מען זיך, אַז אַזאַ נפֿש וועט אַפֿילו נישט האָבן קיין צײַט צו שטאַרבן.

ס׳האָט זיך געמאַכט אַמאָל, ער איז שווער קראַנק געוואָרן; דאָקטוירים האָבן געפֿאָדערט אַן אָפּעראַציע. און משהלע נאַטוראַל־ני איז אַזוי קראַנקערהייט אַרומגעלאָפֿן איבער די גאַסן און גע־דרייט געשעפֿטן.

— אַן אָפּעראַציע?... דאָס דאַרף דויערן צוואַנציק טעג... צוואַנציק טעג!

פֿאַר אַזאַ צײַט קאָן זיך נאָך די וועלט איבערקערן. די וואַליוטע קאָן אַ שפּרונג טאָן ביזן הימל אַרײַן און אַלץ קאָן דאָפּלט ווערן.

— ניין!

ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּערירן. ער וויל זיך נישט אָפּרײַסן פֿון לעבן, פֿון טומל, פֿון דער בירזשע.

— מענטש! ס'קאָן ברענגען צו טרויעריקע רעזולטאַטן. איצט פּטרסטו נאָר צוואַנציק טעג און, אויב דו וועסט עס אָפּלייגן, ריזיקירסטו מיט דײַן גאַנצן לעבן!

געלאָזן זיך אײַנריידן, אָבער מיט איין באַדינג: ער וועט זיך לאָזן אָפּערירן און די דאָקטוירים אין קליניק וועט ער דאָפּלט באַצאָלן... נאָר איין באַדינג: מ'זאָל אים געבן אַ טעלעפֿאָן נעבן דעם קראַנקנבעט, ער זאָל קאָנען טעלעפֿאָנירן אין שטאָט אַרײַן, צו די סוחרים.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? משה! אַן אָפּערירטער מענטש מוז ליגן רויִק.

— כ'וועל ליגן רויִק...

— אָבער דו וועסט טעלעפֿאָנירן און זיך באַוועגן, אויפֿרעגן זיך...

— ווי איר ווילט: אַ טעלעפֿאָן בײַם בעט אָדער איך לאָז זיך נישט שנײַדן...

ס'האָט גאָר נישט געהאָלפֿן — די דאָקטוירים זײַנען אויף דעם אײַנגעגאַנגען. צו זײַן בעט האָט מען צוגעצויגן דעם טעלעפֿאָן און עס איז ווײַטער געגאַנגען אַ גאַנג — נאַטוראַלני האָט זײַנע געשעפֿטן נישט אָפּגעלאָזן.

אַ שעה פֿאַר דער אָפּעראַציע קלינגט ער צו מאָניש צעדערבוים:

— הער זיך אײַן, מאָניש, לויף אַרײַן צו גרינבערגן און נעם בײַ אים צו די צען וואַגאָן צוקער.

— און דו, משה?
— איך בין פֿאַרנומען.
— וואָס הייסט? לערנסט זיך אפֿשר שפּילן קלאַוויר?
— ניין, איך בין פֿאַרנומען, אין שפּיטאָל...
— וואָס אין שפּיטאָל? וואָס קויפֿסטו דאָרט?
— איך קויף נישט און פֿאַרקויף נישט. די דאָקטוירים האָבן זיך אָנגעטשעפּעט... אין אַ שעה אַרום וועט מען מיך פֿאַרשלעפּערן און מען וועט שנײַדן... אַן אָפּעראַציע... דער שוואַרץ יאָר וויס זיי... הערסט, מאָניש, קויף עטלעכע מיליאָן דײַטשישע און גיב עס אָפּ גראַבוויצקין, ער ווייסט שוין וואָס צו טאָן מיט דעם...
— גוט, איך וועל קויפֿן.

אין אַ שעה, אין צוויי שעה נאָך דער אָפּעראַציע, רײַסט ער זיך שוין ווידער צום טעלעפֿאָן. מ'האַלט אים קוים אײַן. דער מענטש טאָר זיך נישט באַוועגן. ער מוז ליגן רויִק. אָבער גיי, ליג רויִק, בעת די וואַליוטע טאַנצט, בעת צוקער הייבט זיך...

דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע צײַט פֿון זײַן לעבן, די טעג ווען ער איז אין שפּיטאָל געלעגן, אַרומגערינגלט מיט זאָרג פֿון דאָקטוירים. וואָס זאָרג? וואָס דאָקטוירים? וואָס לעבן? ווען גייט עס אָן? מיט די געדאַנקען איז ער געווען אויף דער בירזשע, אויף אַלע בירזשעס... צעדערבוים ממזר האָט אים שוין געוויס אָנגעפּײַפּט מיט די דײַטשישע, מיטן צוקער, מיט אַלצדינג...

אין צוואַנציק טעג אַרום גייט ער אַרויס פֿון שפּיטאָל אַ בלייכער, אַ באַוואַקסענער. ס'איז אָנהייב זומער. אין שטוב איז די אָרדענונג נאָך מער צעשטערט געוואָרן.

— אַלץ איינס, מיר פֿאָרן דאָך סײַ ווי סײַ קיין אויסלאַנד.
— קיין אויסלאַנד? — ער פֿרעגט עס איבער מיט אַ זיפֿץ.
— יאָ, מיר פֿאָרן...

ער ווייס, אַז אין דעם מיר גייט ער נישט אַרײַן. זײַנע גרויסע געשעפֿטן לאָזן אים זיך נישט אָפּרוען, און ווען דאָס ווײַבל זאָגט מיר פֿאָרן, פֿאַרשטייט משהלע ווען זי מיינט: אַ גאַנצע מחנה

קרובֿים וועלן זי באַגלייטן... אַ גאַנצער שטאַב דאַרמאָיעדניקעס[4]. איין מומע, און נאָך אַ מומע, און דער מומעס אַ מומע...

גוואַלד! פֿון וואַנען האָט זי אַזוי פֿיל קרובֿים, זײַן ווײַב? יעדע מומע שלעפּט־נאָך אַ צווייטע מומע. יעדע קוזינע שלעפּט־נאָך עט־לעכע קוזינעס. און דאָס זעלביקע מיט די פֿעטערס, מיט די שוואָ־גערס... ווי די בינען אַרום האָניק לויפֿן זיי צו אים, די קרובֿים אירע, און יעדער איינער שלעפּט און גנבֿעט. אַ קלייניקייט! „משה נאַטוראַלני איז אַ מיליאָנער, אַ מיליאַרדער"...

אַ סך מאָל מאַכט ער אַ סך־הכּל פֿון זײַנע מיליאַרדן און עס ווערט אים פֿינצטער אין די אויגן: ער דרייט דאָך אַלץ מיט פֿרעמד געלט און מיטן ווינט... און אַנטקעגן שטייט אַ חיה מיט אַ גרויס מויל און שלינגט אַלץ אײַן. אַלץ ווערט צוגעכאַפּט פֿון די הענט, וואָס ציִען זיך צו אים פֿון אַלע זײַטן:

— גיב, משה!

— גיב וואָס מער!

— גיב געלט! וואָס מער מיליאָנען, גיב!

און ער לויפֿט אין דער וועלט אַרײַן, איבער די גאַסן אַ פֿאַרסאָ־פּעטער און „דרייט" און פֿאַרפּלאָנטערט אַלעמען, זיך אַליין און די גאַנצע וועלט.

— שאַ, מען שרײַט שוין ווידער!

פֿון נאַטוראַלניס שטוב הערן זיך געשרייען. די שכנים ווייסן שוין, וואָס דאָרט קומט־פֿאָר. די מיליאָנערשע רײַסט שוין די טאַ־פּעטן...

— זי איז שוין ווידער משוגע געוואָרן. געכאַפּט אַן אָנפֿאַל, נישט פֿאַר קיין שום ייִדן געדאַכט...

נאָר נישט מיט די טאַפּעטן אַליין פֿלעגט זיך דאָס „משוגעת" ענדיקן: דורכן פֿענצטער נעמען פֿליִען שאָכטלעך שאָקאָלאַד און שאָכטלעך אָן שאָקאָלאַד, דאַמענהיט און קינדערשע שפּילצײַג: בע־רעלעך, קעצעלעך און פֿערדעלעך.

---

[4] אומזיסטע פּרעסערס.

דער סטרוזש וואַרט שוין לאַנג אויף אַזאַ רגע: ער דאַרף דאָך אַלץ אויפֿרוימען.

משהלע לויפֿט ווידער אַרום אין גאַס און דרייט... מיט מענטשן לאַכט ער און וויצלט זיך. פֿאַר מענטשן דערציילט ער נישט, וואָס אין האַרצן בײַ אים טוט זיך. ערשטנס, פֿילט ער, אַז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן מיטן מיידל פֿון טעאַטער. זי האָט דאָך פֿריִער נישט געוווּסט אַפֿילו, ווי מען גיט־אויס מער ווי צען מאַרק, און איצט זײַנען שוין בײַ איר מיליאָנען גאָר נישט... צווייטנס, פֿילט ער.... אַז ער האָט זי ליב, ער האָט זי ליב, ווי שלעכט זי זאָל נישט זײַן... ער וועט אַלץ נאָכגעבן, זאָל זי נאָר זײַן רויִק... זאָל זי נישט רײַסן די טאַפּעטן... שוין נישט אַזוי דאָס געלט, ווי די חרפּה... מען לאַכט פֿון אים...

אַ שטוב האָבן זיי פֿון זעקס צימערן מיט אַ קיך, נאָר זיי אַליין ווייסן נישט, ווי די צימערן זײַנען אײַנגעטיילט. ווו איז דאָס עסצימער? אָדער ווו איז דאָס שלאָפֿצימער? אַלץ איז צעדרייט און איבערגעקערט. מען האַלט אין איין קויפֿן וועש און עס איז נישטאָ קיין האַנטעך מיט וואָס זיך אַרומצווווישן! אַז אַ גאַנצע טוץ קרובֿים פּלאָנטערן זיך שטענדיק אין שטוב, עסן בײַ זייער טיש, שלאָפֿן אויף זייערע געלעגערס און בײַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט טראָגט מען עפּעס אַרויס.

דאָס געוועזענע מיידל פֿון טעאַטער איז נישט קאַרג. זי גיט אַלץ אָפּ, ווײַל אַלץ ווערט איר גיך פֿאַרמיאוסט, און ווידער... זי האָט אַ משהלע — וועט ער ברענגען אַנדערע חפֿצים. משהלע וועט ברענגען נײַע. נאָר נישט אַלע מאָל ברענגט ער: עס טרעפֿט, אַז בײַ זײַן גאַנצן „דרייען" שטעלן זיך אַלע מיליאָנען געשעפֿטן מיט אַ מאָל אָפּ און — אויס... עס פֿאַרעקשנט זיך... דעמאָלט לויפֿט מען זוכן בעלנים אויף די פּעלצן, אויף דעם גאַרנאָסטײַ. מען פֿאַרקויפֿט דעם קלאַוויר, די בגדים... פֿאַר גראָשנס... און דאָס, וואָס מען פֿאַרקויפֿט נישט, צעשלעפּן די נאָענטע פֿרײַנד, די קרובֿים, די שכנים...

אַ משוגענע שטוב: אַ ווינטמיל, ווו עס מאָלן זיך מיליאָנען און

עס וואַרפֿן זיך אַרויס טראַנטעס, שמאַטעס, שפּענדלעך און שערב־לעך.

גייט־אַוועק אַ שטיקל צײַט און דאָס רעדל נעמט זיך דרייען אויף דאָס נײַ. משהלע נאַטוראַלני האָט שוין עפּעס געפּאַקט. אויף דער בירזשע רודערט שוין ווידער מיט אים און די שכנים באַמערקן שוין ווידער. ווײַל די טיר בײַ נאַטוראַלנין פֿאַרמאַכט זיך נישט: מען האַלט אין איין טראָגן פּעקלעך: קליידער... שאָקאָלאַד... טאָרטן, שפּילצײַג, קרישטאָל און בלומען. אַ קלאַוויר שלעפּט מען אויף די שטיגן. עס קומען שוסטערס, שנײַדערס, יובילערן. מען טראָגט נײַע טאַפּעטן אויסצוקלעפּן די ווענט, ווײַל אַנאַ האָט פֿאַר דער אָרעמער צײַט אַלץ צעריסן.

די שכנים רוקן־אַרײַן אַ נאָז... די קרובֿים זײַנען מיט אַ מאָל ווידער געוואָרן קרובֿים. און משהלע נאַטוראַלני קומט יעדן טאָג מיט פּעק אַסיגנאַציעס, פּעק מיט געלט, אַלע וואַליוטעס. ביז אַ האַלבן טאָג, ביז די בענק זײַנען אָפֿן איז בײַ אים דאָס פּנים אויס־געצויגן און פֿאַרזאָרגט. נאָך דעם ווי די בענק שליסן זיך ווערט ער פֿריילעכער און מונטערער, און ער לאָזט זיך אין די געוועלבער אַרײַן: אײַנקויפֿן גוטע זאַכן.

און קיין מאָל סטאַיעט נישט. אַז אין שטוב בײַ אים זײַנען דאָ אַזוי פֿיל הענט!

טרעפֿט זיך, מענטשן פֿרעגן בײַ משהלען:

— גוואַלד, ווו באַגראָבסטו דײַנע מיליאָנען?

— איך ווייס נישט.

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? פֿון צוקער האָסטו פֿאַרדינט. פֿון רײַז געמאַכט אַ פֿאַרמעגן. פֿון די טשוועקעס אָנגעשטאָפּט קע־שענעס מיט געלט. פֿון די פּאַפּירלעך, וואָס זײַנען בײַ דיר געלעגן, האָסטו געהאַט הונדערט מאָל אַזוי פֿיל. ווו איז דאָס אַלץ אַהינגע־קומען?

— איך ווייס נישט... און דערבײַ שאָקלט ער טרויעריק מיטן קאָפּ.

משהלע נאַטוראַלני איז אַ מיליאָנער נאָר ביז זײַן שוועל. און ער טאָר קיין וואָרט נישט ריידן, ווײַל ווי נאָר עפּעס, פּליט באַלד דורכן פֿענצטער זײַן מיטאָג מיט אַלץ וואָס געפֿינט זיך אונטער די הענט.

און אַ ייִנגעלע האָט ער מיט אַ קרענקלעך פּנימל. קיין מאָל לאַכט עס נישט ווי אַנדערע קינדער. ער זייגט שטענדיק שאָקאָלאַד און נאָר שאָקאָלאַד. דער מאַמען דאַכט זיך, אַז בײַ אַלע רײַכע קומט אַזוי פֿאָר: קינדער עסן בלויז שאָקאָלאַד און דערוואַקסענע קויפֿן קליידער...

און זי האָט נאָר איין פֿראַזע, וואָס פֿאַרענטפֿערט אַלץ:

— משהלע, גיב געלט!

# דאָס טעכטערל

דער טאַטע איז טאַקע דער פֿאַרדינער און די מאַמע איז טאַקע די גוטע, טרײַע מאַמע, וועלכע באַזאָרגט די קינדער. איבער הויפּט זאָרגט זי וועגן דער עלטערער טאָכטער, וועלכע דאַרף יעדן טאָג באַלד אין דער פֿרי אַוועקגיין אין גימנאַזיע. אַ געראָטענע טאָכטער; זי לערנט זיך זייער גוט; אין גאַנצן פֿערצן יאָר אַלט; אָבער שוין אַ מיידל מיט כאַראַקטער און מיט ווילן...

ווען זי איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד, האָט זי געהייסן אסתּרל. שפּעטער איז פֿון אסתּרל געוואָרן „עסטושאַ“ און אין גימנאַזיע איז פֿון „עסטושאַ“ געוואָרן „זאָשיאַ“... ווי אַזוי? אַזוי האָט זי געוואָלט. אַזוי האָט זי זיך אַליין אויסגעקליבן. און זאָשיאַ זאָגט, אַז ווען זי וועט ענדיקן די גימנאַזיע, וועט מען זי רופֿן „זאָפֿיאַ“...

— פּאַננאַ זאָפֿיאַ! יאָ... — דאָס קלינגט. דאָס האָט אין זיך ערנסט און וואָג — פּאַננאַ זאָפֿיאַ...

ס'איז נישט קיין קלייניקייט. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי הייסט דערווײַל נאָך „זאָשיאַ“, איז זי שוין בײַ זיך אַ גאַנצע יחסנטע און זי רעגירט אין שטוב, זי, זי אַליין...

אין שטוב זײַנען פֿאַראַן נאָך קינדער. אָבער זאָשיאַ, זאָשקע, לאָזט זיך פֿילן איבער אַלץ. זי איז די ערשטע. צוליב איר עקסיס־טירט אַזאַ שטוב און צוליב איר... די גאַנצע וועלט. ווי אַזוי איז דאָס געוואָרן? ווי אַזוי איז די גאַנצע מאַכט אַרײַנגעפֿאַלן צו איר אין די הענט? דאָס בלײַבט אַ סוד, דער סוד פֿון אַ סך אַזעלכע ייִדישע הײַזער. זי, דאָס יונגע מיידל, צעקנייטשט מיט איר בליק דאָס איבעריקע ביסל לעבן, וואָס געפֿינט זיך אַרום איר. זי פֿאַר־ניכט עס מיט איר בליק און מיטן זעלביקן בליק צווינגט זי אַלע־מען, מען זאָל קניִען פֿאַר איר. מיט איר בת־מלכּה־בליק און מיט

איר גוטן... פוילישן אַקצענט... דער פוילישער אַקצענט — דאָס איז איר געווער, אַ מיטראַלעזיע וואָס באַזיגט... און פּאָרזיכטיק! דער גוטער פוילישער אַקצענט...

טאַטע־מאַמע זײַנען טאַקע טאַטע־מאַמע. זיי גיבן עסן און קליידונג. זיי צאָלן פֿאַרן לערנען. זיי בויען די נעסט און גיבן־אָפּ לײַב־און־לעבן פֿאַר די קינדער, אָבער דער טאָן אין שטוב גיט דאָס עלטערע טעכטערל.

זאָשיאַ מיט די דינע ליפּעלעך, מיט אַ שפּיציק נעזל און מיט עקשנותדיקע אייגעלעך, זאָשיאַ איז זייער אײַנגעשפּאַרט, ווען זי וויל עפּעס אויספֿירן...

זי ברענגט־אַרײַן „אינטעליגענץ" אין שטוב. זי האַלט נישט פֿון ייִדיש און ייִדישקייט. זי צווינגט טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן ריידן מיט איר אויף פּויליש, און בלויז אויף פּויליש, און זי פֿירט־אויס. זי האָט שוין אַ סך אויסגעפֿירט. טאַטע־מאַמע קאַפּיטולירן פֿאַר איר.

אַ קינד לערנט זיך אַזוי גוט און איין לערער האָט דאָ נישט לאַנג געזאָגט, אַז זאָשיאַ רעדט פּויליש מיט אַן עכט פּוילישן אַקצענט — איז אין שטוב געווען אַ יום־טובֿ...

די מאַמע האָט אַפֿילו נישט אין גאַנצן פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס אַקצענט, נאָר דער יום־טובֿ איז פֿון דעם נישט קלענער געוואָרן. מען האָט אסתּר־זאָשיען געקושט און געגלעט... און זי האָט נאָך מער פֿאַרריסן דאָס נעזל און גענומען שטאַרקער קאָמאַנדעווען, באַפֿעלן...

זי קוקט אויף אַלעמען אין שטוב ווי אויף נידעריקע. זי איז צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן צו די „זשידעס"... יאָ, דאָס איז איר טראַגעדיע, איר חרפּה, און פֿאַר דער דאָזיקער חרפּה זאָלן טאַטע־מאַמע באַצאָלן מיט אונטערטעניקייט, מיט נאָכגעביקייט ביזן סוף... און טאַטע־מאַמע צאָלן. ס'איז דאָך אַ קינד, אַ געראָטנס... אַ קינד מיט אַן אַקצענט...

טאַטע־מאַמע קויפֿן זיך אויס מיט הכנעה און מען זאָרגט כּסדר פֿאַר „דעם קינד"... ווער ווייסט, וואָסער נחת זיי וועלן נאָך דער־

לעבן פֿון אַזאַ טעכטערל. דאָס קינד האָט חבֿרטעס, ווילע מיידלעך, רײַכע קינדער. אָט קומט אָפּט צו זיי וואַנדעלע קניקסוואַלד (איר טאַטע פֿאַרמאָגט אפֿשר הונדערט טויזנט דאָלער)... יאָ, זי קומט צו זאָשיען, ווײַל אַלע האַלטן פֿון זאָשיען, ווײַל איר פּוילישער אַקצענט... אַ געראָטענע... אַ גאָט־געבענטשטע... אַזאַ קינד, אַזאַ טרייסט... ווי זאָל מען איר נישט נאָכגעבן?

טאַטע־מאַמע גיבן־נאָך. איבער הויפּט די מאַמע. אַ ווייכע ייִדענע. אַ ביסל נאַריש און אַ טרײַע צו די קינדער, שטייט זי צו צו איר מאַן:

— משה, מיט די קינדער רייד פּויליש! ס'איז בעסער פֿאַר זיי. זיי טאָרן דאָך נישט קאַליע מאַכן דעם אַקצענט...

לאַכט משה אין זיך: ער איז אַליין אַ ביסל אַ ליטוואַק, פֿון גראָדנער געגנט. ער איז שוין פֿינף און צוואַנציק יאָר אין וואַרשע, אָבער מיטן „אַקצענט“ איז בײַ אים נישט אין גאַנצן אין אָרדענונג. ווי ווײַט ער קאָן, מײַדט ער אויס צו זאָגן: „טזשי“, „טזשיבאַשטשע“, „טזשידזיעשטשי“ [1] און נאָך אַזעלכע ווערטער מיט „טשי“ און „טשע“...

און דאַכטן דאַכט זיך אים שטענדיק, אַז נישט ער, נאָר די גאַנצע וועלט רעדט שלעכט, אָבער ער איינער אַליין האָט דעם אמתן אַקצענט.

נאָר פֿאַרפֿאַלן! וואָס טוט מען נישט פֿאַר קינדער? רעדט ער מיט זיי אויף פּויליש און זאָשקע האַלט אין איין פֿאַרריכטן:

— טאַטוש! מען זאָגט נישט „פּסעגליאָנד“, נאָר — „פּזשעגלאָנד“ [2], פּזשע, פּזשע...

אַ סך שעהען, אַ סך צײַט גייט־אַוועק אויף דעם. זאָשיאַ לערנט דעם טאַטן און זי לערנט די מאַמע. זי פֿאַרריכט, זי טײַטשט־אויס, זי דערקלערט, זי ווייסט אַלץ...

---

[1] דרײַ, דרײַצן, דרײַסיק. — [2] נאָמען־פֿון אַ פּאָפּולערער פּויליש־ייִדישער צײַטונג.

טאַטע־מאַמע זײַנען טאַקע טאַטע־מאַמע. זיי גיבן טאַקע קליי־דונג, אָבער אינטעליגענץ און אַקצענט — דאָס פֿאַרמאָגט זאָשיאַ... און זי איז די טאָן־געבערין, די הערשערין. אַ יונגע נאָך, פֿערצן יאָר אַלט, אָבער זי האָט שוין אַ סך מאַכט...

דער טאַטע, משה אַמדורסקי, איז נישט קיין פֿרומאַק, נאָר עס איז נאָך געבליבן בײַ אים אַ ביסל פֿון פֿרומקייט. ער מאַכט גאַנץ אָפֿט אַ ברכה, בענטשט נאָכן עסן און טוט נישט גערן אויס די הוט פֿון קאָפּ.

דערזעט אָבער זאָשיאַ דעם קאַפּעליוש אויפֿן טאַטנס קאָפּ, הייבט זי אויף אויף אים די אויגן, ציט־אײַן די דינע ליפּעלעך און קנייטשט־אײַן די ברעמען:

— טאַטוש!

און באַלד אַ ביסעלע העכער:

— טאַ־טוש...

הייבט ער אויף זײַן בליק אויף איר. און זי רופֿט־אויס מיט זיכערקייט, און אין דער זעלביקער צײַט מיט קינדערישן צאָרן:

— קאַפּעליוש...

די זאַך ווערט שנעל דערליידיקט. די ווייבע, טרײַע מאַמע נעמט־צו בײַם טאַטן דעם קאַפּעליוש, אַבי זאָשיאַ זאָל נישט האָבן קיין פּרעטענזיעס צו קיינעם.

אָבער זאָשיאַ פֿאַרלאָזט סײַ ווי דאָס צימער מיט כּעס. זי גיט אַ זעץ מיט דער טיר און פֿאַרשליסט זיך אין אַ צווייטן חדר... מעשׂה באַליידיקטע פּרינצעסין. בײַ איר, בײַ איר אין פּאַלאַץ זאָלן פֿאָר־קומען אַזעלכע זאַכן!

טאַטע־מאַמע זײַנען אַלט און אָפּגעלעבט. זיי זײַנען פֿון דער „טשעמנער מאַסע"[3] און אסתּר־עסטוזשאַ־זאָשיאַ (אין דער צוקונפֿט — פּאַננאַ זאָפֿיאַ) — זי איז דאָס ליכט, די ליכטיקייט, די העלע צוקונפֿט. זי איז שוין אינטעליגענט, זי לערנט דאָך אין גימנאַזיע און זי רעדט גוט פּויליש...

[3] פֿון דער פֿינצטערער מאַסע, פֿון ערב־רב...

טאַטע־מאַמע גיבן זיך אין גאַנצן אונטער. גימנאַזיע — דאָס איז אַ דורכגאַנג צו דער גרויסער וועלט. דאָס איז אַ לייטער, אויף וועלכער מען קאָן זיך הויך אויפֿהייבן... אַ קלייניקייט — גימנאַזיע!... דאָס איז דאָך נישט דאָס קליינע שטעטל מיט דלות און פֿינצטערניש...

זיי פֿילן זיך קליין, ווען זאָשקע עפֿנט דאָס פּיסקל און בעמט דרשענען אויף פּויליש, ווי אַן עכטע פּריצטע. זיי פֿילן זיך שולדיק קעגן אייגענעם קינד. כאָטש נעם און שאַף פֿאַר איר אַן אַנדער טאַטן און אַן אַנדערע מאַמע... זי זאָל זיך מיט זיי נישט שעמען... צײַטן בײַטן זיך.

ביז איצט האָט זיך געפֿירט, אַז אַ קינד פֿלעגט געבוירן ווערן, פֿלעגט דער טאַטע אים אַ נאָמען געבן. איצט פּאַסירט שוין פֿאַרקערט: קינדער גיבן אַ נאָמען דעם טאַטן...

בײַ זאָשיען אין גימנאַזיע איז מיט אַ צײַט צוריק פֿאָרגעקומען אַן אַנקעטע. די קינדער האָבן באַדאַרפֿט ענטפֿערן אויף עטלעכע פֿראַגעס:

— ווי אַזוי רופֿט מען די עלטערן?

— וויפֿל קינדער זײַנען פֿאַראַן אין שטוב?

און נאָך אַזעלכע פֿראַגעס. האָט זאָשיאַ אויף אַלץ זייער לײַכט געענטפֿערט. נאָר בעת זי האָט באַדאַרפֿט אָנשרײַבן דעם טאַטנס נאָמען, האָט זיך די פֿעדער פֿאַרהאַטשקעט:

— *משה*...

זי האָט וויינען געוואָלט פֿאַר חרפּה און צאָרן.

זי האָט פֿײַנט דאָס וואָרט „*משה*". זי קאָן נישט הערן דאָס וואָרט „*משה*". און אַזאַ אומגליק איז איר באַשערט, אַז איר אייגענער טאַטע הייסט „*משה*".

נאָר אַזעלכע ענערגישע קינדער, ווי זאָשיאַ, גיבן זיך אַן עצה. זי האָט דעם טאַטן אַ נײַעם נאָמען געגעבן. זי האָט אין דער רובריק אַרײַנגעשריבן: „מאָריץ". דערנאָך, ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי זיך צום טאַטן אָנגערופֿן:

— טאַטוש! איך האָב דיר הײַנט אַ נײַעם נאָמען געגעבן...

— איך פֿאַרשטיי נישט... דו האָסט מיר אַ נאָמען געגעבן? וואָס? איך בין איצט געבוירן געוואָרן?

— פֿאַרשטיי די זאַך, איך האָב באַדאַרפֿט אין אַ פּאַפּיר אָנ־שרײַבן דײַן נאָמען, האָב איך נישט געוואָלט אָנשרײַבן „משה"... משה איז נישט שיין!

— האָסטו אַוודאי אָנגעשריבן כראַביאַ פּאָטאָצקי [4] ?

— ניין!

— האָסטו אַוודאי אָנגעשריבן אַן אַנדער גראַף, אפֿשר זאַ־מאָיסקי?

— נו, טאַטוש, מאַך נישט קיין חוזק. איך האָב דיך אָנגערופֿן „מאָריץ".

משה אַמדורסקי איז גראָד דעמאָלט געווען פֿאַרנומען מיט זײַנע חשבונות. ער האָט יאָ געוואָלט פּראָטעסטירן, נאָר דאָס גוטע ווײַב זײַנס, די טרײַע מאַמע פֿון זײַנע קינדער, האָט זיך אָנגערופֿן:

— זאָל זײַן מאָריץ. אַ דאגה האָסטו, אַז וואַנדעלע קניקסוואַלדס טאַטע הייסט באָלעסלאַוו, מעגסטו זיך רופֿן מאָריץ. עס מאַכט גאָר נישט אויס...

צו זאָשיען קומען חבֿרטעס און דעמאָלט פֿאַרנעמען זיי וואָסער צימער זיי וויל זיך. אַזאַ צימער ווערט אָפּגעשלאָסן, אָפּגעצוימט פֿון דער גאַנצער שטוב. זאָשיע מיט אירע קאָלעזשאַנקעס [5] רעכענען זיך נישט מיט קיינעם, נאָר מיט זיי מוזן זיך אַלע רעכענען. עס דאַרף זײַן שטיל און אין דער גאַנצער שטוב און אין קיך טאָר מען נישט קאָכן און פּרעגלען אַזעלכע זאַכן, וועלכע פֿאַרשפּרייטן אַ ריח, ווײַל זאָשיע ווערט אין כּעס און זי פּראָטעסטירט. זי לויפֿט צו דער מאַמען און וואַרפֿט איר פֿאָר:

— דו האָסט שוין ווידער פֿאַרסמט די מיעשקאַניע [6] מיטן „זשי־דאָווסקי זאַפּאַך" [7], קיינער וועט דאַך צו מיר נישט וועלן אַרײַנקו־מען...

---

[4] גראַף פּאָטאָצקי האָט געהערט צו די אַריסטאָקראַטישסטע פֿאַמיליעס אין פּוילן. — [5] חברטעס. — [6] וווינונג. — [7] ייִדישער ריח.

די מאַמע ווערט אויפגעציטערט. זי לויפט און עפנט די פענצ־טער און טרײַבט־אַרויס דעם „זאַפּאַך״. אַ רחמנות אויף דער ייִדע־נע. זי ברעכט זיך כּסדר דעם קאָפּ, ווי צו ווערן אַ מענטש, און עס קומט גאָר נישט אַרויס...

קרויט האָט זיך איר פאַרוואָלט. און אַז מען קאָכט קרויט, מוז דאָך זײַן אַ „זאַפּאַך״...

זי האָט מורא, די מאַמע, זי האָט מורא פאַר איר פערצן־יערי־קער טאָכטער. זי ציטערט פאַר איר און זי טוט איר אַלץ צו ליב...

אַ קלייניקייט — אַזאַ קינד, מיט אַזאַ אַקצענט...

און מאָריץ — משה אַמדורסקי — האָט זיך זײַנע שוואַכקייטן. ער האָט זייער ליב אַ דערדע. ער האָט עס אַזוי שטאַרק ליב, אַז ער רופט עס שוין נישט: דערדע [8], נאָר דערדעלע...

קומט־אַרײַן צו אים איינער אַ סוחר, אַ פּשוטער ייִד, אַ גאַלאַנ־טערײשטשיק [9] — אַ שטענדיקער פּאַרטנער זײַנער.

און איין מאָל אין וואָך שפּילט מען אַ דערדעלע. דעמאָלט לעבט ער אויף, משה. דעמאָלט רעדט ער זיך אויס פאַר דער גאַנצער וואָך, און טאַקע אויף ייִדיש. ווײַל ווי אַנדערש? ווי קאָן מען עס שפּילן אַ דערדעלע נישט אויף ייִדיש? ער שפּילט און רײַסט זיך מיט זײַן פּאַרטנער. מען קריכט איינער דעם צווייטן אין די גערע־רעם אַרײַן. זאָגט איינער „דערדע״, שפּרינגט־אַרויס דער צווייטער מיט אַ טריומף־געשריי:

— מײַן פּופּציק! און וואָס זאָגט איר דערצו?

ענטפערט דער צווייטער:

— זאָגן זאָג איך גאָר נישט. צו וואָס באַדאַרף איך און צו וואָס באַדאַרפן אַנדערע ריידן? איך וועל אײַך בעסער ווײַזן...

— וואָס? וואָס?

— איך רייד נישט, קוקט און זעט... צו וואָס באַדאַרף מען ריידן. מען קען לעבן אויף דער וועלט און נישט ריידן. פון דעסט וועגן רעדט ער:

---

[8] אַ געמיטלעך קאָרטנשפּיל. — [9] האַנדלט מיט צודאַטן צו שנײַדערײַ.

— אַט קוקט! פֿיר דאַמען. יאָס, מינעל און אַ זיסער צוגאָב. אַ קליין דערדעלע. פֿאַרשרײַבט, שעמט זיך נישט און פֿאַרשרײַבט!

מען זידלט זיך אַ ביסל גוטמוטיק. מען הייבט־אויף אַ העכער קול און דער משה אַמדורסקי פֿאַרגעסט אין גאַנצן...

ער פֿאַרגעסט אין גאַנצן, אַז הינטער דער טיר, דאָרט, זיצט איצט זײַן געראָטענע טאָכטער מיט אירע חבֿרטעס...

ער רעדט צו הויך. ער וויצלט זיך. ער פֿילט זיך גוט...

עפֿנט זיך אויף די טיר און ער דערהערט דאָס ליבע אויס־געשריי. אָבער דער טאַטעשי האַלט די אויגן אין די קאָרטן און ער פֿרעגט האַרציק:

— וואָס איז, טעכטערל?

פֿאַרדריסט איר שוין צוויי מאָל די זאַך. וואָס איז ער מיט איר אַזוי פֿאַמיליער, דער טאַטע, און וואָס רעדט ער צו איר נישט אויף איר לשון. דערלאַנגט זי שוין אַ שטאַרקן געשריי:

— טאַ־ט־ו־ש!

דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער „טאַטוש״. דאָס איז אַן אָנ־זאָג אויף שטורעם, אויף טרערן. אָבער משה אַמדורסקי איז הײַנט גוט געשטימט. דערלאַנגט ער אַ ווונק צו זײַן טאָכטער, זי זאָל צו־גיין צו אים. זי גייט־צו מיט בייזע אויגן:

— טאַטוש, איך בעט דיך, דו זאָלסט אויפֿהערן.

— וואָס זאָל איך אויפֿהערן... האַ? איך פֿאַרשטיי... איך זאָל נישט ריידן ייִדיש ווילסטו? אָבער אַ דערדע איז אַ ייִדישער שפּיל. אַן ייִדיש איז דאָס קיין שפּיל נישט. אָט, זע, וואָס איך האָב געפּאַקט: מלכּה, מלך, טויז און בעלאַ. פּרווו דאָס זאָגן אויף אַן אַנדער לשון, וואָס פֿאַר אַ טעם וועט דאָס האָבן?

זי רײַסט זיך אַוועק פֿון דעם פּלאַץ און לויפֿט־אַוועק צו זיך אין צימער. עס געדויערט נישט לאַנג און זאָשיע מיט אירע קאָ־לעזשאַנקעס פֿאַרלאָזן אין גאַנצן משה אַמדורסקיס הויז...

די מאַמע קומט צו לויפֿן און וואַרפֿט זיך אויף איר מאַן:

— דו זעסט, אַלץ צוליב די קאָרטן, דו זעסט...

— איך זע, איך זע, עס פֿעלט מיר אַ מלך. אָן אַ מלך האָב איך די דערדע פֿאַרשפּילט.

אָבער דערנאָך, ווען ער ענדיקט די דערדע, ווען דער פּאַרט־נער זײַנער גייט־אַוועק, דעמאָלט פֿאַלט־אַראָפּ זײַן מוט... און ווו איז זי, זאָשקע? ער וועט זי איבערבעטן...

זאָל זי אַ ביסל פֿאַרשטיין דעם טאַטן... ער רעדט ייִדיש, איז וואָס? מען איז אַזוי צוגעוווינט פֿון די קינדער־יאָרן... איז וואָס?

און פֿאַר לײַטן באַרימט זיך אַמדורסקי, אַז מיט דער עלטערער טאָכטער זײַנער האָט ער געטראָפֿן. אַ מיידל איז אין גאַנצן אַלט פֿערצן יאָר און זי איז שוין אַ גאַנצער מענטש. יענע לערנט... יענע שרײַבט און רעדט פּויליש...

יענע, דאָס הייסט זיין טעכטערל, איז אַ וווּנדערקינד.

ער איז זיך אָבער נישט מודה פֿאַר קיינעם און פֿאַר זיך אַליין אויך נישט, אַז זײַן אייגענע שטוב איז אים פֿרעמד.

ער איז זיך נישט מודה, אַז זײַן פֿערצן־יעריק וווּנדערקינד איז אַ דיקטאַטאָר אויף זײַן נשמה...

ער האָט מורא צו ריידן אַ ביסל העכער אין זײַנע אייגענע צי־מערן...

ער באַרימט זיך מיט זײַן טעכטערל: ער איז גליקלעך פֿון אַזא קינד... אָבער...

אָבער אַ דערדע, אַ „דערדעלע", לויפֿט ער אַלץ אָפֿטער שפּילן צו פֿרעמדע מענטשן, ווײַל בײַ זיך אין שטוב קאָן ער נישט אויס־שרײַען אויף פּשוט מאַמע־לשון:

— מלכּה, מלך, טויז און אַ בעלעטשקע...

דאָס טעכטערל לאָזט נישט.

# מ'שעמט זיך...

שורות אַכט

אָ מתנה פאַר די יונגע

## באַשר מען שעמט זיך...

באַשר מען שעמט זיך צו וויינען פֿון צאָרן
אין אונדזערע מידע, באַליידיקטע יאָרן,
שטיקט מען די טרערן, לאַכט מען צו וועמען —
אַך! ווען מען וואָלט זיך ניט שעמען!...

באַשר מען האָט נישט קיין כּוח צו שטאַרבן,
לעבט מען אַ לעבן אָן רייץ און אָן פֿאַרבן,
ווערגט מען די טרערן, שטיקט מען דאָס קלעמען —
אַך, ווען מען וואָלט זיך ניט שעמען!...

## מיין גאַנצער דור

מײַן גאַנצער דור איז שלעכט, ברוטאַל, בלויז צוואַנג און מוז,
עס איז אַזוי נישט גוט, עס דריקט דער איבערפֿלוס
פֿון צער, פֿון מאַכטלאָזן געדאַנק... אַלץ אומזיסט...
די שיינקייט איז פֿאַרמשפּט צו מיסטיקן דאָס מיסט.

איך וואָלט זיך שוין דערשלעפּט מיט מײַנע מידע טריט
צו אַ ציגײַנער־מחנה, געטיילט זיך מיט מײַן ליד,
איך וואָלט זיך שוין פֿון לאַנג געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט,
נאָר נישט אַליין... מיט אונדזער וועלט כאָטש זאַלבענאַנד.

## ווי אַ חיה

ווי אַ חיה, וואָס ראַטעוועט זיך שנעל,
אַנטלויף איך פֿון געשריי, פֿון מענטש און האַס...

אָ, זאָל די בייזקייט אויסגיין אויף מײַן שוועל
און שלאָפֿן זאָל רויִק מײַן מידע גאַס.

דאָס איז פֿאַר מיר באַשטימט די בעסטע שעה,
ווען איך פֿאַרמאַך די טיר אין מײַנע נעכט.
די וועלט איז ווײַט, די וועלט איז שוין נישטאָ,
די וועלט פֿון הענקער און פֿון קנעכט...

## אומרו

מיט אַלעמען אָדער זיך — אין זיך פֿאַרשליסן?
די אומרו איז מיר שטענדיק נאָענט...
איך וויל אַלץ אַרומנעמען און דאָך נישט וויסן,
וואָס האַרץ פֿאַרלאַנגט פֿון מיר און מאָנט.

איך וועל אַלץ פֿאַרגעבן און נישט געפֿינען
קיין שלום־רו מיט זיך, מיט זיי...
סײַדן בײַ די לעצטע געאָרגינען [1],
סײַדן בײַ דעם ערשטן שניי...

## צו וועמען

שוין באַצאָלט פֿאַרן שלאָפֿן און עסן,
די וואַליזעס פֿאַרמאַכט אויפֿן שלאָס...
דאָס וויכטיקסטע האָב איך פֿאַרגעסן —
צו וועמען איך פֿאָר און נאָך וואָס?

אַ צימער פֿאַראַן איז אין וואַרשע,
דרײַ מעטער די לענג און די ברייט,
האָב איך פֿון די ווענט דאָרט געזשנט:
דעם צער פֿון אַ הונט אויף דער קייט...

[1] שפּעטזומערדיקע בלומען, ס׳רוב רויטע, גרויסע, ברייט צעשפּרייטע.

## ווי אַ נס

און דאָך איז עס פֿײַן, ווי אַ נס,
אַז דאָס ראָזעווע צווײַגעלע בעז,
אַפֿילו אין אונדזערע טעג
פֿון בייזער דערוואַרטונג און שרעק.

אַפֿילו בײַ אונדז אויף דער גאַס,
ווען ס׳גרויסט זיך מיט חוצפּה דער האַס...
עס ציט זיך דאָס צווײַגעלע בעז
צו דיר און צו מיר, ווי אַ נס...

## עס שווייגט די וועלט

עס שווײַגט די וועלט... אַפֿילו דאָס ווינטל, דאָס קלענסטע,
האַלט דעם אָטעם אײַן באַזאַכט.
צו מיר, צו מײַן נישט־פֿאַרמאַכטן פֿענצטער,
איז צוגעקומען נאָנט די נאַכט.

און נאַכט וואָלט איצט נאַכט נישט געווען,
ווען עס מורמלט־אויס פֿון זיך אין סוד...
מיר האָבן שוין לאַנג, שוין זייער לאַנג געלעזן
אין די שטערן: נאַכט איז גאָט.

## דאָס אייביקע

איינער איז געגאַנגען זוכן אַן אוצר,
האָט ער געפֿונען שטיינער און זאַמד.
איך בין געגאַנגען נאָך פֿרײַנדשאַפֿט... פֿאַרשטייט זיך,
האָב איך אויף עטלעכע רגעס פֿאַרזאַמט,

נעם איך אַרונטער באַשיידן דאָס היטל —
פֿאַרגעבונג! איך האָב מיר אַ טעות געהאַט.
עס בלײַבט מיר דאָס אַלטע, דאָס אייביקע מיטל:
— פֿרעסן דעם אייגענעם צער ביז צו זאַט.

## נישטאָ קיין טיר

נישטאָ קיין טיר, וווּ אָנצוקלאַפּן,
אַ רגע אָטעם אָפּצוכאַפּן,
נישטאָ שוין ווּעמען אויסצוקלײַבן,
אַ בריוול האַרציק אָנצושרײַבן.

צווישן קנעכט און עגאָיִסטן
גייען טעג אַוועק אין וויסטן...
נישטאָ קיין האַנט אַ דריק צו געבן,
נישטאָ קיין האַרץ, נישטאָ קיין לעבן.

## די בלומען־פֿאַרקויפֿערין

איך בענטש די איריסן, וואָס ווינקען פֿון קויש צו מיר בלוי,
איך בענטש די וואָס האַנדלט מיט בלומען, די אָרעמע פֿרוי,
זי איז דאָ דער אָנזאָג, דער לעצטער, פֿון פֿרייד אויפֿן ראָג,
די איינציקע טרייסט אין דעם טרייסטלאָזן שטאָטישן טאָג.

זאָל זײַן מײַן מטבע פֿאַר איר אַ באַשיידענער לוין.
זאָל רוישן די גאַס און בלײַבן זאָל בלינד דער המון.
אויב איינער בלײַבט שטיין און שטרעקט צו די בלומען זײַן האַנט,
איז שענער די וועלט שוין און קלענער, שוין קלענער די שאַנד,

## אויף צו ליבן די וועלט

אויף צו ליבן די וועלט קאָן געווען זײַן אַ צוויי־גרעלע בעז,
און די מאָנבלום אין קאָרן איז אויך נישט קיין קלענערער נס,
אויף צו ליבן די וועלט קאָן געווען זײַן דער עכאָ פֿון וואַלד
און דער נישט־דערגאַנגענער שאָרך, ווען אַ שנייעלע פֿאַלט.

דאָס טײַערסטע גאָלד איז דאָך דאָ, ווען אַ שטערן צעשפּריצט,
די הייליקסטע אומרו איז דאַן, ווען עס דונערט און בליצט...
אויף צו ליבן די וועלט דאַרף מען גאָר נישט פֿאַרלאַנגען פֿון וועלט.
דער וואָס קאָן בעסער שווײַגן — אָט דער איז דער אמתער העלד.

## דאָס ליד

דאָס ליד איז אַ שלאָס מיט אַ גאָלדענער טיר,
און אויב דו האָסט האַרץ, איז דער שליסל בײַ דיר.
דאָס ליד איז אַ קוש פֿאַר דײַן איינזאַמער שעה —
אײן קאַלטער געדאַנק און דאָס ליד איז נישטאָ.

דאָס ליד איז דער שטראַל אויף דעם ראַנד פֿון דײַן יאָך,
גייסט איינער אַליין און דאָס ליד גייט דיר נאָך:
דאָס ליד איז דײַן פֿרייד, דײַן ליכטיק געמיט,
ווי אָרעם מען איז, ווען מען האָט נישט קיין ליד.

# קאָנפליקטן

איך בין זיכער אין דעם, אַז די „מאַרקישיאַדע” האָט דאָ, אין פוילן, געבראַכט אַ סך שאָדן דער ייִדישער ליטעראַטור. עס האָט אַ סך יונגע דיכטערס צערייצט מיט די „פֿײַערדיקע פּערספּעקטיוון”, מיט די „גרויסע אָנזאָגן”, פֿון וועלכע עס האָט זיך געמוזט אויסלאָזן אַ בוידעם. אַ סך טראַגיקאָמישע געשיכטעס האָט מען געקאָנט דערציילן פֿון יענע טעג. אָט זיצט איינער אַזאַ שרײַבערל בײַ אַ טישל און שוויצט בײַ דער אַרבעט. ער שרײַבט און מעקט און שרײַבט. גייט דעמאָלט צו צו אים אַ צווייטער און פֿרעגט:

— איבער וואָס אַרבעטסטו דאָ?

— איך מאַך־איבער מײַנס אַ נאָוועלע.

— וועלכע נאָוועלע?

— פֿריִער האָט עס געהייסן דער ישיבֿה־בחור, איצט טראָגט עס דעם נאָמען דער קעמפֿער; פֿריִער איז דאָס געווען אַ קאָנטעררעוואָלוציע און איצט פֿלאַקערט עס מיט רעוואָלוציע. יאָ, פֿון נײַן אַ זייגער אין דער פֿרי איז די נאָוועלע מײַנע שוין אין גאַנצן רעוואָלוציע...

דאָס איז נישט קיין אַנעקדאָט. דאָס איז אַ פֿאַקט. די דאָזיקע נאַרישקייטן זײַנען דעמאָלט שטאַרק אָנגעגאַנגען. און ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט עס געפּרוווט אַ ביסל אויסלאַכן — ווי אַ הויפֿן ווערעמדיקע אַרבעס פֿלעגן זיך אויף אים שיטן די געשמאַקע צײַט־עפּיטעטן: קאָנטעררעוואָלוציאָנער, פֿאַרקויפֿטע נשמה, בורזשואַזער נאָכלויפֿער, קליינבירגער. מיך פּערזענלעך פֿלעגט מער ווי אַלץ אויפֿרעגן דער עפּיטעט „קליינבירגער”. די נאַטור האָט מיך געבענטשט מיט אַ הויכן וווּקס און דאָ קומט צו גיין אַ מענטשל פֿון אַ מעטער מיט אָנדערטהאַלבן צענטימעטער און שרײַט צו מיר:

— קליינבירגער!

שוין בעסער צו הערן, ווי מען זידלט זיך מיטן נאָמען „קאָנטער־רעוואָלוציאָנער". כאָטש איך האָב נישט געהאַט צו טאָן מיט דעם, פונקט ווי איך האָב נישט געהאַט צו טאָן מיט רעוואָלוציע. אָבער איך האַלט, אַז דאָס וואָרט „קאָנטער" איז איצט איינס פֿון די שענ־סטע ווערטער. אין דער צײַט, ווען אַלע לויפֿן ווי איין סטאַדע, איז גוט זיך אַנטקעגנצושטעלן און זײַן „קאָנטער"...

און נאָך אַ מאַכל האָט מען אָפּגעקאָכט אין אונדזער קבצנישער גאָרקיך. דער מאַכל הייסט: קליינבירגערישע פּסיכאָלאָגיע. דאָ האָב איך שוין גאָר נישט פֿאַרשטאַנען. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס דער יונגערמאַן, אָט דער וואָס עסט קעסט בײַ אַ רײַכן שווער און האַלט אין באַנק זײַן נדן, אָט דער יונגערמאַן רופֿט מיך אָן „קליינבירגער" און לאַכט־אויס מײַן קליינבירגערישע פּסיכאָלאָגיע. ער האָט אַלץ דערגרייכט, לעבט זיך רויִק אין זײַנע צימערן, האָט די געוווּנטשענע באַקוועמלעכקייט פֿון קליינבירגער. ער האָט זײַנע צוויי בעטן, זײַן ווײַב און אַ קינד מיט אַ שפּאַציר־וועגעלע, זײַן גוט אויסגעקאָכטן מיטאָג, זײַן פּאַראַסאָל... און מיך באַפֿאַלט ער מיט דער „קליינבירגערישער פּסיכאָלאָגיע"?

אָבער אין דער זעלביקער צײַט האָב איך געטאָן מײַן אַרבעט: געשריבן ביכער, עמעצער האָט עס בײַ מיר באַשטעלט, נאָר דער־פֿאַר ווײַל שרײַבן הייסט בײַ מיר לעבן. ווײַל מײַנע שורות זײַנען דין צונויפֿגעוועבט מיטן קלאַפּן פֿון מײַן האַרץ. דערפֿאַר בין איך קיין מאָל נישט געוואָרן קיין טרוקענער קנעכט פֿון מײַן אַרבעט. עפּעס האָט געמוזט צוזינגען. בײַ דער גאַנצער ערנסטקייט פֿון לי־טעראַרישער אַרבעט, מוז אויך אין דעם זײַן אַ ביסל שפּילעוודי־קייט, לײַכטקייט... האָט מען זיך אויף דער דאָזיקער לײַכטקייט גע־וואָרפֿן און אויסגעלאַכט. יאָרן און יאָרן נאָך אַנאַנד. בײַ אונדז קאָן מען גרינגשאַצן. בײַ אונדז, ליטעראַטן, קאָן מען זײַן אויסגעהאַלטן בלויז אין איין זאַך: ווען עס גייט צו פֿאַרניכטן דעם ווערט פֿון אַ צווייטן. דאָ איז נישטאָ קיין אָפּהאַלט...

און זאָל זיך קיינער נישט באַרימען, אַז ער איז שטאַרק, אַז ער

האָט אויסגעהאַלטן דעם קאַמף מיט די בטלנישע אָפּסמרס. דאָס איז נישט ריכטיק. ער האָט בלויז אין אַ קליינעם טייל אויסגעהאַלטן. דאָס איבעריקע אין אים איז פֿאַרברענט און דערשטיקט געוואָרן. דאָס שענערע און בעסערע איז צעטראָטן און פֿאַרניכט געוואָרן...

עס וואָלט געווען נישט קיין קלוגע זאַך, ווען איך וואָלט דאָ גענומען דערציילן איינצלהייטן פֿון דעם קאַמף, מיט וועלכן מען באַגראָבט ביי אונדז אַ ליטעראַרישן קעגנער; אַרויסברענגען דעם שפּינוועבס פֿון רכילות אויפֿן טיש, די ווערטלעך, די באַליידיקונגען, די לאַנגזאַמע, מעטאָדישע אונטערגראָבונגען. יאָר־איין יאָר־אויס גייט מען נאָך אַזאַ קעגנער מיט אַ צוגעטשעפּעטן נאָמען, מיט אַ ביינאָמען, און מען לאַכט און מען כיקעט.

— דו האָסט געהערט? ער שרייבט שוין ווידער אַ בוך, דער...

און מען זידלט שוין דאָס בוך, וואָס איז נאָך נישט אין גאַנצן אָנגעשריבן, וואָס קיינער האָט נאָך פֿון דעם קיין צוויי שורות נישט געזען...

איך האָב נישט צו קיינעם קיין פּרעטענזיעס. איצט — אַוודאי נישט. עס איז איבערגעברענט. איך בין נישט געווען קיין בן־יחיד אויף באַליידיקונגען. איך האָב פֿריילעך געלאַכט מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען איך האָב געלייענט אין אַזאַ וואַרשעווער מאַכעריי־קעזשורנאַל, אַז שלום אַש איז אַ האַלבער גראַפֿאָמאַן. און דאָס איז געווען אין דער זעלביקער צייט, ווען דער תּהילים־ייִד איז דערשינען.

איך פֿרעג זיך אָפּט, ווי וואָלט אויסגעזען שלום אַשס אַרבעט, ווען ער בלייבט דאָ די פּאָר צענדלינג יאָר זיינע, וועלכע ער האָט פֿאַרבראַכט אין פֿאַרשיידענע אויסלאַנדס? זיכער וואָלט ער און זיין טאַלאַנט פֿאַרשפּילט אַ סך. ביי אונדז איז מען זייער ווייט פֿון אַ ייִדישן שרייבער אָדער מען איז צו נאָענט...

איך געדענק אַ פֿאַקט: אין אַ ייִדישן פּענסיאָנאַט; דער עולם האָט אָפּגעגעסן דעם געשמאַקן מיטאָג, מען איז נאָך ברחבֿות געזעסן ביים טיש; רופֿט זיך אָפּ איינער פֿון די געסט:

— איצט וועט אונדז שלום אַש דערלאַנגען עפּעס פֿון זײַנע מעשׂיות...

נישט מער און נישט ווייניקער.

און שלום אַש האָט זיי דערלאַנגט, אַז זיי האָבן זיך געהאַט לאַנג צו האַלטן, די מחותּנים זײַנע פֿון פּענסיאָנאַט.

שלום אַש האָט אַ סך דערגרייכט אין זײַן לעבן. ער האָט אַ וועלטנאָמען, און מיט רעכט. ער איז מאַטעריעל מער פֿאַרזיכערט ווי אַנדערע ייִדישע שרײַבערס. איך פֿאַרגין אים דאָס פֿון גאַנצן האַרצן. נאָר שטילערהייט בין איך מקנא איין זאַך: דאָס, וואָס ער איז פֿון דער ווײַטן. דאָס איז געווען אַ גרויסע קלוגשאַפֿט, זײַן אַוועקפֿאָרן. ער האָט זיך און זײַן טאַלאַנט געראַטעוועט. דאָ, בײַ אונדז, אין געמויזעכץ אונדזערן, וואָלט ער אַ סך ערגער אויסגעזען. דעם ייִדישן פֿאָלק איז ענג צווישן פֿרעמדע; דעם ייִדישן שרײַבער איז ענג צווישן אייגענע. די שפּראַך־ און פּאַרטיי־קאַמפֿן צערײַסן דאָס געמיט פֿון ייִדישן שרײַבער.

כּדי צו אַרבעטן דאַרף דער שרײַבער האָבן מער פֿרײַהייט, מער האָריזאָנט, מער סבֿיבֿה. פֿאָלק און פֿאָלקסטימלעכקייט איז דער קוואַל, פֿון וועלכן דער קינסטלער טרינקט, אָבער סבֿיבֿה איז די אינ־טעליגענץ, וווּ מען קאָן דיך אַרטיסטיש אָפּשאַצן... אָבער ווו איז די ברייטערע ייִדישע אינטעליגענץ? צי עפּנט זי די טיר פֿאַר דעם ייִדישן שרײַבער, צי פֿאַרשטייט זי זײַן שפּראַך?

אַלץ איז דאָך אַזוי באַגרענעצט בײַ אונדז. אַלץ אין אַ קליינער צאָל. עפּעס אַ פּערטל פֿון אַ ליטעראַרישן זשורנאַל דערשײַנט אין גאַנץ פּוילן — איז נישט קיין ווונדער, וואָס דער אַרויסגעבער פֿון דאָזיקן זשורנאַלטשיק זעט־אויס אין די אויגן פֿון יונגן שרײַבער ווי אַ מעכטיקער דיקטאַטאָר, ווי אַ גאון, ווי אַ ריז. מען קניט פֿאַר דעם רעדאַקטאָרל, מען טרײַבט חניפֿה פֿאַר אים, מען באַשיט אים מיט קאָמפּלימענטן: אפֿשר וועט ער זיך באַמיִען אָפּצודרוקן עטלעכע שור־רות פֿון אַן אָנפֿאַנגער אָדער ער וועט געבן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַן עלטערן שרײַבער. נישטאָ קיין עסטראַדע פֿאַר דעם ייִדישן שרײַ־

בער. אין די עטלעכע יידישע צײַטונגען קאָן מען דאָך נישט אַרײַנ־נעמען אַלעמען. גייט־אָן אַ קאַמף. אויף אַ גרויסן פֿעלד קאָן פֿאַר־קומען אַ גרויסער העראָישער קאַמף. אין אַן ענגן ליטעראַטן־פֿאַר־איין קומען־פֿאָר קליינע, בטלנישע קאַמפֿן...

עטלעכע מאָל האָב איך זיך געוואָלט באַפֿרײַען פֿון די אַלע נישטיקייטן. בין איך געלאָפֿן קיין אויסלאַנד. געלאָפֿן קיין בערלין, ווין, פּאַריז, לאָנדאָן. איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם אין דער גרוי־סער וועלט. איך האָב געזען קולטור, געזען די שענסטע מאָלערײַ־אוצרות. און גראָד דעמאָלט, ווען איך פֿלעג זען דאָס גרויסע פֿון דער קונסט, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט, פֿלעגט מיך באַפֿאַלן קנאה: פֿאַר וואָס איז עס בײַ אונדז נישטאָ? כאָטש נעם און שלעפּ עס אַלץ מיט געוואָלט אַרײַן אין אונדזער לעבן...

אין פּאַריז איז ליכטיק. בשעת דו שטייסט אויף פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד און זעסט פֿון ווײַטן די ברייטקייט פֿון די עליזעער פֿעל־דער, פֿאַרכאַפּט דיך דער אָטעם. אַ מחיה צו לעבן אין אַזאַ פֿריילע־כער שטאָט. האָסט באַקאַנטע און פֿרײַנד, האָסט אַפֿילו אַ ביסל געלט אין קעשענע, טרינקסט פֿון צײַט צו צײַט אַ גוט גלעזל ווײַן. עס שמייכלט צו דיר אַ וועלט און דו שמייכלסט אויך... נאָר אָפּט און אָפּטער באַפֿאַלט דיך אַ בענקשאַפֿט. די ספּעציפֿישע בענקשאַפֿט פֿון אַ יידישן שרײַבער. דו בענקסט נאָך דער ברייטער יידישער מאַסע. דאָרט, אין פּאַריז, זײַנען אויך דאָ אַ סך יידן, נאָר זיי זײַנען צע־וואָרפֿן אין דער מיליאָנען־שטאָט. דאָ זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַרבע־טערס, קאַשקעטניקעס, שנײַדערס, בײַטל־מאַכערס, פֿאַראַסאָלן־מאַ־כערס; זיי זײַנען נישט לאַנג פֿון קאַליש, פֿון טשענסטאָכאָוו, פֿון ביאַליסטאָק און גראָדנע. זיי האָבן נאָך ליב אַ יידישן שרײַבער. איי־נער פֿון טויזנט קויפֿט איין מאָל אין דרײַ יאָר אַ יידיש ביכל. אָבער אַלע אין איינעם אָן אויסנאַם רײַסן זיך צו דער פֿראַנצייזישער שפּראַך. דאָס איז נישט קיין ווונדער. דאָס איז לעבנס־נייטיקייט. דאָס איז מוז און באַקוועמלעכקייט. אָבער אין דער זעלביקער צײַט

איז דאָס אויך אַסימילאַציע. דאָס איז וואַנט צווישן מיר און זיי. דאָס איז מײַן מפּלה. די מפּלה פֿון ייִדישן שרײַבער און פֿון ייִדיש...

קום איך קיין לאָנדאָן, איז נאָך ערגער. פֿרײַנד זײַנען פֿאַראַן, אַפֿילו פֿאַרלעזונגען האָסטו, מיט באַנקעטן, מיט שיינע דרשות. אָבער ענגליש, זאָל מיר געזונט זײַן, איז אויך אַ שפּראַך — ווערט מיר ענג דאָס לעבן. פֿאַרפּאַקט מען די וואַליזע און מען לויפֿט־צוריק קיין פּוילן. דאָרט זײַנען פֿאַראַן דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן. זיי וועלן מיך פֿאַרשטיין און איך וועל זיי פֿאַרשטיין... פֿון קוטנע ביז קרעמעניץ, פֿון וואַרשע ביז פּינסק, ביז לעמבערג. איך לויף מיט דער באַן און מעסט־אויס דאָס לאַנד. יאָ, עס איז פֿאַראַן פֿאַר וועמען צו אַרבעטן. אין יעדן שטעטל — אַ ביבליאָטעק אָדער צוויי ביבליאָטעקן; אין די גרעסערע שטעט — צו עטלעכע ייִדישע ביבליאָטעקן. הייסט עס, אַז עס איז אויסגעוואַקסן אַ דור פֿאַר ייִדיש, אַ דור וואָס לעבט מיט ייִדיש. אַזאַ פֿאַקט אָדער אַזעלכע פֿאַקטן אינספּירירן דיך צו ווײַטערדיקער אַרבעט, כאָטש מײַן אַרבעט ווערט פֿאַרשוויגן פֿון חבֿרים אָדער עס ווערט גאַנץ שוואַך אָפּגעשאַצט. דאָס איז גאָר נישט. דאָס איז אַן אומגליק, מײַן אומגליק, אָבער נישט דאָס אומגליק פֿון ייִדיש... אָט צוליב ייִדיש האָב איך זיך אָנגעהויבן אַ סך מאָל אַרומקוקן. צי ריידן מיר זיך אַ ביסל נישט אײַן? צי נאַרן מיר זיך נישט אָפּ?

שוין אין 27סטן, אין 28סטן יאָר האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַ שטאַרקער צוריקגיי פֿון ייִדיש. דער צוריקגיי האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס דער גאַנצער ענין ייִדיש האָט זיך נישט גערוקט פֿאָרויס. דאָס ייִדישע שולוועזן האָט נישט פֿאַרגרעסערט זײַן פּעריפֿעריע. דאָס אַרויסגעבן און דאָס פֿאַרשפּרייטן ביכער איז אויך נישט געוואַקסן. אין די שטעט און איבער הויפּט אין די שטעטלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגזאַמער קריזיס אין קולטורעלן לעבן.

ווײַל די ייִדישע יוגנט, די מער ענערגישע פֿון דער יוגנט, האָט גענומען עמיגרירן. זיי האָבן דאָ נישט געהאַט וואָס צו טאָן אין לאַנד. צו קיין אַמט האָט מען זיי נישט צוגעלאָזט. האַנדלען האָבן זיי אויך

נישט געקענט. די מער ענערגישע האָבן זיך געלאָזט קיין ארץ־ישׂר־אל, קיין פֿראַנקרײַך, קיין בעלגיע און ווײַטער איבערן ים. די עמיג־ראַציע איז נאָך דעמאָלט לײַכטער געווען...

די בעסטע פֿון דער יוגנט זײַנען אַוועק. זיי האָבן דאָס פֿריִער אײַנגעאָרדנט די ביבליאָטעקן, זיי זײַנען דאָס געווען אונדזערע פֿרײַנד אין די שטעטלעך.

אָבער בלײַבן האָבן זיי נישט געקאָנט. ביכלעך קאָן מען בלויז לייענען, אָבער נישט עסן. איך בין דעמאָלט געפֿאָרן, ווי פֿריִער, אויף פֿאָרלעזונגען, צוגעקוקט זיך צו דעם קולטורעלן חורבן, וואָס האָט זיך אָנגערוקט...

און צו גלײַך איז אויך געקומען אַ נײַע יוגנט. די ערשטע, וואָס האָט געענדיקט די „פּאָושעכנע״[1]. פֿיל פֿון זיי, די מערהייט, האָט שוין געפֿאָדערט אין די ביבליאָטעקן אַ פּויליש ביכל. ייִדיש האָבן זיי נישט פֿײַנט געהאַט, קעגן ייִדיש נישט געקעמפֿט, נאָר זיי האָבן שוין נישט געקענט לייענען אַשן אין אָריגינאַל, שלום עלי־כמען... אין אונדזערע ייִדישיסטישע קרײַזן האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס גייט אַ נײַע אַסימילאַציע פֿון די אונטערשטע שיכטן, אַ שטילע און אַ לעגאַלע אַסימילאַציע... וואָס זאָל מען טאָן, כּדי זיך קעגנצושטעלן דעם דאָזיקן שטראָם? ווען עס קומט די פֿראַגע, דע־מאָלט דערזעט מען מיט טרויער, ווי ווייניק מיטלען מיר האָבן צו קעמפֿן קעגן אַזעלכע שטראָמען. דעמאָלט דערזעט מען, אַז די פֿראַ־גע פֿון ייִדיש איז בלויז אַ סענטימענט־זאַך, אַ פּרײַוויליקייט... מיר אַליין ווילן זיך אין דעם נישט מודה זײַן, ווײַל מיר פֿאַרטיידיקן אַ שיינע און ערלעכע זאַך, ווײַל ייִדיש איז אונדז טײַער, ווי דער אמת, ווײַל מיר האָבן פֿײַנט דאָס פֿאַרקריפּלטע, וואָס קומט־אַרויס פֿון דער נאָכקרימערישער אַסימילאַציע...

איך האָב דעמאָלט מיט מײַנע באַשיידענע כוחות געוואָלט קעמפֿן קעגן נײַעם אַסימילאַציע־שטראָם און דעמאָלט האָב איך צו־

[1] פּוילישע פֿאָלקשול.

געגרייט אַ רעפֿעראַט שמענדריק־אַסימילאַציע. עס האָט געהאַט דער־פֿאָלג און דאָס ווערטל „שמענדריק־אַסימילאַציע" איז אַרײַן אין גע־ברויך. עס איז פֿאַראייביקט געוואָרן. מיט דעם דאָזיקן רעפֿעראַט בין איך ווידער דורכגעפֿאָרן גאַנץ פּוילן, איך האָב אויסגעלאַכט דעם מאָניעק, געבראַכט קאָמישע פֿאַקטן פֿון זײַן לעבן און באַגיין זיך. דער עולם הערט אַלץ אויס. דער עולם לאַכט פֿון מאָניעקן צוזאַמען מיט מיר. אָבער ווען מען גייט־אַרויס פֿון זאַל, רעדט מען ווידער נישט קיין ייִדיש.

אַ סך ספֿקות קומען־אָן, אָבער מען נאַרט זיך און מען באַהאַלט זיך פֿון אמת. אָט אַנטלויף איך צו אַ באַקאַנטן אין אַ טאַרטאַק, וואָס שטייט אין די ביעלאָוויעזשער וועלדער. איך זיץ דאָרט לאַנגע זומערדיקע וואָכן. ווינטער קום איך ווידער אַהין, איך לעב־דורך די ווײַסקייט פֿון ווינטערוואַלד ווי אַ לעגענדע. די שטעט מיט זייער טומל, די מענטשן מיט זייערע שפּראַכן — אַלץ זעט־אויס בלייך, דערווײַטערט, נישט וויכטיק אַנטקעגן דעם שווײַגן פֿון אַזאַ פֿראָסט־טאָג, ווען אויף די שפּיצן פֿון די ביימער ציִען זיך אָן גאָלדענע זוימען פֿון דער ווינטערדיקער זון. דעמאָלט ווערט מען גלײַכגילטיק צו אַ סך נאַרישע זאַכן. דעם וואַלד האָב איך געהאַט צו פֿאַרדאַנקען אַ נײַ בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען ברידער נעמזאָר. איך האָב גע־שריבן מיט אמתער פֿרייד... איך האָב געגנבֿעט שטיקער וואַלד און עס באַהאַלטן אין מײַן בוך. אַ יאָר האָב איך געאַרבעט איבער די ברידער נעמזאָר, אָבער ווען דאָס בוך איז אין גאַס אַרויס, איז ווי־דער נישט געווען קיין רעזאָנאַנץ... קיין סך האָב איך נישט פֿאַר־לאַנגט: בלויז געוואָלט, מען זאָל מיט מיר זיך אַ ביסל מיטפֿרייען, כאָטש אין נאָמען פֿון וואַלד, פֿון ווינטערוואַלד זיך מיטפֿרייען. איך האָב עטוואָס דערציילט פֿון זײַן לעבן. איך האַלט, אַז ער, דער ווינ־טערדיקער וואַלד, איז די שענסטע קאָמפּאָזיציע פֿון דער נאַטור און דאָס האָט ער, דער וואַלד אַליין, מיר באַפֿוילן, איך זאָל דער־ציילן פֿון זײַן שיינקייט. איך האָב ליב אויסצופֿירן אַזעלכע באַפֿעלן.

*

פֿון 1918 ביז 1930 האָט מיט ייִדיש זיך שטאַרק גערודערט אין די שטעטלעך און אַ ייִדישער שרײַבער האָט געמעגט זײַן צופֿרידן. דאָס שטעטל האָט דעם שרײַבער גערופֿן צו זיך, געוואָלט זיך זען מיט אים, געוואָלט עפּעס הערן פֿון אים. מיט ליבשאַפֿט האָט מען געבויט די ביבליאָטעקן, געזאַמלט און שטאַרק אָפּגעהיט די ביכער. עס איז געגאַנגען אין אַן איבעריאָגעניש. יעדעס שטעטל האָט געוואָלט האָבן אַ גרעסערע און שענערע ביבליאָטעק. יעדעס שטעטל האָט געשטאָלצירט מיט די נעמען פֿון די שרײַבערס, וועלכע האָבן דאָרט רעפֿעראַטן געהאַלטן. די נײַ־דערשינענע ביכער האָט מען געלייענט מיט התמדה, שוין מיט צו פֿיל התמדה. עפּעס אַ מין ליטעראַרישע רעליגיע האָט דעמאָלט געהערשט אין די שטעטלעך און מיט אונדז, ליטעראַטן, האָבן זיי זיך דאָרט, די לייענערס, צו פֿיל אינטערעסירט. יעדע קלייניקייט איז זיי אָנגעגאַנגען:

— צי איז אמת, אַז איקס האָט חתונה געהאַט מיט צוויי וואָכן צוריק?

— און ווער איז געווילט געוואָרן אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין?

— און ווי זעט־אויס דער אָדער יענער שרײַבער?

וועגן אַלץ האָבן זיי זיך אויסגעפֿרעגט און אויף יעדער פֿראַגע האָט מען געמוזט געבן אַן ענטפֿער. איך אַליין בין דאָך שוין געווען אַ בעל־דרשן, כאָטש וועגן אַזאַ „קאַריערע" האָב איך קיין מאָל נישט געחלומט און איך מוז זאָגן דעם אמת: איך בין צו דעם גאָר נישט צוגעפּאַסט. דער גאַנצער ענין פֿון אַוועקשטעלן זיך אויבן אָן און ריידן מעשׂה חכם פֿאַרן עולם איז מיר גאָר נישט צום האַרצן... שוין בעסער זיך אָפּרוקן אַ ביסל ווײַטער און זײַן אַ „חכם פֿאַר זיך אַליין".

אויף מײַן טיש זײַנען געלעגן אַ סך בריוו מיט אײַנלאַדונגען, מיט בקשות פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך. עס פֿלעגן קומען ספּעציעלע שליחים און כּסף געבראַכט פֿאַרויס. האָב איך געדאַרפֿט טראַכטן: דאָס פֿאָלק קאָן אָן מיר נישט לעבן... מען מוז פֿאָרן. אַ ליכטיקע צײַט געווען, אַ נאַיווע, פֿרומע צײַט מיט עפּעס אַן אָנזאָג

פֿון אַ גוטן אָנהייב פֿאַר דער ייִדישער קולטור. יאָ... מיר זײַנען בלויז רײַך מיט גוטע אָנהייבן. אַ גוטער אָנהייב איז געווען פֿאַר דער ייִדישער פּראָזע מענדעלע. אַ צווייטער גוטער אָנהייב שלום עליכם. דערנאָך שלום אַש. אַ גוטער אָנהייב איז געווען פֿאַרן ייִדישן טעאַטער די ווילנער טרופּע. אַ גוטער אָנהייב איז אויך געווען פֿאַר דער ייִדישער פּאָעזיע די שטילע געזאַנגען פֿון דוד איינהאָרן. גוטע אָנהייבן זײַנען געווען די אַמאָליקע הזמירס, די ערשטע ייִדישע ביבליאָטעקן, און דאָס ערשטע פֿאַראינטערעסירן זיך מיטן ייִדישן פֿאָלקסליד, מיט דער ייִדישער שול. אָבער קיין זאַך אַנטוויקלט זיך נישט בײַ אונדז אין אַ ברייטערן פֿאַרנעם. אַ סך פֿון די גוטע אָנ־הייבן האָבן זייערע שנעלע סופֿן. אָטעם פֿאַרפֿעלט...

אַ צען־צוועלף יאָר בין איך אַזוי געפֿאָרן אויף פֿאָרלעזונגען. עס זײַנען געווען גוטע, ליבע באַגעגענישן מיט לייענערס און אויך אַ סך קאָמיש נאַיִווע באַגעגענישן, קליינשטעטלדיקע... איבער הויפּט פֿלעג איך שמייכלען פֿון די אײַנלאַדונגען: „מיר בעטן דעם ליבן דיכטער, ער זאָל אַראָפּקומען צו אונדז מיט אַ רעפֿעראַט וועגן שפּינאָזע”. אָדער: „בײַ אונדז קאָנט איר לייענען אויף איינער פֿון די דאָזיקע טעמעס: „די וועלט־פֿילאָסאָפֿיע פֿון סאָקראַטעס ביז קאַנטן”, „אײַנשטיין און זײַן טעאָריע”, „די ייִדישע און קריסטלעכע מיסטיק”.

פֿלעג איך אָפּענטפֿערן: איך קאָן נישט רײדן וועגן פֿילאָסאָפֿיע; איך בין נישט געשולט אין דער הינזיכט, און קאָן ריידן אויף דער טעמע „פֿון אליקום צונזער ביז אַבֿרהם רייזען” אָדער וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור בכלל, וועגן עטלעכע פֿון אונדזערע שרײַבערס. איך טראַכט, אַז איך האָב אַ סך פֿאַרלוירן בײַ מײַנע פֿאַרערערס, דערפֿאַר ווײַל איך קאָן נישט ריידן וועגן שפּינאָזאַ. אָבער עס האָבן זיך געפֿונען אַנדערע מזיקים, וואָס האָבן יאָ גערעדט וועגן סאָקראַ־טעסן. מיר איז בלויז פֿאַרבליבן צו קוועטשן מיט די פּלייצעס: ווי האָבן זיי דאָס געפּאַקט?

איך האָב געלייענט אין קאַלטע זאַלן און אין גאָר הייסע, אין אַ ליכטיקן טעאַטער און אין אַ שפּײַכלער פֿון די פֿײַער־לעשערס. אין

אין שטעטל מיטן נאָמען בריאַנסק האָט מען צוליב מײַן קומען אַרויסגענומען אַ וואַנט פֿון אַ פּריוואַטער קוואַרטיר, איז פֿון צוויי גרויסע צימערן געוואָרן אַ גאַנץ פֿײַן זאַלעכל. אויסער דעם האָט יעדערער פֿון די צוהערערס מיטגעבראַכט אַ שטול פֿאַר זיך. אין וולאָצלאַוועק האָט מען מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ רעפֿעראַט, אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז עס קאָן זײַן, דער עולם וועט נישט קומען, האָט מען אויך צוגעטשעפּעט צום רעפֿעראַט טענץ און אויף די אַפֿישן איז געווען שוואַרץ אויף ווײַס געדרוקט: „טענץ מיטן אָנטייל פֿון סעגאַלאָוויטש“...

אין פֿאַרלעזונג האָט זיך מיר שטאַרק אײַנגעקריצט אין זכּרון צוליב אַ טראַגישן מאָמענט. די דאָזיקע פֿאַרלעזונג איז נישט פֿאָר־געקומען אין פּוילן, נאָר אין לאָנדאָן. עפּעס אַ קלוב אָדער אַ פֿאַר־אײן פֿון ייִדישע מאַנטל־מאַכערס האָט מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ זונ־טיק בײַ טאָג, איך זאָל עפּעס דערציילן פֿון אונדזערע פּוילישע שטעט און שטעטלעך. בין איך געשטאַנען אויף דעם „טריבונעלע“ און געדרשנט. פֿאַרזיצער איז געווען אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר דרײַסיק. זי איז געזעסן אַ ביסעלע ווײַטער פֿון מיר און געהאַלטן דאָס גלעקל אין האַנט, און פֿאַסאָן האָט זי אויך געהאַלטן — ווערדיק, ערנסט, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ ענין.

אין מיטן דערין קומט־אַרויף צו מיר איינער, אַ מיסטער, און שושקעט מיר אַרײַן, איך זאָל לענגער ריידן, כאָטש נאָך אויף אַ האַלבע שעה אויסציִען מײַן ריידן.

— וואָס איז? צוליב וואָס דאַרפֿט איר דאָס?

ענטפֿערט ער מיר אַזוי: די פֿרוי, וואָס זיצט דאָ „אָן דער טשער“, די פֿאַרזיצערין, זי האָט אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר זיבן. זי האָט דאָס קינד מיטגענומען אויף מײַן רעפֿעראַט, נאָר דאָס מיידעלע האָט געזוכט לײַכטערע זאַכן, איז זי אַרויס זיך שפּילן אויף דער גאַס. נו, איז זי אַרונטערגעפֿאַלן אונטער אַן אויטאָבוס. שטייט דער אוי־טאָבוס אויף דער גאַס און דאָס מיידעלע ליגט אונטער אים. מען ווייסט נישט, צי זי לעבט, צי זי איז גאַנץ. מען איז געלאָפֿן ברענגען

אַ מאַשין, וואָס זאָל אויפֿהייבן דעם אויטאָבוס. קיינער ווייסט נישט דאָ אין זאָל וועגן אומגליק און ער בעט מיך, דער מיסטער, איך זאָל וואָס לענגער ריידן...

קאַלט און וואַרעם איז מיר געוואָרן, און עס קאָן זײַן, אַז צו־ליב דער וואַרעמקייט האָט זיך מײַן פֿאַנטאַזיע צעוואַרעמט און איך האָב קיין מאָל אַזוי פֿײַן נישט גערעדט. די פֿאַנטאַזיע מײַנע האָט זיך צעשפּילט...

עס איז לײַכט צו דערציילן וועגן אַזעלכע זאַכן, אָבער שטיין און ריידן אין אַזאַ מאָמענט איז גאָר נישט אַזוי לײַכט. צום גליק איז דאָס קינד געראַטעוועט געוואָרן, געלעגן בלויז אין שפּיטאָל אַ זעקס וואָכן.

שפּעטער האָט זיך אין מײַן שידוך מיט די שטעטלעך אַרײַנגע־ריסן אַ דיסאָנאַנץ. מען האָט בײַ מיר אָנגעהויבן פֿרעגן מאָדנע שאלות:

— פֿאַר וואָס האָט איר אַזוי אַלעמען פֿײַנט?

איך האָב געקוועטשט מיט די פּלייצעס און אין שפּאַס געענט־פֿערט:

— ווײַל איך וויל שטאַרק עמעצן ליב האָבן.

אַנדערע האָבן געפֿרעגט:

— פֿאַר וואָס האָט איר אַזוי פֿײַנט דעם אַרבעטער־קלאַס?

איך האָב זיך געוויצלט און נישט באַמערקט, אַז דער ענין פֿון מײַן נישט־דאָ־געדאַכט „קאָנטעררעוואָלוציע" ווערט פֿאַר מיר גאַנץ ערנסט. איך האָב עס נישט געקאָנט גלייבן, אַז זיי מיינען עס אויף אַן אמת, מײַנע „גוטע פֿרײַנד" מיט דער רכילות. זיי האָבן מיך פֿאַרמסרט פֿאַרן יידישן לייענער, אַז איך בין אַ פֿאַרקויפֿטע נשמה, אַ קאָנטעררעוואָלוציאָנער, אַ בורזשואַזער נאָכלויפֿער. הימלען טײַע־רע! איך בין קיינעם נישט נאָכגעלאָפֿן. נישט פֿאַרקויפֿט זיך און בײַ קיינעם גאָר נישט צוגענומען. איך האָב נישט געהאַט צו טאָן מיט רעוואָלוציע און מיט קאָנטעררעוואָלוציע. כאָטש ווען איך פֿיל אין זיך מער כּוח, וואָלט איך זיך אונטערגענומען צו זײַן „קאָנטער"

און איך וואָלט געקעמפּט מיט אַלע סנאָבן, וואָס האָבן אין דער רע־וואָלוציע גאָר נישט אַרײַנגעלייגט. מענטשן, וועלכע האָבן קיין איין טאָג פֿון דער רעוואָלוציע נישט איבערגעטראַכט, ווײַל זיי קאָנען בלויז פּלאַפּלען און צובאָמקען צו דער מאָדע — מיט זיי האָב איך אַ מאָל געפּרווווט קעמפֿן, און געשיקט האָב איך זיי צו אַל די שוואַר־צע יאָר. אָבער דאָס האָט נאָך קיינעם נישט געגעבן דאָס רעכט מיך צו מאַכן פֿאַר „אַ שונא פֿון פֿאָלק״, אַזוי אַז מען זאָל מײַנע בי־כער באָיקאָטירן און מײַנע פֿאָרלעזונגען אָראָפּרײַסן. עס איז אַוועק אַ העצע אויף אַ בידנעם מענטש. און אָט שרײַט איינער אויף מײַנער אַ פֿאַרזאַמלונג:

— איר זענט אַ בולוואַר־שרײַבער!

אין קאָסאָווע, גאַליציע, איז דאָס פֿאָרגעקומען. איך האָב ווײַ־טער גערעדט און עס הערט זיך ווידער אַ קול:

— פֿאַרקויפֿטע נשמה!

אַ טייל פֿון עולם פּראָטעסטירט און אַ טייל אַפּלאָדירט דעם שרײַער.

עס ווערט אַ טומל אין זאַל. מען מוז איבעררײַסן. בעט איך, מען זאָל רופֿן דעם שרײַער. ער פֿוילט זיך נישט און קומט צו מיר אַרײַן אין צימערל, וואָס הינטער דער עסטראַדע.

אַ בלייכער, אַ דאַרער יונגער מאַן, מיט אויגן טרויעריקע פֿון אמתן שווערן לעבן.

— וואָס האָט איר צו מיר? — פֿרעג איך בײַ אים.

— איר זענט אַ שעדלעכער מענטש...

— איך? מיט וואָס? מיט וואָס בין איך שעדלעך?

— מיט אײַער שרײַבן. איר פֿאַרסמט דעם אַרבעטער־קלאַס.

איך טראַכט, ווען איך הער זײַנע ווערטער, אַז דעם אַרבעטער־קלאַס פֿאַרסמען אַנדערע. איך פֿיל אָבער אין דער זעלביקער צײַט, אַז דער יונגער מאַן גלייבט אין זײַנע אייגענע ווערטער. ער איז זי־כער אין דעם, וואָס ער זאָגט, און ס׳איז נוצלאָז מיט אים צו דיס־קוטירן. גיי איך איבער אויף פֿראַגעס:

— איר האָט געלייענט מײַנע ביכער?

— יאָ!

— וועלכע?

ער רופֿט־אָן עטלעכע פּאָפּולערע ביכער.

— נו, עס איז אײַך גאָר נישט געפֿעלן געוואָרן? גאָר נישט?

— עס איז מיר יאָ געפֿעלן און טאַקע דערפֿאַר דאַרף מען אײַך דערשטיקן...

אוי, ווי איז מיר! צוליב דעם האָב איך אַ לעבן אָפּגעאַרבעט. מײַן איינציקע פֿרייד איז דאָך צו מיר געקומען שטענדיק פֿון דעם געדאַנק, אַז איך האָב עמעצן געגעבן אַ רגע פֿון מנוחה, אַ רגע דערהויבונג, אַ בענקשאַפֿט, אַן אָנרעגונג צו בעסערס, און דאָ קומט דער דאַרער בחור און זאָגט אויף זײַן פּשוטן לשון, אַז מען דאַרף מיך דערשטיקן. איך האָב געוווּסט גאַנץ גוט, אַז די בייזע הענט האָט דאָ געווירקט; אַז די נאַרישע, דעמאַגאָגישע פֿראַזעס האָבן זייערס געטאָן, אָבער — אַ נאַכט איז מיר אַוועק אָן שלאָף.

איך בין גאָר נישט בײַ זיך אַזוי צעבאַלעוועט, גאָר נישט אַזוי עמפּפֿינדלעך אויף באַליידיקונגען, אַז איך זאָל פֿון דעם דערציילטן פֿאַל אין קאָסאָוו מאַכן שווערע אויספֿירונגען, אָבער דאָס איז נישט געווען בלויז אין קאָסאָוו. די באַליידיקונג איז געגאַנגען פֿון אומעטום און נישט זי האָט אַזוי שווער געמאַכט דאָס געמיט, ווי דער געדאַנק, אַז מיר האָבן נישט קיין גאַס, נאָר אַ שמאָל געסל. דאָרט, אין דעם געסל, וווינט ליבע, געפֿיל, פֿאָלקסטימלעכקייט און אויך אַ שיין ביסל באַגרענעצטקייט און קליינקעפּלדיקייט. מען דאַרף זיך קענען צופּאַסן...

איך האָב נישט געהאַט קיין כּוח און קיין מוט צו קעמפֿן מיט דער ביליקער פֿראַזע. איך האָב אויפֿגעהערט מיט די פֿאָרלעזונגען. דאָס האָט מיר פֿרײַער געמאַכט דאָס לעבן. יאָ! מען דאַרף אַוועקוואַרפֿן דעם איבעריקן באַלאַסט. איך האָב געהאַט נאָך אַ הויקער אויף מײַנע פּלייצעס: דעם ליטעראַטן־פֿאַראיין מיט מײַן פֿאָרזיצערײַ. איך האָב געזוכט אַן אויסרייד, ווי פּטור צו ווערן פֿון דעם. איך

האָב שוין גוט פֿאַרשטאַנען, אַז איך וועל דעם פֿאַראיין נישט אי־בערמאַכן און ער מיך — אויך נישט.

## ליבע אַן גלויבן

ווי אַזוי קעמפֿט מען פֿאַר ייִדיש? ווי אַזוי דערגרייכט מען עפּעס בעסערס און גרעסערס? נישט איין מאָל איז שוין די פֿראַגע אַרויפֿגעשווומען. ווי אַזוי פֿאַרגרעסערט מען די פּעריפֿעריע אונ־דזערע, דעם קרײַז פֿון אָנהענגערס?

קיין קלאָרע תּשובֿה אויף דעם קאָן ביזן הײַנטיקן טאָג קיינער נישט געבן. צוליב אונדזערע נישט־נאָרמאַלע באַדינגונגען, האָט מען דאָך קיין מאָל קיין נאָרמאַלן, גראָדן וועג נישט געהאַט. דער עיקר, דער פֿונדאַמענט איז דאָך די שול. נאָך דעם חדר איז געקו־מען די צײַט פֿון דער ייִדישער שול. אין דער צײַט פֿון קריג האָט זיך עס אָנגעהויבן צו פֿאַרצווײַגן. דער פֿאָלקסטימלעכער יעקבֿ די־נעזאָן מיט דעם נאָבעלן סאָציאַליסט מעדעם האָבן אין דער היגזיכט אַ גאַנץ פֿײַנע שותּפֿות געמאַכט. די ייִדישע שולן זײַנען געבוירן גע־וואָרן, אָבער בלויז אַן אָנהייב איז דאָס געווען. עס זײַנען שוין אַרי־בער עטלעכע און צוואַנציק יאָר און עס האָלט נאָך אַלץ בײַ די צוואַנציק טויזנט קינדער, וועלכע לערנען זיך אין די ייִדישע שולן — נישט מער. די שולן, וואָס מיר האָבן שוין, האַלטן זיך קוים; די לערערס זײַנען מאַרטירערס. נאָר דער גרויסער טייל פֿון פֿאָלק וויל פֿון די דאָזיקע שולן נישט הערן. אַנדערע קרײַזן זאָגן, אַז זיי ווילן נישט אַזאַ שול פֿאַר זייערע קינדער; זיי ווילן אַ ביסל העברעיִש, אַ ביסל ייִדישע געשיכטע.

גערענק איך אַ צײַט, ווי אַזוי עס איז אויפֿגעשטאַנען דער שול־קולט. איך בין געווען דער, וואָס האָט אינספּירירט נחמיה פֿינקעל־שטיינען, אַבֿרהם גאָלדבערגן און ב. יאושזאָנען, אַז זיי זאָלן זיך פֿאַראינטערעסירן מיט דעם פּלאַן צו פֿאַרברייטערן די נעץ פֿון שולן

אויף ייִדיש. די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג פֿון אַזאַ נײַע שול־אָרגאַניזאַ־ציע איז פֿאָרגעקומען בײַ פֿינקעלשטיינען אין שטוב. אויף דער דאָ־זיקער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיך געמאָלדן אַ סך באַוווּסטע כּלל־טוערס, אומפּאַרטייִשע און פּאַרטייִשע. עס האָט געקאָסט אַ סך מי צו־נויפֿצוברענגען אַזאַ עולם. דער דאָזיקער פֿאַקט אַליין איז שוין גע־ווען אַ שטיקל זיג פֿאַר ייִדיש: צונויפֿברענגען אַזוי פֿיל „פֿרעמדע" צוליב ייִדישע שולן...

די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן. זי האָט זיך אַ נאָמען געגעבן: שולקולט. דער אַלטער ציוניסט פֿרייד איז געוויילט גע־וואָרן פֿאַר אַ פֿאָרזיצער. איך אַליין האָב זיך שטאַרק אַנגאַזשירט אין דער אַרבעט. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן אונדז. די אַלטע שול־אָרגאַניזאַציע האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, וואָס נאָך איינע איז אויפֿגעשטאַנען. מען האָט אונדז באַקעמפֿט, גע־זידלט און זייער פֿיל געשטערט. און ווידער האָב איך געהערט אויף מײַן חשבון: „רעאַקציאָנער", „פּאַרקויפֿטער"... און אויף מײַנער אַ פֿאָרלעזונג וועגן שולקולט אין ווילנע, אין דאָרטיקן סוחרים־פֿאַר־איין, האָבן טייל מיטגעבראַכט שטיינער אין די קעשענעס... צום גליק איז אַלץ אָפּגעגאַנגען בשלום און איך בין נישט געשטיינערט געוואָרן. אַ נײַע כוואַליע האָס האָב איך דערפֿילט. איך געדענק אַן ערשטער מײַ־מאַניפֿעסטאַציע. כ'שטיי מיט נאָך חבֿרים אויף דעם באַלקאָן פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין. עס מאַרשירט דער גרויסער צוג פֿון בונד און, ווען זיי גייען פֿאַרבײַ פֿאַר אונדזער פֿאַראיין, רופֿט מען אַן מיט חוזק מײַן נאָמען:

— טפֿו! שעמט זיך מיט אײַער שולקולט...

איך האָב נישט געוווּסט, מיט וואָס איך דאַרף זיך שעמען. כ'האָב בלויז געוואָלט פֿאַרגרעסערן דאָס ייִדישע שולוועזן, ווײַל ייִדיש איז מײַן אָטעם און מײַן לעבן. איך האָב מיט דעם שולקולט נישט געוואָלט מיט קיינעם קאָנקורירן. עס האָט זיך אָבער אָנגע־הויבן אַ העצע, וועלכע איז שטאַרקער געווען פֿאַר מײַן פֿאַרלאַנג.

*

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען. פֿאַר יעדעס ביסל אַקטיוויטעט, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן, פֿלעג איך שטענ־דיק באַקומען נײַע שׂונאים. אפֿשר איז שולדיק געווען מײַן כאַראַק־טער? אפֿשר די סבֿיבֿה? וועגן דעם זאָלן אַנדערע משפּטן. מײַנע פּרוּוון, מײַן מי איז געגאַנגען צום טײַוול און איין מאָל האָב איך זיך אָפּגעזעגנט סוף־כּל־סוף מיט מײַן באַשיידענער געזעלשאַפֿטלע־כער אַרבעט. איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, אויף שטענדיק.

געוואָקלט האָב איך זיך שוין לאַנג, אָבער צו אַ פֿעסטער דע־ציזיע וועגן דעם האָט מיר געבראַכט דער טאַלענטירטער איציק מאַנגער. ער האָט מיר אין ליטעראַטן־פֿאַראיין אײַנגעאָרדנט אַ סקאַנדאַל־קאָנצערט... ער איז מיך באַפֿאַלן מיט זילזולים, מיט גראָבע און שלעכטע רייד. פֿאַר עטלעכע צענדליגג מענטשן אין די אויגן האָט ער געזידלט מיך, מײַן וועזן, מײַן אַרבעט, מײַנע טעג און מײַנע יאָרן. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז די רערן פֿון דער קאַנאַליזאַציע האָבן דאָרט געפּלאַצט און אַלץ רינט־אַראָפּ אויף דעם גרויסן זאַל, ווו די עקזעקוציע איז פֿאָרגעקומען...

פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען? איך ווייס נישט. טויזנט מאָל פֿאַר וואָס? איך הייב פֿון גאָר נישט אָן צו וויסן. אין מאַנגערן האָב איך נישט געזען קיין שׂונא. איך האָב צו אים גאָר נישט געהאַט. ער צו מיר האָט אויך גאָר נישט באַדאַרפֿט האָבן. בעת ער איז פֿון רומע־ניע געקומען, האָב איך אים דער ערשטער עפֿנטלעך באַגריסט. מאַנגער איז אַן אמתער דיכטער. בײַ אַן אַנדער פֿאָלק וואָלט ער באַשטימט מער מזל געהאַט. אָבער דער זעלביקער מאַנגער האָט געטרונקען אַ סך בראָנפֿן און ער פֿלעגט מאַכן אַ סך גרויסע סקאַנ־דאַלן. צו פּאָפּולאַריזירן זײַן ליד און זײַן טאַלאַנט האָט ער אויך גע־ברויכט אַ ביסל סקאַנדאַל. עס האָט געהאָלפֿן. פֿון אַ „שטילן" דיכ־טער, אַפֿילו אַ גאָר טאַלאַנטירטן, רעדט מען נישט אַזוי פֿיל ווי וועגן אַ דיכטער וואָס טרינקט בראָנפֿן און מאַכט סקאַנדאַלן. איך האָב מאַנגערן געזען אַ סך מאָל שיכּור, טויט־שיכּור, בלאַס, צע־קרימט... נאָר מערקווערדיק: אַזאַ ניכטערן שיכּור האָב איך נאָך

קיין מאָל נישט געזען. ער האָט שטענדיק געוווסט, וואָס ער רעדט, בעת ער איז שוין געווען איבערגעפּולט מיט בראָנפֿן. ער האָט געווסט, צו וועמען ער רעדט און קיין מאָל איז ער נישט באַפֿאַלן אַזאַ איינעם, וואָס קאָן אים מיט עפּעס צו נוץ קומען. מיך, ווײַזט־אויס, האָט ער שוין דעמאָלט באַדאַרפֿט אויף כּפּרות און ער האָט מיך דערלאַנגט ווי עס קער צו זײַן.

איך ווינטש אים נישט, אַז ער זאָל ווען עס איז אין לעבן דורך עמעצן אַזוי באַגעגנט און אַזוי באַגלייט ווערן. איך ווייס אויך נישט, צי ער האָט דערנאָך באַגריפֿן, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן ער האָט דעמאָלט אָפּגעטאָן בנוגע מיר. זיכער וועט ער דאָס שוין נישט דערפֿילן, כאָטש ער איז אַ דיכטער...

צוואַנציק מענטשן, מיטגלידער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין, האָבן זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צו די אומריינע זידלערײַען. קיינער האָט קיין פּיפּס נישט געטאָן, נישט קיין ריר געגעבן מיך צו פֿאַרטיידיקן. רחמנא ליצלן! איך בין דאָך געווען זייער פֿאָרזיצער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין און פֿון פּענקלוב. אַזאַ דאָפּלטער, אַזאַ וואַזשנער כּבֿוד... ווײ איז מיר נישט!...

אונדזערע האָבן ליב, אַז מען דערלאַנגט עמעצן. וואָס איז פֿאַר זיי דעם צווייטנס כּבֿוד, זײַן אַמביציע, זײַן אַרבעט? אין דער סבֿיבֿה פֿון גראָשנדיקער קאָנקורענץ זוכט מען נאָר דעם צווייטנס מפּלה.

דעמאָלט, יענעם טאָג, בין איך אַראָפּ פֿון די טרעפּ, פֿון טלאָמאַצקע דרײַצן, אַ צעבראָכענער. מער צעבראָכן ווי באַליידיקט. איך האָב איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם דאָזיקן וועלטל, אין אונדזער ליטעראַרישן וועלטל, וועט שוין קיין מאָל קיין ביסל אָרדענונג ניט זײַן. ווער עס וויל, ווערט בײַ אונדז אַ שרײַבער; ווער עס וויל, ווערט בײַ אונדז אַ קריטיקער; און ווער עס וויל, מאַכט סקאַנדאַלן. נישטאָ קיין מאָס און קיין באַלעבאָס. דאָס איז אַ וועלטל פֿון הפֿקר... נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל: פֿאַר וואָס איז מיך אַ מענטש באַפֿאַלן? אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל איך פֿאַרדין אַ פּאָר זלאָטעס מיט מײַן אַרבעט? אפֿשר האָב איך מאַנגערן באַליידיקט? אפֿשר זײַן

אַרבעט באַשמוצט? ניין! מען קאָן נישט באַליידיקן דאָס, וואָס עס געפֿעלט... אפֿשר איז ער מיך באַפֿאַלן פֿון לאַנגווײַליקייט? איז דאָך אַזוי ענג אין דעם בידנעם געסל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור; פֿון אין דער פֿרי ביז בײַ נאַכט קײַט מען דאָס לידל; ווערט לאַנגווײַליק.

אויף צו מאָרגנס האָב איך אָפּגעשיקט אין דער פֿאַרוואַלטונג דעם דאָפּלטן „פֿאָרזיצער” און געוואָרן בין איך אויס „פֿירער” פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין. מען האָט זיך איצט געמוזט לאַנגזאַם און מע־טאָדיש אָפּגעוווינען... נישט פֿון „פֿאָרזיצער”, נאָר פֿון פֿאַראיין גופֿא. אַזוי פֿיל האָפֿענונג געלייגט אויף דער בודע, יאָרן געפּטרט...

עס האָט זיך געענדיקט. אין פֿאַראיין איז אַרײַן דער הפֿקר און ער האָט זיך דאָרט ברייט צעלייגט. עס האָט שוין קיין זאַך נישט געוווּנדערט, עס האָט שוין נישט געדאַרפֿט ווונדערן, ווער עס זיצט דאָרט בײַ אַ טישל, ווער עס האַלט דאָרטן פֿאַרלעזונגען און ווער עס גיט דאָרטן קאָנצערטן פֿון וואָרט און מוזיק. דער קאַלושינער בטלנישער „לינקיזם” האָט דאָרט געפֿאַראַדירט. אָט הער איך איין מאָל אויף מײַן חשבון אַ פֿראַזע פֿון אַ גראַפֿאָמאַן, וואָס איז געשטאַ־נען אויף דער פֿאַראיין־עסטראַדע:

— די וואָס דרייען זיך דאָ אַרום מיט די פּײַקעס וועלן מיר פֿון די פֿענצטערס אַרויסוואַרפֿן...

הער איך דאָס אויס און שמייכל צו זיך אַליין: האַרציק מפּיל־קינד! בן־יקירל פֿון דער פּלאַפּלערײַ!... צו וואָס באַדאַרפֿסטו מיך וואַרפֿן דורכן פֿענצטער, אַז איך וועל אַליין אַוועקגיין. איך בין שוין אַוועקגעגאַנגען, איך בין שוין נישטאָ.

דער פֿאַראיין האָט לאַנגזאַם געפֿוילט. טלאָמאַצקע דרײַצן איז געוואָרן עפּעס אַן אָנשיקעניש. ווו זײַנען אַהינגעקומען אונדזערע אַלעמענס פּלענער וועגן אַן אומפּאַרטייִשער באַזע פֿאַר דער ייִדי־שער קולטור? מען האָט אַפֿילו אויפֿגעהערט צו ריידן וועגן דעם. עס איז פֿאַרבליבן דער אַלטער כאָאָס, די אַלטע אָפּגעשטאַנענקייט. יעדערער פֿאַר זיך, יעדע פּאַרטיי פֿאַר זיך און יעדע קולטור־אינס־טיטוציע פֿאַר זיך. דאָרט אַ קוועלעכל, דאָ אַ קוועלעכל, דאָ אַ פּרווו,

דאָרט אַ פּרווו... עפּעס אַ צעבראָקלטע קולטור, נישט מער ווי פֿראַגמענטן.

עס איז נישטאָ קיין שטראָמיקער טײַך פֿון דער ייִדישער קול־טור. ביטער ווערט אויפֿן האַרצן, ווען אַ קוועלעכל טריקנט־אויס. אַ רחמנות איז געווען צו קוקן אויפֿן ליטעראַטן־פֿאַראיין אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן עקסיסטענץ. מען האָט שוין אייגנטלעך נישט געוווּסט, ווער עס עפּנט דאָרט אין דער פֿרי די טיר און ווער עס פֿאַרמאַכט זי שפּעט בײַ נאַכט. אָפּגעבראָכענע, שוואַרצע טישלעך האָבן זיך הילפֿלאָז געשאָקלט. פֿון יעדער שטול האָט געפֿעלט אַ פֿיסל. די בילדער אויף די ווענט זײַנען געהאָנגען קרום, צעבראָכע־נע שויבן, שפּינוועבס, קעץ, מײַז און... מענטשן. די עלטערע מיט־גלידער זײַנען דאָך שוין כּמעט נישט געקומען אין פֿאַראיין, און דאָך האָט ער שטענדיק געהאַט אַן עולם: אַ דײַטשישער עמיגראַנט, וואָס פֿאַרקויפֿט פּולפֿעדערס אויף ראַטעס; אַ גאַסן־פֿאָטאָגראַף; אַ שנײַדער אַ לאַטוטניק; אַ מעקלער פֿון דירות; און נאָך אַזעלכע „קינסטלערס"... און מיט די אַלע צוזאַמען, אין דעם „פֿרעמדן־לע־גיאָן" פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין האָבן אויך געבלאָנדזשעט געציילטע שאָטנס פֿון אייגענע. דאָ מיין איך די, וועלכע האָבן מיטגעבראַכט פֿון שטעטל אַ פֿונק פֿון טאַלאַנט. זיי ברענגען דאָ זייער „אָנהייב" און בלײַבן מיינסטנטיילס בײַם אָנהייב. אַ שרײַבער, וואָס אַרבעט־אָפּ בײַ אונדז צענדלינגער יאָרן, איז גענוג עלנט — טאָ ווי זאָל זיך שוין פֿילן אַזאַ יונגער? אַ צוויי־דרײַ יאָר זיצט־אָפּ אַזאַ איינער אין ליטעראַטן־פֿאַראיין און חלומט צו פֿאַרקויפֿן אַ לידל פֿאַר פֿינף זלאָטעס. נאָך די צוויי־דרײַ יאָר ווערט ער אַ קלאַסיקער פֿון... בייז־קייט. ער איז שוין דעמאָלט גרייט אויף אַלץ. ער איז גרייט צו שרײַבן שונד־ראָמאַנען, ער חנפֿעט, ער טרײַבט רכילות, לאַכט־אויס דעם צווייטן און זײַן אייגן ביסל טאַלאַנט גייט צום גרונט, דאָ, אין דער בודע, בײַ די שוואַרצע טישלעך, בײַ די נודנע שמועסן וועגן ליטעראַטור. נישט איינער אַזאַ איז דאָ דעגענערירט געוואָרן צוזאַ־מען מיטן לאָקאַל. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אין דער ליטעראַ־

רישער „בודע״ פֿלעגט אין די אָונטן ברענען איין עלעקטריש לעמפּל, מער איז נישט געווען, און קיינער האָט זיך נישט מרחם געווען צו מאַכן אַ ביסל ליכטיקער...

פֿרעמדע מענטשן דרייען זיך אַרום אין גרויסן זאַל און די דאָזיקע קוקן אויף מיר ווי אויף אַ פֿרעמדן. אָט באַלד וועט מען מיר הייסן זיך אָפּטראָגן פֿון דאַנען. אין ליטעראַטן־פֿאַראיין האָט שוין גאָר נישט געוווּנדערט... זאָל זיך דאָ אַוועקשטעלן אונטער פּרצעס פּאָרטרעט אַ וועשין מיט אַ באַליִע וועש, זאָל מען דאָ פֿליקן פּעדערן אָדער שטויסן וואַסער...

אַלץ אײנס.

*

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פֿון וואַנדערן. אַמעריקע האָט געצויגן. עס האָט זיך געוואָלט זײַן אין אַרגענטינע. געהאַט האָב איך די מעגלעכקייט צו פֿאָרן קיין אַפֿריקע. נאָר איך האָב זיך אײַנגערעדט, אַז אַ יִדישער שרײַבער באַדאַרף זיצן דאָרט, ווו עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע יִדישע מאַסע. עפּעס אַ קלייניקייט! פֿופֿצן הונדערט ביבליאָטעקן, אַ שטאַרקער אָנהייב פֿון יִדישע שולן, גרויסע צײַטונגען אין יִדיש — מעג מען דען אַוועקגיין פֿון אַזעלכע מעגלעכקייטן? מעג מען דען פֿאַרלאָזן אַזאַ שטראָם? מײַן ווייניקייט קאָן דאָ אויך אַ קאָפּעטשקע צו נוץ קומען: מײַנע ביכער האָבן שטאַרק צירקולירט אין די ביבליאָטעקן; מײַנע לידער האָט מען געזונגען; פֿעליעטאָנען געלייענט; מײַנע פֿאָרלעזונגען זײַנען באַזוכט געוואָרן. בין איך דאָך אַ שטיקל מחותן אויף דער חתונה.

אָבער די חתונה האָט זיך געענדיקט. דער קריזיס פֿון די לעצטע יאָרן האָט צעטריבן די געסט. די פֿעסטונג אונדזערע, דאָס שטעטל, איז חרוב געוואָרן ביז גאָר. קודם־כּל האָט דאָס אונדז, יִדישע שרײַבערס, דערלאַנגט איבערן קאָפּ. מען האָט אויפֿגעהערט צו קויפֿן ביכער און פֿון די פֿופֿצן הונדערט ביבליאָטעקן איז זייער ווייניק פֿאַרבליבן. די יִדישע שולן וואַקסן נישט. זייער פּעריפֿעריע פֿאַרשמעלערט זיך. יִדישע צײַטונגען מאַטערן זיך. עס האָט זיך

אָנגעהויבן אַ ביטערער באַרג־אַראָפּ. אָבער נישט דער וועלטקריזיס איז שולדיק אין גאַנצן און נישט בלויז דער עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד האָט גורם געווען, אַז דער פֿאָרויסמאַרש פֿון ייִדיש זאָל פּאַראַליזירט ווערן. איך האַלט, אַז די אַלגעמיינע צוואַנגבילדונג האָט דאָ געשפּילט די גרעסטע ראָל. אין די אַלגעמיינע שולן לערנען דרײַ הונדערט טויזנט ייִדישע קינדער. דאָס זײַנען קינדער פֿון פֿאָלק, פֿון שטעטל, פֿון ייִדיש־רעזערוו. אַ גרויסער טייל פֿון זיי האָט אין גאַנצן אויפֿגעהערט צו ריידן ייִדיש און אַ צווייטער גרויסער טייל רעדט נאָך ייִדיש, נאָר לייענען קאָנען זיי שוין נישט. אין די ביבליאָטעקן קומען זיי שוין נישט נאָך קיין ייִדיש בוך. דאָס איז אַן אַלגעמיינע דערשײַנונג. אַ פֿאַקט, אַן אײַזערנער פֿאַקט. איך וואָלט געקאָנט אַ טובֿה טאָן די פּראָפֿעסיאָנעלע אָפּטימיסטן אונדזערע און נישט אָנשרײַבן די לעצטע שורות — נאָר וואָס קומט אַרויס דערפֿון? וועמען נאַרט מען אָפּ? זיך אַליין. עס גייט־אָן אַ צוריקמאַרש פֿון ייִדיש, אין גאָר אַ גרויסן פֿאַרנעם. און ווידער קומען די אַלטע ספֿקות. און ווידער באַדאַרף מען אַלץ אָנהייבן פֿון דאָס נײַ. דאָ און דאָרט גיט זיך עפּעס אײַן. מיט מי און גרויס אָנשטרענגונג ווערן אין אַמעריקע געשאַפֿן די בויבעריק־שולן, אָבער עס איז דאָך נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים. די אַסימילאַציע, די שפּראַך־אַסימילאַציע גייט אין אַמעריקע מיטן אַמעריקאַנער טעמפּאָ. אין רוסלאַנד זײַנען דאָ דרײַ מיליאָן ייִדן און עס דאַכט זיך, אַז אַ מבול פֿון רוסיש פֿאַרפֿלייצט דאָס ביסל „ייִדיש“ פֿון דאָרט. די גרויסע ייִדישע צײַטונגען אין אַמעריקע זײַנען שוין אַרײַן אין קריזיס. עס העלפֿט זיי דער צופֿלוס פֿון נײַע עמיגראַנטן. אויב אַזאַ עמיגראַציע וועט נאָך אַ מאָל צו שטאַנד קומען, איז אַ פֿראַגע, צי די נײַע אײַנגעוואַנדערטע וועלן אַהין קומען מיט ייִדיש. עס קאָן זײַן, אַז די פֿרישע עמיגראַנטן וועלן דאָרט גרינדן אַ נײַעם „פֿאָרווערטס“ אין רוסיש אָדער אין פּויליש...

אָבער אונדזערע פּראָפֿעסיאָנעלע אָפּטימיסטן האַלטן פֿון דעם כּלל, אַז מען דאַרף זיך קנײַפּן אין די באַקן, אַפֿילו דעמאָלט ווען

קיין באַקן זײַנען שוין באַלד נישטאָ. אפשר איז דאָס נייטיק און עס קאָן אַנדערש ניט זײַן. דאָך — יעדער קאַמף, ווען ער דויערט אומ־ענדלעך, מוז ער לסוף מיד מאַכן. עס קאָן דערפירן צו פאַרצווייפ־לונג, צו רעזיגנאַציע. מיר זײַנען געגאַנגען אין קאַמף פאַר אַ שפּראַך פון אַ פאָלק, אָבער דאָס פאָלק אַליין אין דער גרויסער מערהייט האָט קיין מאָל ייִדיש נישט פאַרטיידיקט און קיין מאָל נישט גע־בראַכט אַ קרבן פאַר אים. ווען איין ייִד האָט אויפגעהערט צו דאַוו־נען, האָט מען אים געשטראָפט, געשאָלטן, פאַרפאָלגט; ווען צען טויזנט ייִדן האָבן אויפגעהערט צו ריידן ייִדיש, איז עס קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. לײַכטזיניק און גלײַכגילטיק האָבן זיך ייִדן באַ־צויגן צו ייִדיש. זיי האָבן עס ליב געהאַט, אָבער וואָס פאַר אַ ליבע איז דאָס געווען? קוגל האָט מען אויך ליב. אָבער ווער האָט עס דרך־ארץ פאַר קוגל? פאַר ייִדיש האָט מען קיין דרך־ארץ נישט געהאַט.

זײַנען געקומען געציילטע און אָנגעהויבן קעמפן פאַר אײַנ־האַלטן די שפּראַך, פאַר אָפּהיטן דעם נשמה־אוצר פון אַ פאָלק, פאַר פאַרשענערונג און אויסלײַטערונג פון דער שפּראַך. עס זײַנען גע־קומען מענדעלע מיט שלום עליכמען, די ערשטע גרויסע גאָלד־גרעבערס פון אונדזער שפּראַך. זײַנען אויך געקומען אַנדערע, יונגע, מוטיקע דיכטערס. עס איז געקומען אַ גרויסע טאַלאַנטירטע פּרעסע; אַ טעאַטער מיט שטאַרקע אַקטיאָרן; מוזיקערס וואָס האָבן מעלאָדיע גענומען פון פאָלקס־נשמה; מאָלערס וואָס זײַנען געקומען צייכענען די רײַכקייט פון ייִדישן דלות... די אַלע צוזאַמען האָבן אָנגעהויבן צו בויען דאָס לאַנד פון ייִדיש... דאָס לאַנד פון ייִדיש איז אָבער נישט אויפגעבויט געוואָרן. פון דעם מדבר בלאָזט אַ ווינט. די סאַ־האַראַ פאַרשיט די נישט־געענדיקטע בנינים מיט זאַמד. ייִדיש מאַ־טערט זיך. ייִדיש קאָן זיך נישט אויסהאַלטן. מען האָט געמעגט טראַכטן, אַז איצט, אין אַ צײַט פון די ייִדישע שרעקלעכע צרות, וועט די שפּראַך פון די פאַרפאָלגטע אויפגערימט ווערן אַ ביסל. אין אַ צײַט, ווען די גרויסע פעלקער קומען מיט טענות צו די אַסי־

מילירטע ייִדן: „מיר ווילן נישט, איר זאָלט ריידן און שאַפֿן אויף אונדזער שפּראַך... גייט אײַך צו אײַערע!"... זיי אָבער קומען נישט צו ייִדיש. קיין איינער פֿון זיי איז נישט געקומען צו ייִדיש און צו דער ייִדישער קולטור. אין בעסטן פֿאַל גייען זיי עסן אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן און פֿאַסטן יום־כּיפּור. דאָס איז וועגן די אַסימילירטע ייִדן; די נישט־אַסימילירטע גיבן זיך אויך אונטער די באַדינגונגען... די באַדינגונגען צווינגען צו שיקן דאָס קינד נישט אין קיין ייִדישער שול, צווינגען מײַן מיטזיצער אין קאַפֿע, ער זאָל צו מיר זאָגן:

— רייד דאָ נישט אויף ייִדיש!...

די באַדינגונגען צווינגען אַפֿילו, אַז די אַלע מיטגלידער פֿון ייִדישן פּענקלוב זאָלן מיט זייער ווײַב־און־קינד נישט ריידן אויף ייִדיש. דאָס איז אַ פֿאַקט און דער פּענקלוב איז דאָך נישט אַבי וועד — דאָס דאַרף דאָך זײַן די עליטע פֿון דער ייִדישער קולטור! און איצט פֿרעגט זיך: אויב אַזאַ מיטגליד פֿון פּענקלוב קאָן זײַן אייגענע משפּחה נישט איבערמאַכן, טאָ ווי אַזוי וועט ער איבערמאַכן אַ פֿאָלק?

*

איך האָב אײַנטייל גענומען אַ גאַנץ לעבן אין אַ קאַמף, וועל־כער איז נישט געווונען געוואָרן. איך האָב דעם דאָזיקן קאַמף אָפּ־געגעבן גענוג כּוחות, מי און נערוון. איך בעט בײַ קיינעם נישט קיין באַלוינונג און קיינער וועט עס מיר נישט געבן. איך האָב אויך נישט קיין חרטה. דער קאַמף איז געווען און ער בלײַבט אַ גערעכ־טער קאַמף. אָבער די וויסטע אוממעגלעכקייט שטערט ווי אַ וואַנט. אויף צו באַווײַזן זיך האָט ייִדיש געהאַט גענוג כּוח, רייץ, דינאַמיק, אָבער אויף צוווירקן, לעבן און אַנטוויקלען זיך, אויף צו שטיין פֿעסט אויף די פֿיס, אויף זיגן — איז אַלץ קעגן אונדז.

ווײַל שפּראַך דאַרף אייביק צירקולירן ווי אַ שטראָמיקער טײַך. שפּראַך שלײַפֿט זיך אין קעלער און אין סאַלאָן, אין וואַרשטאַט און אין קאַפֿע, אין טעאַטער און אין גאַסן־שפּאַציר. שפּראַך גייט־מיט אין וואָגאָן און אויף דער שיף, אין ליד און אין געזעלשאַפֿטלעכן

קאַמף. אָבער ווען מען הייבט זיך אָן מיט אַ שפּראַך באַהאַלטן, דער־מאָלט שטעלט זיך דאָס וואָרט אין האַלדז, און מען נעמט זיך ווערגן... עס איז ענג בײַ אונדז. אין דעם שרײַבער־וועלטל איז נישטאָ קיין פֿריידיקייט. קיינער וועט בײַ אונדז ניט זאָגן: „איך גלייב נישט אין דער צוקונפֿט פֿון דער יידישער קולטור". אָבער אַ סך טראָגן אין האַרצן אַ ווייטיק, אַ שטומען, און דער ווייטיק האָט אַ נאָמען: „עס גלייבט זיך נישט"... צו פֿיל פּײַן און שטערונגען, צו פֿיל גלײַכגילטיקייט פֿון דער אַרומיקייט. און צו די ספֿקות, וואָס לויפֿן־אָן, זעט עס אויס ווי אַ וווּנדער, וואָס אין די דזשאָנגלס פֿון געטאָ איז געבוירן געוואָרן אַ שלום עליכם, וואָס אין אונדזער אומעטיקן לעבן האָט זיך צעשמייכלט אַזאַ שלום אַש. די לידער פֿון דוד איינהאָרן און משה־לייב האַלפּערן זײַנען אויך אַ טייל פֿון וווּנדער. ווײַל אַלץ איז דאָס צוגענומען געוואָרן בײַ דער אוממעגלעכקייט.

# קדיש

— יתגדל ויתקדש...

וויפֿל זײַנען שוין ניטאָ...
זאָל געהייליקט זײַן די שעה!
מיר באַוויינען זיי אָן רעש —
— יתגדל ויתקדש...

וואָס פֿאַרבליבן איז אונדז מער
ווי די דורכגעגליטע טרער
אויף די קבֿרים, אויף דעם אַש?
—יתגדל ויתקדש...

מוזיק — הענעך קאָן

# איצטער

— א —

זיי קומען איצט די לעצטע פֿון דער שׂריפֿה,
געראַטעוועט פֿון לאַגער און פֿון סם...
מע זעט זיי שוין אין קיבוץ און אין חיפֿה,
אין תּל־אָבֿיבֿ, אויף גאַסן און בײַם ים.
מע זעט זיי אין קאַפֿע, בײַ פֿרײַנד, בײַ שכנים,
אין אַ געוועלב, אין שנעלן אויטאָבוס.
בײַ יעדערן פֿון זיי, בײַ יעדן איינעם
איז דאָ פֿאַר אונדז אַ פֿינצטערער גערוס.
שוין בעסער וואָלט די ערד אַ ציטער געבן
און אײַנשלינגען מיליאָנען אין איר מויל,
שוין בעסער וואָלט ווולקאַן פֿאַרפֿלייצט דאָס לעבן
ווי אויסהערן די מעשׂיות פֿון דעם גרויל.
זיי קומען און מיר דריקן זיי מיט נײַגער
די נומערירטע בוכענוואַלדער הענט:
געראַטעוועט פֿון לאַגער, פֿון די שטײַגן
און פֿון די הייסע קרעמאַטאָריע־ווענט.
מײַן חלק זון וועל איך מיט זיי זיך טיילן,
מײַן טרייסט מיט שטיקער האַרץ... וואָס האָב איך נאָך?
און דאָס, וואָס די פֿאַרמאַטערטע דערציילן,
וועט ווערן מײַנס, ווי אַלץ פֿון אונדזער בראָך.

— ב —

מיר האָבן דאָ אין תּל־אָבֿיבֿ פֿאַרשידן,
פֿון גאָרער וועלט, פֿון תּימן ביז בערלין;

מיר האָבן דאָ רומעניִשע פֿיל ייִדן,
קאַווקאַזער ייִד און פֿון בוכאַרער מין.
די יורשים, אָן ירושה שוין, פֿון פּוילן,
פֿיל בלאָנדע און אויך נעגערישע קעפּ,
פֿיל רוסישע, פֿון רוסלאַנדס אַלע טיילן,
וואָס זינגען נאָך ביז הײַנט דאָס ליד פֿון סטעפּ.
און איצטער קומט דער גיהנום־ייִד, פֿון פֿײַער,
פֿאַרשׂרפֿעט זײַן נשמה און געמיט...
מיט גלות־קראַך, מיט חורבן אַ צושטײַער —
צו מיר, צו דיר... עס קומט דער גיהנום־ייִד.
ער רעדט נישט הויך, ווי אויסדרעסירט פֿון וועמען,
דאָך ברענגט ער שרעק דעם רוּיִקסטן געמיט...
אַך! מיר פֿון דאַנען זאָלן עס פֿאַרנעמען
און אָפּצאָלן דעם חוב פֿאַר מענטש און ייִד.
מיר מוזן זײַן הכנעהדיק, געדולדיק,
און אויסהערן די מעשׂיות, ווי אַ שטראָף...
מיר זײַנען דאָך מיט דעם אַליין שוין שולדיק,
וואָס אונדז האָט אויסגעמיטן אַזאַ סוף.

— ג —

מיט שוידער בין איך פֿול און אָנגעלאָדן
און יעדן טאָג אַלץ מער... און גרוס נאָך גרוס...
פֿאַרשאָלטן איז אייראָפּעס גאַנצער באָדן,
אין בלוט צעווייקט, ווי נאָך אַ רעגנגוס.
די רעשטלעך פֿון די אונדזערע קהילות,
בלויז איינער פֿון אַ גאַס צי פֿון אַ שטאָט...
זיי ברענגען נישט־געשריבענע מגילות
פֿון מענטש דערוואָרגענעם אין שמוץ און שפּאָט.
אָט די, געראַטעוועט פֿון דעם רוצח,
זיי ווייסן שוין געַנוי, וואָס לעבן איז...

אַז מענטש, וואָס קריגט אין האַנט אַ ביסל כּוח,
ער וועט די וועלט צעטרעטן מיט די פֿיס.
די שיינע קונסט מעג זשאַווערן און שימלען,
די דיכטערס האָבן גאָר ניט אויפֿגעקלערט.
מע האָט שוין צו פֿיל מיט די בלויע הימלען
פֿאַרדעקט די שוואַרצע בלאָטעס אויף דער ערד.
ווי בלייך געוואָרן זײַנען אַלע פֿראַגן
פֿון ביכער פֿיל, פֿאַרשריבענע פּאַפּיר:
אַ פּופּצן־יעריקער באַפֿרײַט פֿון לאַגער
קאָן מערער איצט דערציילן ווי שעקספּיר.

— ד —

פֿון אונדזער פֿאָלק האָט דײַטש פֿאַרסמט אַ דריטל,
פֿון יעדע דרײַ געבליבן זײַנען צוויי...
אַ קללה פֿאַר דער וועלט איז נישט קיין מיטל —
דאָך שילטן מוזן מיר, מען מוז אַזוי.
מײַן פֿרײַנד, פֿון יענע אָפּגעמעקטע גאַסן,
מײַן שותּף איצט צו יעדן צער און פֿרייד,
וואָס קאָן אונדז מער פֿאַרבינדן און פֿאַרקנסן
ווי אונדזער קדיש זאָגן זאַלבעצווייט?
דאָס איז שוין נישט פֿאַר ווערטער צו באַקלאָגן,
פֿאַר צײַטונגען און ביכער מאַטעריאַל.
אַ שטורעמווינט זאָל אַלע שטעט צעטראָגן
און איבערלאָזן, ווו אַ בוים, אַ קוואַל.
דאָס איז שוין נישט קיין טרויערליד צו וועבן,
צו שרײַבן אַן עלעגיע, אַ פּאָעט.
די ערד האָט זיך באַדאַרפֿט אַ טרייסל געבן
און איבערקערן זיך אין איר פֿאַרנעם.
אָט איז דער ים... אַ רויִקער, אַ גלאַטער,
די צײַט וועט אויך דעם חורבן מאַכן גלאַט...

און דײַטש וועט זײַן אַ בירטרינקער, אַ זאַטער,
און פֿעלקער — הינט... און אונדזער — נע־ונד...

— ה —

מײַן פֿרײַנד, מײַן הערשל הימעלפֿאַרב, געטרײַער,
מיר זײַנען שוין נישט יונג און נישט נאַיִוו...
דאָך שמועסן מיט דיר איז האַרציק טײַער —
מיט דיר בײַם ברעג פֿון ים אין תּל־אָבֿיבֿ.
נאָר אָפּט און אָפּט דערלאַנג איך, ווי אַ ציטער,
אַט גלאַט אַזוי, אין מיטן, אין די רייד
דערפֿיל איך: עמעץ פֿעלט. עס פֿעלט דער דריטער.
עס פֿעלט דער דריטער ייִד, וואָס ער איז טויט.
און ווּ מיר קומען איצט און ווּ מיר זיצן,
מיר ריידן גאָר אַ סך פֿון דריטן ייִד.
מיר ברענגען זײַנע חכמות, זײַנע וויצן...
דער דריטער ייִד — זײַן אויסזען, זײַנע טריט.
ער איז נישטאָ, ער איז אַוועקגעקומען
בײַ מאַן און פֿרוי, בײַ ברודער און בײַ קינד.
ער פֿעלט, דער דריטער ייִד, צו אַ מזומן.
ער פֿעלט, ער פֿעלט אין יעדער הויזגעזינד.
עס טרעפֿט אַזוי: מיר הערן־אויף צו ריידן
און עפּעס צוימט די פֿרײַקייט פֿון די טריט.
צווישן מיר און דיר, צווישןביידן,
גייט־מיט מיט שאָטנטריט דער דריטער ייִד.

— ו —

מיר וויסן נישט, וואָס פֿילן קליינע פֿויגל,
ווען אויסגעהאַקט געפֿינען זיי דעם וואַלד.
די ביימער ליגן טויטע אויסגעצויגן
און פֿון ליידיקייט אַ שרעק באַפֿאַלט...

געווען איז דאָס אַן אַלטער וואַלד, אַ נאָנטער,
און רוישן האָט ער ליב געהאַט אַ סך,
געווען איז היימיש אין דעם צווײַגן־פּלאָנטער,
אַן אַלטער וואַלד האָט זײַן נשמה־שפּראַך.
געווען איז זון, געווען נישט ווייניק שאָטן,
געווען איז רעגן, שניי און קאַלטע פֿרעסט,
געווען אַ נעסט, פֿיל צײַט אַליין געקנאָטן
און פֿייגעלעך גאָר פּיטשינקע אין נעסט.
געווען איז קלאַנג, אַן עכאָ איז אַריבער,
אַ ווידערקול האָט ערגעץ ווו געשאַלט.
און איצטער בלויז אַ טאָל מיט גריבער...
נישטאָ שוין מער, נישטאָ שוין מער דער וואַלד.
מיר וויסן נישט, וואָס נאָנטע מענטשן פֿילן,
ווען זיי פֿאַרנעמען, וואָס עס איז געשען,
נישטאָ נאָך אַלץ אַזעלכע דיקע ברילן,
מע זאָל דורך זיי דעם עלנט נישט דערזען.

— ז —

דערמאָנען איצט מײַן אייגענע משפּחה?
צי ריידן וועגן דײַנע קרובֿים... סתּם.
ווען ביידע זײַנען מיר אַזוי צעבראָכן,
איז גלײַכער שוין צו קוקן אויפֿן ים.
נו, קוק זיך אויס די צוקונפֿטיקע צײַטן —
איך שמייכל און איך גלייב דיר אויפֿן וואָרט:
פֿון ערגעץ ווו וועט קומען ווען צו רײַטן
אַ מאַן אַזאַ, אַוודאי מיט אַ באָרד.
דערציילן וועט דער מאַן אַ שיינע מעשׂה,
פֿון פֿרײַהייט און פֿון גלײַכקייט אַ געזאַנג...
געווען איז ווען אַ שעפּסעלע, אַ ווײַסע,
מיט ווייכער וואָל און שעפּסענעם געדאַנק...

קיין פֿרײַהייט איז נישטאָ, רק מערדערס פֿלינקע,
דאָס שעפּסעלע אַליין טראָגט אויך אַ קייט.
דערצייל איר נאָר אַ ביסל פֿון טרעבלינקע,
וועט זי נישט מעקען מער פֿון גליק און פֿרייד...
איז בעסער שוין צו שווײַגן און פֿאַרצײַען
דאָס ביטערניש פֿון רויך, פֿון ציגאַרעט.
און קוקן אויף די מעוועס, ווי זיי פֿלײַען
און טונקען זיך אין ים אַרײַן ביז שפּעט...

— ח —

אַך, מיר פֿאַרעלנטע, און אויסגעליטן,
מיר אָפּגעזעגנטע אַצינד מיט פֿרייד...
פֿון וואָס מיר ריידן נישט, איז מענטש אין מיטן,
צי איז ער טאָקע ראוי פֿאַר די רייד?
און וואָס איז דער צי יענער פֿאָלקס־פֿאַרפֿירער?
און פֿאָלק אַליין? וואָס איז דאָס אַלצדינג ווערט?
יאָ, פֿאָלק אַליין, וואָס העלפֿט דאָס שלעכטס רעגירן...
דאָס גרעסטע רעטעניש אויף אונדזער ערד.
דער מענטש... פֿון אים אַליין אַזוי פֿיל צרות:
פֿון ערד געבענטשטער מאַכט ער קבֿרים פֿיל,
פֿאַרברענט זײַן היים און קריכט־אַרײַן אין נאָרעס,
האָט אַקערפֿעלד און לאָזט נישט גיין די מיל.
צי גילטן ווידער נישט די אַלטע כּללים,
דער אַלטער צער פֿון חכם, פֿון אַמאָל —
פֿון ווײ און וויסט און פֿון הבֿל־הבֿלים...
דער מענטש אַליין באַשאַפֿט דעם יאָמערטאָל,
עס איז פֿאַר אים אַ קנאַפּע נפֿקא־מינה:
דו לערן אים, דו שילט אים אָדער בענטש...
עס וועט שוין זײַן אַזוי... די מענטשן־שׂנאה
וועט סוף־כּל־סוף פֿאַרענדיקן מיט מענטש.

— ט —

די פֿרוי, וואָס זיצט לעם אונדז, איז אַ שאַטינע,
די האָר קאַרבירט, די שטײַפֿע ליפּן רויט...
די נעגל מאַניקירט, די פֿינגער לאַנגע, דינע,
און אײדל ליגט אויף איר דאָס נײַע קלייד.
דאָס איז אַ גאַסט, אַ גאַסט פֿון בעלזן־בערגן,
וואָס איז אַדורך דעם גיהנום ביז ראָפּ...
זי ווייסט, וואָס הייסט דערשטיקן און דערווערגן
און אויסרײַסן די גאַנצע האָר פֿון קאָפּ.
זי ווייסט די הונגער־ווייען ביז פֿאַרשטאַרבן,
די הענט, די פֿיס, ווי פֿרעמדע הויט און ביין.
מקנא שוין געווען דעם מענטשנס שאַרבן,
וואָס וואַלגערט זיך בײַם טיר דאָרט ווי אַ שטיין.
איצט האָט זי אַלץ. זי האָט דאָ רײַכע קרובֿים,
אַ רויִק היים און אָפּעסן צו זאָט...
זי וויל זײַן שיין... זי וויל איצטער יום־טובֿים.
און אפֿשר איז דאָס אַלץ אַ מאַסקאַראַד?
זי רעדט נישט אַלע מאָל פֿון שוואַרצן דאָרטן,
זי איז מיט גלײַכע גלײַך און טוט זיי נאָך...
זי קומט אין קרײַזן פֿיל און שפּילט אין קאָרטן,
און גייט אין קינאָזאַל צוויי מאָל אַ וואָך.

— י —

דאָך נעכטן האָט זיך איר דער אייערנעכטן
דערמאָנט מיט אַלע זײַנע וויסטע שרעק
און זי האָט אונדז בײַם טיש גענומען פֿלעכטן
אַ נעץ פֿון טויט און פּײַן... עס איז אַוועק.
איר מאַן האָט שנעל דער טיפֿוס צוגענומען...
און שפּעטער... פּלוצלינג... טריט אין קאָרידאָר:
די קינדער־כאַפּערס זײַנען אָנגעקומען

און צוגערויבט די זיבן בלאָנדע יאָר...
דאָס יונגע לעבן האָט שוין טויט פֿאַרשטאַנען,
עס האָט זיך אײַנגעפּרעסט אין מאַמעס הענט...
אין אַשוויענטשים און אפֿשר אין מײַדאַנעק,
זי ווייסט נישט ווו זיי האָבן עס פֿאַרברענט.
איך קום דאָ בלויז רמזים אָנצודײַטן,
נישט אויסשרײַען דעם שוידער מיט אַ מאָל —
מיר זײַנען אויפֿן באַרג געווען, פֿון ווײַטן,
ווען זיי האָט מען דאָס לײַב געברענט אין טאָל.
אַ מאַמע וועט אַזאַ שוין מער נישט וויסן,
וואָס נחת איז, וואָס ליכטיקער געדאַנק...
קיין טרערן וועט זי מער שוין נישט פֿאַרגיסן:
זי האָט שוין אויסגעוויינט דאָס האַרץ פֿון לאַנג...

— יא —

ווי געטאָ האָט מיט לעבן זיך געוואָרגן —
מע האָט געביסן זיך דאָס לײַב ביז ווײ...
נישט זיכער איז געווען די שעה, דער מאָרגן,
און יעדער טריט און זעלנערשער געשריי...
גענאָמענט זיך אין טויטשפּאָס: „חבֿרה שטאַרבערס״.
נישטאָ מער קיין רחמנות פֿאַרן ייִד...
די דײַטשן, ווי די וועלף און ווי די שפּאַרבערס —
זיי האָבן די קרבנות שטאַרק געהיט.
מען האָט אויך ערגעץ ווו אַ סך געטרונקען,
פֿאַרשיכּורט זיך פֿון יאוש און פֿאַרדרוס.
און אויף צו־להכעיס אַלעמען געזונקען
אין לעסטער און משונהדיקן זנות.
מען האָט אויך חופּות פֿיל געשטעלט אין געטאָ:
(מע האָט דערציילט און איך פֿאַרשרײַב)
אַ שותּפֿות אָנגעגרייט זיך אויף דעם שפּעטער:

מע זאָל פֿאַרברענט ווערן, ווי מאַן־און־ווײַב.
די פֿרוי דערציילט גאַנץ לאַנג. מיר אַלע הערן
און אַלע וויינען ביסלעכווײַז זיך אויס.
בײַ גאָט! מיר האָבן זייער ווייניק טרערן.
און וואָס? און ווען? וואָס קומט דערפֿון אַרויס?

— יב —

די געטאָ ברענט... אַ מחנה אוקראַיִנער
באַלאַגערן אַ ניט־געברענטע הויז
און איינער אַ כאָכאָל [1], דעם שדס באַדינער —
ער שפּרינגט־אַרײַן אַהין און שפּרינגט־אַרויס.
אין האַנט בײַ אים, טריומפֿירנד אויפֿגעהויבן,
אַ גרויער קאָפּ פֿאַרבלוטיקט אין זײַן האַנט...
אַ פֿרייד בײַ די, וואָס הרגענען און רויבן,
זיי שרײַען ווילד, אין שיכּורן פֿאַרשטאַנד.
אַ קאָפּ, אַ ווײַסע באָרד מיט רויטע פֿלעקן,
אַ קאָפּ בײַ שוועלן יִידישע און טיר.
די פֿלאַמען פֿון דער שׂריפֿה — זיי באַדעקן
די פֿרישע צייכנס בלוט מיט פֿלאַמקאָליר.
די אויגן צוגעמאַכט, נישט אָנצוקוקן
אַ וועלט אַזאַ אַפֿילו טויטערהייט...
די געטאָ ברענט. די פֿײַערן פֿאַרצוקן,
וואָס דורות פּראַצע האָבן צוגעגרייט...
און איבער אַלץ דער קאָפּ פֿון ייִד, פֿון אַלטן...
בײַם שרײַ אין דער האַנט דער גרויער קאָפּ.
מיר הערן־אויס, דעם אָטעם אײַנגעהאַלטן,
מיר הערן־אויס און זינקען טיף אַראָפּ...

---

[1] (צונאָמען) אַ גראָבער נפש, אַ געמיינער יונג.

— יג —

דער קאָפּ, דער קאָפּ פֿון אומבאַקאַנטן ייִדן:
געווען אפֿשר אַ בקי אין דעם ש״ס?
אַן עמך־מענטש, באַנוגנט און צופֿרידן,
און אַלע צרות אָפּגעיאָגט מיט שפּאַס...
אַ גערער צי אַ פֿרײַנד פֿון אַלעקסאַנדער,
אַ מאָזשיצער [2], אַ חסיד מיט אַ ברען...
אַלץ איינס פֿאַר אונדז, פֿון וועלכן וועג און וואַנדער,
אַלץ איינס פֿאַר אונדז... אַ ייִד איז ער געווען.
דער קאָפּ פֿון אונדזער גאַס, פֿון אונדזער מזל.
אַ קרבן־־קאָפּ... און דור אַזוי נאָך דור:
די זעלבע און די זעלבע עולם־הזה:
אַ רויטע, אַ פֿאַרבלוטיקטע ביז גאָר.
פֿון ראַנגלען זיך פֿאַר לעבנס אַ מינוט...
און טויט איז, ווי אַ חיה, ווילד געקראָכן
און אָפּגעטאָן, וואָס ווילדע חיה טוט.
דאָך איין מאָל דורך אַ נס, דורך טויזנט ניסים:
אַ צלם אָנגעטאָן, מע זאָל נישט וויסן,
זי איז אַריבער אויף דער צווייטער זײַט...
און אָפּגענאַרט די וועלט, די פֿײַנע לײַט.

— יד —

וואָס ווייסן מיר דאָ פֿון אַזעלכע זאַכן,
ווען גאַנצע גאַסן וואַרטן אויפֿן טויט...
ווען כּוח שפּילט און שפּילט זיך מיט שוואַכן
ביז יעדער לוסט צו אָטעמען פֿאַרגייט.

---

[2] נעמען פון פאָפּולערע חסידישע הויפן, יעדער מיט זײַן שם אויף אַ ספּעציעלן פעלד, ווי מאָזשיצער, למשל, אין נגינה ממעמקים.

ווען קינדער־וויגן שטייען פֿאַר די אויגן
און זיי, די קינדער, זײַנען שוין נישטאָ...
ווען שרעק האָט אַלץ און אַלעמען געבויגן:
די שעה, זי קאָן דאָך זײַן די לעצטע שעה.
דאָס לעבן לאָקט אין רײַכקייט און אין שימל —
דער הייליקסטער און שרעקלעכסטער אינסטינקט:
און שרײַ... די אויגן זעען נאָך דעם הימל,
ווען גוף אין שוואַרצער טיפֿעניש פֿאַרזינקט.
אַ וועלט געווען אַ שלעכטע צי אַ גוטע...
משפחה איז געווען מיט גאָט און היים.
און איצטער — ווי געוואָרן איז דאָס בלוטיק,
אַ דונער איז אַרײַן אין אַלטן בוים.
אַ רגע זיך פֿאַרטראַכטן און פֿאַרקלעמען
און אויסהערן מיט ציטערניש די רייד...
וואָס וויסן מיר, וואָס קאָנען מיר פֿאַרנעמען,
ווען גאַנצע גאַסן וואַרטן אויפֿן טויט?

— טו —

געווען אין וואַרשע דאָרט אַ געסל מילע —
פֿון נאַלעווקעס און מוראַנאָוו נישט ווײַט.
אַ געסל אַ פֿאַרשאָטנטע, אַ שטילע —
האָט געסל זיך דערוואָרט אַן אַנדער צײַט.
דאָרט איז דער פּונקט, דער זאַמלפּונקט געוואָרן,
דאָס בירזשעפּלאַץ פֿאַר ייִד און ייִדנס טויט.
פֿאַר אונדזער דור... פֿאַר טאַטע־מאַמעס יאָרן,
און קומט... מען הייסט... די בירזשע איז שוין גרייט.
איז מען געגאַנגען פֿרי צו דער עקדה
און אויסגעשטעלט זיך אויף דער שמאָלער גאַס —
מיט קינד־און־ווײַב, מיט גרויע באָבע־זיידע,
געבראַכט אַליין די לעבנס פֿאַר דעם גאַז...

אַן אָפּיציר, אַ דײַטש מיט אַ מאָנאָקל,
אַ שלאַנקער סלופּ, אַן אויסדרעסירטער ספּינקס...
די האַנט — אַ צי מעכאַניש און אַ שאָקל
און ייִדן אײַנגעטיילט אויף רעכטס און לינקס.
אויף רעכטס באַטײַט: דערווײַלע נאָך צום לעבן.
אויף לינקס באַטײַט: נישט קומען מער צוריק...
דער דיכטער קאָן דאָ מער פֿון זיך נישט געבן.
דער טײַך, דער בלוטיקער, איז אַן אַ בריק,

— טז —

ווי קינדער רײַסן זיך — פֿון מורא — צו די מאַמעס,
ווי מאַמעס ווילן נישט פֿון קינד אַוועק...
זאָל גאָט מיך נישט באַשטראָפֿן, וואָס איך גראַם עס,
איך קום געננוג שוין אָפּ אין מײַנע טעג.
מען ווייסט שוין אַלץ... נאָר די וואָס ווילן וויסן,
ווי ווײַט דער מענטש איז איצט קיין מענטש נישט מער —
די טאָרן זיך אין ערגעץ נישט פֿאַרשליסן
און אויסהערן און איבערקרענקען שווער.
מיר דאַרפֿן זיי, אַ טייל פֿון די נגישות,
אַ ביסל סם פֿאַר אונדזער פֿרייד און לוסט...
אַ חושך אויף דער וועלט פֿאַר אַלע רשעות,
אַ קראַך אַזאַ וואָס איז נאָך נישט באַוווסט,
דאָס פּנים זאָל דאָס מענטשישע פֿאַרשווינדן...
דו, חיה־מענטש, זאָלסט גיין אויף אַלע פֿיר.
און טיגערס זאָלן ווילד דײַן גוף צעשינדן.
קיין זכר זאָל נישט בלײַבן מער פֿון דיר.
אַ וועלט אָן מענטש... אין זון און טוי געבאָדן,
מיט גרינס צעוואָקסענע, מיט וואַלד און פֿעלד.
איך זע, ווי אָדלערס מאַכן קאַראַהאָדן...
אַ וועלט אָן מענטש... אַ ווונדערלעכע וועלט.

— יז —

די פֿרוי, וואָס זיצט מיט אונדז, איז אַ שאַטינע,
און ניט סעמיטיש זעט איר פּנים אויס,
און דאָס האָט איר געהאָלפֿן צו געפֿינען
אַ פּלאַץ, אַ צימער אין אַ קריסטלעך הויז.
מע פֿלעגט דאָרט ריידן אָפֿט און ווען דערמאָנען
די געטאָס מיט די ייִדן און דעם בראַנד...
די ווירטין די — זי פֿלעגט מיט האַס באַטאָנען,
אַז דײַטש, דאָס איז מנוול, הונט... און דאָך:
זי וואָלט אַליין די ייִדן נישט דערשאָסן
און נישט פֿאַרברענט זיי לעבעדיקערהייט —
נאָר אויב דער דײַטש האָט שוין די זאַך באַשלאָסן —
טאָ זאָל שוין זײַן, אַזוי ווי דײַטש פֿאַרשטייט...
אַ ייִדישקע אַזאַ, וואָס טראָגט אַ צלם
און האַלט אין דאַמענטאַש אַ פֿאַלשן פּאַס...
וואָס קאָן זי מאַכן מיט דעם בייזן עולם
און מיט די שטימונגען פֿון שענק און גאַס?
פֿאַראַן אויך אפֿשר בעסערס צו דערציילן,
ווען קריסט האָט זיך פֿאַר ייִדן אײַנגעשטעלט.
פֿאַראַן אַ הײַפֿל גוטע לײַט אין פּוילן,
ווי אומעטום אין אונדזער שלעכטער וועלט.

— יח —

דערנאָך האָט ווער דעם סוד אַרויסגעגעבן
און ווידער איז זי הפֿקר, אומבאַשיצט:
אַ שפּײַ אין פּנים איר פֿאַר וועלן לעבן
און קלעפּ. זי האָט סימנים נאָך ביז איצט.
דערנאָך געשלעפּט זי אין די טויט־טראַנספּאָרטן,
זי האָט שוין נישט געפֿילט און נישט געהערט...
זי איז געשטאַנען שוין בײַם אויוון דאָרטן...

און נישט אַרײַן... אַזוי איז עס באַשערט.
דערנאָך איז זי מיט נאָך אַזעלכע פֿרויען,
וואָס יעדע האָט געהאַט אין האַרצן בלײַ...
געזעסן און גענייט אין אַלע שעהען
אַ באַרג מיט וועש פֿאַר היטלערס זעלנערײַ.
דערנאָך פֿאַרריכט פֿאַרבלוטיקטע שינעלן,
וואָס זײַנען אָנגעקומען פֿון דעם פֿראָנט,
מיט קוילן־לעכער, מיט ריסן פֿון שראַפּנעלן
און דאָס האָט שוין נקמה זיי דערמאָנט.
דאָך ווען אַ פֿרוי פֿלעגט אַרבעטן נישט קאָנען —
פֿון הונגער קראַנק אַראָפּלאָזן די הענט...
איז זי געגאַנגען דעמאָלט צום פֿאַרברענען —
אוי, וויפֿל, וויפֿל האָט מען זיי פֿאַרברענט!

— יט —

דער טויט איז מיטגעגאַנגען מיטן שפּרײַזן.
אויף רעכטס געווען, אויף לינק געווען דער טויט.
אין אַרבעטן, בײַ עפּעס אַ פֿאַרגרײַזן,
אין אָפּוואַרטן דאָס שטיקל דאַרע ברויט.
אַ שותּף און אַ שטענדיקער מחותּן,
אַ גאַסט געווען פֿון יעדן טאָג און וואָך.
דאָך נישט באַליידיקן דעם טויט, דעם גוטן:
ער האָט נישט איינעם אויסגעלייזט פֿון יאָך.
דער טויט האָט אויכעט זײַניקע קאַפּריזן,
ער האָט עקשנות אין זײַן שוואַרצן פּלאַן,
ער האָט גענומען פֿיל ער האָט באַוויזן —
דאָך אויסגעמיטן אָפּט אַ פֿרוי, אַ מאַן.
די פֿרוי, וואָס זיצט מיט אונדז בײַם טיש אין מיטן
און רעדט־אַרויס יסורים און געפֿאַר...
זי איז פֿון די, וואָס טויט האָט אויסגעמיטן —

נאָר זי אַליין באַדאַנקט אים נישט דערפֿאַר.
דער לעצטער וועג פֿון אירע בלוט־עטאַפּן...
אין בערגן־בעלזן... אירע יאָרן צוויי.
דאָרט פֿלעגן הינט די שוואַכע פֿרויען כאַפּן
און בײַסן־רײַסן שטיקער פֿלייש פֿון זיי.

— כ —

די פֿרוי דערציילט, זי האָט וואָס צו דערמאָנען,
ווי יעדן אָוונט האָט מען זיך געטראַכט:
צי וועט דער טויט דאָס לעבן הײַנט נישט מאָנען?
צי איז די נאַכט שוין נישט די לעצטע נאַכט?
פֿון אַלע זײַטן הערן זיך געשרייען:
מען פּײַניקט איינעם און מע פּײַניקט צוויי,
מע שרײַט פֿון שרעק און פֿון די לעצטע ווייען,
די לופֿט אַליין נעמט שרײַען פֿון געשריי.
דאָס שרײַען האָט געמישט זיך מיט אַ לאַכן
פֿון די תּלינים, וועלכע קוועלן־אָן...
מע האָט גערופֿן גאָט אויף אַלע שפּראַכן
און הימל האָט אַ ציטער נישט געטאָן.
מע האָט ביז גסיסה קרעכצנדיק גערופֿן,
די קולות האָבן וויַטלעך זיך פֿאַרשפּרייט
און מיטגעטראָגן ווייטיק פֿון די גופֿן,
פֿון ביינער אײַנגעבראָכענע ביז טויט.
און נאַכט נאָך נאַכט: נגישות און געבעטן,
פֿאַרפּײַניקטע און פּײַניקערס, ווי הינט,
און שוידער... שרעק... וואָס צײַט וועט נישט פֿאַרגלעטן:
אין מיטן נאַכט דאָס שרײַען פֿון אַ קינד.

— כא —

די מאַמעס פֿון דער וועלט — זיי וואָלטן קלאָגן,
די אַלע מאַמעס פֿון דער גאַנצער ערד,
ווען ערגעץ ווו און ווען וואָלט ווינט פֿאַרטראָגן
אַזאַ געשריי, וואָס לאַגער האָט געהערט.
מע פּײַניקט דאָרט אַ מענטשעלע, אַ שלאַפֿן,
אַ קינד האָט קוים געשריגן: „מאַמע, גאָט!“
אַ שטאָך, אַ שאַרפֿער שניט אין וועלטס באַשאַפֿן,
אַן אויסוואָרצלונג פֿון יעדן מין געבאָט.
דערנאָך האָט שטילקייט אַלץ אַרומגענומען,
ווי טרערן שטיל פֿון אַ פֿאַרשטיקט געוויין.
אויב טויט האָט קינד און קרבן צוגענומען,
איז טויט געווען די הייליקייט אַליין.
מע האָט געהערט אויף פּויליש: יעזוס מאַריאַ!
און דעם פֿראַנצייזישן מאָן דיע — מײַן גאָט!
אין נאַכט אַרײַן געשריגן האָט פּאַריער,
מע האָט געהערט דעם רוסישן האָספּאָד!
דאָך מערער פֿלעגט מען שרײַען שמע ישׂראל!
נאָר אַלע רופֿן זײַנען שוואַך געווען.
זיי האָבן דעמאָלט נישט דערגרייכט צום גואל
און נס און ניסים זײַנען נישט געשען.

— כב —

זי האָט געזען פֿיל שאָטנס־סילועטן
מיט בליקן גלי׳ענדע פֿון ערבֿ טויט.
פֿיל טויטע און נישט־טויטע, פֿיל סקעלעטן,
און זי אַליין איז אויך געווען שוין גרייט.
זי האָט געזען געשטאַלטן ווײַסע, בלאַסע,
צעביסן פֿון די ווערעם, פֿון די לײַז...
פֿיל קינדער אָנגעשטעקטע מיט חולאַתן

ווי די קראָליקעס אָדער ווי די מײַז.
די מעדיצין צו מאַכן טיפֿער, רײַכער,
די וויסנשאַפֿט זאָל אויפֿטאָן, וואָס זי וויל...
האָט מען געשניטן לעבעדיקע בײַכער
און אויסגעפּרוווט אַ גיפֿטיקן באַציל.
ווער קאָן עס איצט מיט בלוט אַפֿילו מאָלן
די אַלע שרעקן פֿון דעם לאַגערשטאַל.
זי האָט געזען פֿיל פֿרויען אָנגעשוואָלן
און קרום און שטום און מאָדנע אומנאָרמאַל...
אַ טויטפֿאַבריק מיט אַלע מינים קליענטן,
פֿון קינדער קליינע ביז דעם גרויען מאַן.
אַ שעכטהויז מיט די אַלע עקספּערימענטן,
געמאַטערט און געממיתט מיט אַ פּלאַן.

— כג —

און אין דער פֿרי פֿלעגט אָנקומען אַ וואָגן
און צונעמען די מתים, ווי אַ מיסט...
מע איז געשטאָרבן, ווײַל מע האָט געשלאָגן
און ווײַל מע איז געווען הפֿקר, וויסט.
מע איז פֿון הונגער לאַנגזאַם אויסגעגאַנגען,
געשאָקלט זיך, געפֿאַלן פֿון די פֿיס.
אַ האַנט איז ווי אַ שטריק אַראָפּגעהאַנגען
און ציינער קריצן: כאַטש אַ קליינעם ביס.
אין קאָפּ צעגליטן איז מיראַזש געווען
און פֿאַר די אויגן שפּרינגען אַלע שפּײַז.
עס שפּרינגען חלות, פֿליישן, מאַיאָנעזן
און פּלוצלינג גאָר אַ טעלער פֿול מיט רײַז.
אין קאָפּ צעהיצטן שפּרינגען אַפּעלסינען
און עפּעלעך געראָוויטלטע ביז רייץ...
אָט זעט זיך נאָענט אַ שאַכטל מיט סאַרדינען

און עמענטאַלער קעזן פֿון דער שווייץ.
דער טויט האָט זיך געבעטן, ווי אַ טובֿה,
געררופֿן אים, געוואַרט, ווי אויף אַ נס.
און אַנדערע — זיי האָבן בגנבֿה
געשניטן שטיקער פֿון אַ פֿרישן מת.

— כד —

די פֿרוי דערציילט, זי וויל מע זאָל זי הערן,
זי טיילט זיך מיטן גיהנום, וואָס אין איר...
און איך, איך וויל אַנטלויפֿן און נישט ווערן,
איך קוק, ווי אויף אַ רעטונג, צו דער טיר.
ווי לויפֿט מען אָבער איצט פֿון די קאַשמאַרן?
ווו נעמט מען רעכט אַוועקצוגיין פֿון זיי?
נישט איבערקליגן זיך און נישט געגנאַרן...
אין שווייגן איז דאָס אויכעט אַ געשריי.
עס שרייט און עס צעטרייסלט די נשמה...
אַרויסגעראַטעוועט אַ ביסל טעג
און שלעפּ זיך מיטן חורבן אָן נקמה.
דער שרעק — דאָס איז נאָך נישט דער לעצטער שרעק.
מיר האָבן די פֿאַרברעכנס פֿאַר די אויגן,
פֿאַר אונדזערע געפֿילן און פֿאַרשטאַנד,
און מענטש, ווי ווייט ער איז, ער מוז דאָך בויגן
דעם קאָפּ זײַנעם פֿון נישטיקייט און שאַנד.
דאָך וויפֿל נישטיקע זיי זוכן תּירוצים
און מײַדן־אויס דעם אמתן פּסק־דין:
און ווען וועט עס ראַטעווען און נוצן?
דאָס פּײַניקן און מאַטערן דעם זין...

— כה —

פֿאַרגעסן זאָלן ווערן די פּאָעטן,
וואָס וועלן גיין פֿאַרבײַ און נישט דערזען.
אַזוי פֿיל בלוט מיט ביינער און סקעלעטן,
אַזוי פֿיל בלוט פֿאַר שרײַבערישער פּען.
אין יעדן ליד, וואָס וועט זיך לאָזן הערן,
זאָל אָפּהילכן טרעבלינקעס אַן אַקאָרד.
פֿון יעדן בילד, וואָס וועט געמאָלן ווערן,
זאָל רינען בלוט פֿון דעם מײַדאַנעק־מאָרד.
נישטאָ קיין פֿייעס מער און קיין מלאָכים,
נאָר קינדער, קינדער־מאָרדן קאַלט און פֿרעך,
נישטאָ פֿאַר קיינעם שוין, נישטאָ קיין שבֿחים,
נאָר קללות שוואַרצע, ווי דער סמאָלע־פּעך.
נישטאָ קיין אויסגעטראַכטע עלדאָראַדאָ,
בלויז מערדערוועלט... קיין רחמים איז נישטאָ...
און דער, וואָס איז צום יאוש זיך מתוודה —
דער וועט שוין שילטן ביז זײַן לעצטער שעה.
זאָל טרינקען ווײַן און שיכּורן דער עשׂו,
און פֿרעסן זאָל ער ביז דעם איבערזאַט...
נאָר אויב אַן איינער וועט מיט „מענטש" זיך גרויסן —
זאָל אים די צונג פֿאַרדאַרן ווי אַ בלאַט...

— כו —

פֿון מענטשן מאַכן זיי אַ שפּיל פֿאַר שעכטערס,
פֿון טויט — אַן ערבֿ־טויט, מיט פּײַנען — ווילד...
פֿון צווייטנס קרעכץ — אַ הילכיקן געלעכטער,
פֿון ייִדיש מאַסנמאָרד — אַ קינאָ־בילד.
מע וועט דערציילן און מע וועט פֿאַרשרײַבן,
די פֿאַקטן וועלן ווערן רעגיסטרירט.
נאָר וועלטן מיט יסורים וועלן בלײַבן

פֿון דיכטערס נישט באַנומען, נישט באַרירט.
וואָס מיינען זיי, די פֿעלקער? ווידער זינגען?
און ווידער קונסט? און ווידער דזשענטעלמען?
און רויק, ווי אַ קאַרש אַרונטערשלינגען
דעם אונדזער בראָך... ווי גאָר נישט וואָלט געשען.
וואָס מיינט די וועלט? געווען און שוין פֿאַרשוווּנדן?
זיך אָנגעטרונקען מיט די טײַכן בלוט...
דעם שוואַרצן פּראָטאָקאָל שוין אײַנגעבונדן,
און איצטער מעג מען ווערן פֿרום און גוט.
פֿון אַש אַרויס אויף אײַך די קינדער־בליקן,
די טויזנטער פֿאַרסמטע און פֿאַרברענט...
פֿון אַש אַרויס די הענט, וואָס זאָלן שטיקן,
אויף אײַך — די הייליקע מיליאָנען הענט...

— כז —

איז דאָס מײַן וועלט פֿון זינגען און באַזינגען?
און ליב האָבן דעם טאָג, ווי גאָטס געשאַנק...
איך מאַטער קאָפּ און קאָן זיך נישט באַצווינגען...
נישטאָ כאָטש איין באַלויכטענער געדאַנק.
איך בין פֿאַרפֿולט מיט שרעק אין די מעת־לעתן,
מיך ווערגט דער טויט אין זײַן מיליאָנען־צאָל...
די לעבנס... נישט פֿון חיות אויפֿגעפֿרעסן
און נישט פֿון פּעסט געפֿאַלן מיט אַ מאָל.
נאָר דײַטש האָט קאַלט, מיט חשבון און מיט ראַטעס,
געזאַמלט זיי, די אונדזערע פֿון דאָרט,
גענוי באַשטעלט די שעהען און די דאַטעס,
און ראַפּאָרטירט דעם אויסגעפֿירטן מאָרד.
אַ פּחד טראָגט פֿון מענטש, פֿון אַלעמען צוזאַמען,
מיט אַלע אויוונס, מיט דעם גאַז „ציקלאָן“...
האָט מען געפּרוווט מיליאָנען צו פֿאַרסמען,

ווען מען דאָס זעלבע מאָרגן ווידער טאָן.
איז דאָס מײַן וועלט פֿון טרויען און פֿאַרטרויען
מיט חבֿרשאַפֿט, מיט ליד פֿאַר קינד און ווײַב...
פֿון פֿענצטער הער איך, ווי שאַקאַלן וואָיען,
און דאָס אַלץ, און אַלץ בײַ וואָס איך בלײַב...

— כח —

אַ פּחד טראָגט פֿון מענטש מיט זײַן דערפֿינדן,
מיט זײַנע פּראָפּאַגאַנדעס, וואָס ער קען
באַווײַזן פֿאַר אַ וועלט, אַ וועלט אַ בלינדער,
אַז ווײַסער שניי איז שטענדיק שוואַרץ געווען.
נאָך קיין מאָל האָט דער שקר נישט באַוויזן
צו גיין אַזוי אין מאַרש פֿון לאַנד צו לאַנד,
מיט ביקס און עראָפּלאַן, מיט טאַנקען־ריזן...
דער אַלטער שקר מיט געווער אין האַנט.
מע זוכט כּסדר בלוט, ווו צו פֿאַרגיסן —
אויף דעם דער כּוח און אויף דעם די מאַכט...
נאָך וויניק שטעט צעשמעטערט און צעריסן,
נאָך וויניק, וויניק לעבנס אומגעבראַכט?
אַ לײַדנשאַפֿט צו הרגענען און ברענען —
דער טײַוול ווייסט די קריגערישע לײַט...
און ווער ווער וועט וועמענס כּוח אָנערקענען?
און ווער וועט איבערלעבן מיט דער צײַט?
איראָפּע איז פֿאַרברענט, און איצטער יאַוואַ —
די באָמבן־טרעגערס זײַנען שטענדיק גרייט...
בלויז ער, דער איטשע־מאיר פֿון וולאָדאַוואַ,
האָט פֿײַנט געהאַט הריגה ווי דעם טויט...

— כט —

דער בחור, וועלכער שטייט אויף דער טריבונע —
ער זעט מיר אויס צו זײַן פֿון יענער וועלט...
און וואָס ער רעדט־אַרויס איז ווילד משונה...
עס שטיקט, עס וואַרפֿט פֿון היץ און קעלט...
מײַן ביאַליסטאָק, די שטאָט פֿון מײַנע נאָנטע...
אָט ווי אַ בוך, וואָס פֿאַלט־אַרײַן אין פֿלאַם,
די נעמען פֿון די קרובֿים, די דערמאָנטע,
און אַלע, אַלע צווײַגן פֿון מײַן שטאַם.
מײַן ביאַליסטאָק, מײַן שטאָט פֿון קאַמף און גלויבן —
איך זע דיך אין דעם עבֿר און געגנוי.
ווען פּושקין האָט זײַן וואָכיקייט דערהויבן
און טיף באַגײַסטערט האָט דיך לעוו טאָלסטאָי.
שוין דעמאָלט — דאַן, מיט פֿופֿציק יאָר אַריבער —
האָסטו לאָרד בײַראָנס לידער דעקלאַמירט.
און דאָרטן, בײַ משׂכּילים אין די שטיבער,
געלייענט שטאַרק וואָלטערן און שטודירט.
אַ שטאָט מיט נעמען פֿיל, מיט וועלט באַקאַנטע,
ר׳ שמואל מאָהילעווער — אַ גרויסער ייִד.
דער דאָקטער זאַמענהאָף מיט עספּעראַנטאָ...
מײַן שטאָט, מײַן ביאַליסטאָק, מײַן ערשטע ליד.

— ל —

מײַן שטאָט פֿון העלדן, רעוואָלוציאָנערן,
וואָס האָבן אויסגעקעמפֿט דאָס פֿינפֿטע יאָר.
די שטאָט פֿון וועבערס פֿיל, פֿון אַרבעט שווערע,
געהאָדעוועט אַזוי פֿון דור צו דור.
דער בחור איז דאָס אייניקל פֿון יענע
וואָס האָבן שטאַרק אין מענטש געגלייבט, אין גאָט...
און איצטער מאָלט ער אונדז די ערשטע סצענע,

דעם ערשטן בראָך פֿון אונדזער אַלטער שטאָט:
געווען איז אַ פֿאַרטאָג, אַ פֿינף באַגינען,
די געטאָ־גאַסן ווערן פּלוצלינג וואַך...
מיט כּוח פֿול, מיט די געווער־מאַשינען,
מיט האַס, מיט דײַטש און מיט זײַן גראָבער שפּראַך.
אַראָפּגעריסן פֿרויען פֿון געלעגער
און אַלטע לײַט געשלײַדערט צו דער שוועל...
אַ באַנדע אויסדרעסירטע מענטשן־יעגער,
וואָס אַרבעטן מעטאָדיש און אויף שנעל.
געווען איז דאָס די ערשטע גרויסע גרופּע,
אַרויסגעיאָגט אין פֿראָסט פֿון שבֿט, אין ווינט.
דער טויט האָט דאַן געשטעלט זײַן שוואַרצע חופּה
מיט צוועלף טויזנט... מאַן און פֿרוי און קינד...

— לא —

פֿון געסלעך קליינע, פֿון דעם געסל ביאַלע,
פֿון גרינעם געסל מיט דער גרינער שול —
ווי קליינע פֿאַליעס צו דער גרויסער פֿאַליע...
אַ שטראָם, אַ שטיקעניש, אַ שטראָם ביז דול.
אַ מחנה, אַ צעמישעניש, געשטאַלטן,
פֿיל אייגנאַרטיקע פֿון אונדזער גאַס.
וואָס יאָגט מען זיי? וואָס האָט מען זיי פֿאַרהאַלטן
אין אַ פֿאַרטאָג אַזאַ פֿון פֿראָסט מיט כּעס?
אָט איז אַ רבֿ, אָט איז דער טרעגער זשאַמע,
און דער, פֿון בית־המדרש אים געבראַכט,
פֿאַרטיפֿט ביז איצט, פֿאַרטיפֿט אין „בבֿא קמא“,
אַ סוגיא מאַטערט אים די גאַנצע נאַכט.
אָט איז אַ בעקעריונג מיט מעל פֿאַרשאָטן...
מיט ביקס אַרויסגעיאָגט פֿון בעקערײַ.
ער האָט דאָך הײַנט דאָס ברויט אומזיסט פֿאַרקנאָטן —

מע טרײַבט, מע זידלט און מע שלאָגט דערבײַ.
מע הרגעט, ווײַל דער פֿירער האָט געהייסן;
מע הרגעט, ווײַל מע האָט אַזאַ פֿאַרלאַנג.
די אייניקלעך פֿון געטהען, פֿון דעם גרויסן,
זיי זײַנען אויך די אייניקלעך פֿון שלאַנג.

— לב —

די מאַסע האָט פֿאַרנומען גאַנץ גומיענער,
די געסלעך פֿון בײדע זײַטן און אַרום —
געשטיקט, ווי אין די שטײַגן הינער, הענער,
און ייִד אויף ייִד — מע קוקט... צעשראָקן, שטום.
געבוירן דאָ און דאָ געלעבט אין אײנעם,
מיט דעם געשמועסט וועגן, צו דעם אַרײַן.
מע איז געווען קרובֿים, פֿרײַנד און שכנים
און איצטער — איצט? וואָס וועט מען איצטער זײַן?
איך מאַך דאָך נישט קיין פּרוּוו פֿון דעם אַפֿילו,
איך ווער כּמעט משוגע, ווען איך וויל
אַרײַנקוקן אין גאַנצן און דערפֿילן
דעם שרעק פֿון זיי, דאָס שוואַרצע פֿאַרגעפֿיל...
איצט נישט... דאָס איז אַ זאַך געוויס פֿון שפּעטער,
ווען מאַסנמאָרד וועט זײַן טאָגטעגלעך, גרוי.
דאַן וועלן פֿוטוריסטישע פּאָעטן
באַשרײַבן מערדערײַ, און גאַנץ גענוי.
דער בחור רעדט... ער שילדערט פֿון זכּרון
דעם יענעם טאָג, דעם פֿינעף אין דער פֿרי,
ווי דײַטש מיט זײַן צעווילדעוועטן צאָרן
פֿירט ייִדן צו דער שחיטה ווי די פֿי...

— לג —

די זיידעס אונדזערע, די עלטער־זיידעס,
די ערשטע וועבערלײַט פֿון דעם אָרום,
געזאַמלט זיך, געשאַפֿן גאַנצע עדהס
מיט פֿלײַס געאַרבעט און געווען פֿרום.
געקויפֿט בײַם גראַף בראַניצקי פוסטע פּלעצער
פֿון ביידע זײַטן בײַ דעם ביאַלע־טײַך,
געשלעפּט אַליין פֿון וואַלד די שווערע קלעצער
און אויסגעבויט אַ שטאָט מיט לײַטן גלײַך.
פֿאַבריקן אויפֿגעשטעלט... געוועבט, געשפּונען,
מיט שמאַטעס פֿון עק וועלט געפּלאַנט, געשפּאָרט,
געזוכט, געררײַזט און שטענדיק אויסגעפֿונען
אַ נײַעם מאַרק פֿאַר ביאַליסטאָקער קאָרט.
דער בחור רעדט און אין די בייזע ווערטער
פֿון שרעק און אונטערגאַנג ביז גאָר, ביז גאָר...
דערמאָנען זיך די אַלע אַלטע ערטער —
און ווי איז מיר! וווּ איז מײַן שטאָט? מײַן דור?
וווּ איז אַ פֿרײַנד? אַ מומע צי אַ פֿעטער?
וווּ איז מײַן גאַנצער פֿריִער אין דער וועלט?
דעם פוסטן איצט וועט ירשענען דער שפּעטער
מיט אַש אַ ביסל אויף אַ פֿרעמדן פֿעלד...

— לד —

איצט זעען זיי אונדז אויס: נאַיִווּ גענאַרטע
מיט פֿרייד פֿון יעדן פֿרײַען וואָרט און ליד...
דאָך דעמאָלט איז געזאַלבט געווען דאָס וואַרטן:
משיח גייט, מע הערט שוין זײַנע טריט.
מע הערט, מע הערט, ווי זעלנער־שטיוול קלאַפּן
און דאָ און דאָרט אַנטלויפֿט אַ ייִד פֿון זיי...
זיי יאָגן־נאָך, זיי יאָגן און זיי כאַפּן

און טויט שרײַט־אויס פֿון דײַטשישן געשריי.
ווער זײַנען זיי? און ווו ביז איצט געוועזן,
ווען וועלט האָט זיך געלערנט וועלט צו זײַן?
צי האָבן זיי אַ ביכל ווען געלעזן?
צי זײַנען זיי אין קירכע ווען אַרײַן?
אַ בליק אַזאַ מיט רשעות אָנגעלאָדן,
אַ בליק אַזאַ איז קיינעם נישט באַקאַנט...
גאָר אַנדערע מיט אַנדערע מעטאָדן:
פֿון מאַרס אַראָפּ צי פֿון אַ גיהנום־לאַנד?
אַן אַלטער ייִד, אַ ווײַסער, דאַרער שאָטן,
האָט קוים געזשיפּעט, ווי אַ קראַנקע עוף...
האָט איינער פֿון די דײַטשן אים צעטראָטן
צעקלאַפּט אים מיט די שטיוול — און אַ סוף...

— לה —

דאָ זעט מען איצט די שטאָטישע יחסנים,
די רײַכסטע און די אָרעמסטע פֿון שטאָט.
מען נעמט דעם ייִד, מען נעמט דאָס ייִדיש פּנים
און אַלעמען — מע נעמט דעם גאַנצן דור.
אַ באָבע שׂרהלע, אַ מומע פעשל
און מומעס נאָך מיט ציטערדיקע קני,
דעם עלטסטן עסקן, קליעמענטאָווסקי העשל,
און אונדזער דאָקטער לוקאַטשעווסקי צבֿי.
דעם פֿירער שלום בונם, פֿון „אַגודה“,
און ליפּשיץ פֿון דעם סוחרישן פֿאַראיין.
פֿון ייִד און ייִדישקייט איז איצטער — יודע!
דער דײַטש קאָמאַנדעוועט און שרײַט געמיין.
דער ראָזענמאַן און באַראַש, פֿון קהילה,
פֿון ייִדנראָט, געצוווּנגענע צום אַמט,
זיי מוזן צוקוקן, און וואָס זיי פֿילן,

ווען ייִדיש לעבן ווערט אַזוי פֿאַרדמט!
דער מאַרקוס יעקבֿ, פֿון די פֿאַבריקאַנטן,
דער עלטסטער פֿון דער געטאָ־פּאָליציי...
ער קוקט אויף פֿרײַנד און טײַערע באַקאַנטע
און זײַנע ליפּן ציטערן פֿון ווײ...

— לז —

אָט ווײַזט זיך דאָס געזיכט פֿון מאַניע פּינעס,
די שיינע פֿרוי פֿון יונגן אָקוליסט.
די אויגן אירע בלוי כּמעט, ווי גרינע,
און איצטער בלאָנדזשען זיי צערודערט וויסט.
ווו איז איר קינד, דאָס מיידעלע, פֿאַרקראָכן?
אין אַ געדראַנג אַזאַ, אין נעץ און שניי...
נישטאָ שוין הײַנט די אידעלע משפּחה,
דאָס אַש, דאָס אַש איז אויך נישטאָ פֿון זיי.
אַ שטאָט מיט קרובֿים פֿיל, מיט פֿרײַנד, באַקאַנטע...
איך האָב זיי נישט, דער לעצטער קרובֿ פֿעלט...
ווי רופֿט מען אויס בײַ זיי? אָ, מאַריאַ סאַנטאַ!
און יעזוס־גײַסט... און רעטערס פֿון דער וועלט.
מע וועט דאָך ווידער גיין אין קלויסטער בעטן,
נישט אײנער דאָרט פֿון אונדזער בלוט פֿאַרפֿלעקט...
מע וועט זיך צלמען און אַלץ פֿאַרגלעטן.
אוי, ווײ איז אונדז... ווי מענטש און לעבן שרעקט.
דאָך איבער שוועל פֿון אונדזערס אַ בית־תּפֿילה
פֿלעגט פֿוס פֿון גזלן נישט אַריבערגיין.
אַ ייִד אין שול, אַ שלעכטער ייִד אַפֿילו,
ווי ווײַט ער איז געווען פֿון מאָרד, ווי ריין.

— לז —

אין אונדזער דור איז מען געווען מיט גלויבן,
דערוואַרטונג איז געווען... און שטאָלץ און מוט.
די צוקונפט וועט אונדז אַלעמען דערהויבן
און ווי־ניט־ווי... דער מענטש וועט ווערן גוט.
מע האָט געזוכט, געגנישטערט זיך אין אמת,
פֿאַרענטפֿערט פֿיל, געספּקט און געפֿרעגט.
אַ בוך אַזאַ מיט אַ געוואַגטן רמז
האָט ביאַליסטאָק צעטומלט און געוועקט.
ניט זייער רײַך מײַן שטאָט און נישט קיין גרויסע,
נאָר שטענדיק רײַך מיט קאַמף און ווידערשטאַנד;
אין רוסלאַנד האָט עס דאַן מיט רעכט געהייסן,
אַז ביאַליסטאָק — דאָס איז אַ פֿלאַם אין לאַנד...
מע האָט געשיקט די קינדער מער זיך בילדן
קיין פּעטערבורג, קיין הײַדעלבערג, קיין ליעזש,
מײַן ביאַליסטאָק פֿאַרזוימט מיט וועלדער ווילדע,
וואָס גייען ווײַט אַוועק... ביז ביאַלאָוויעזש.
די לידער נאָך ביז הײַנט אין האַרץ פֿאַרבאַקן
די מיטינגען אין וואַלד... חבֿרים, פֿרײַנד...
און די נאַהײַקע־קלעפּ פֿון די קאָזאַקן —
סימנים זײַנען נאָך פֿאַראַן ביז הײַנט.

— לח —

דער בחור — ער דערמאָנט מיר מײַנע גאַסן;
די יאַטקע־גאַס און די גומיענער גאַס.
די ערטער פֿון די יוגנטטעג און שפּאַסן,
פֿון חדר גיין און לערנען זיך אין קלאַס...
דער שטאָטזייגער, דער טורעם אויף באַזאַרנע,
גראַנאָווסקיס גאָרטן מיט אַזוי פֿיל פֿרוכט...
אַ גליק געווען צו גנבֿענען אַ באַרנע

פֿון גוי געטשאַטעוועט, פֿון אים געזוכט.
בראַניצקיס פּאַרק, דער גראַפֿישער, פֿאַרצוימטער —
מיט ביימער עלטער פֿיל פֿאַר אונדזער שטאָט...
דאָס טײַכל ערבֿ פּסח אַ צעשוימטער
און גאַסן כאַפּן אַן אומזיסטע באָד.
די באָבע מרים מיט די גרויסע ברילן
האָט אָפּגעהיט מײַן דאַוונען און געקוועלט:
אויב איך וועל פֿלײַסיק לייגן מײַנע תּפֿילין,
איז דאַן געראַטעוועט די גאַנצע וועלט.
די וועלט אָבער, מײַן וועלט איז אויף באַיאַרע,
דאָרט וווינט אַ גוי, וואָס פֿירט פֿונאַנדער זשוויר [3],
און טויבן האָט דער גוי אַ גאַנצע כמאַרע,
אַ רייץ פֿון אַלע מינים און קאָליר.

— לט —

ווער ווייסט און ווער וואָלט ווען פֿאַרשטאַנען,
וואָס דורכגעפֿילט האָט מחנה אין דער צײַט?
דערצו איז קנאַפּ פֿאַנטאַזיע נאָך פֿאַראַנען
און יעדער פּרווו וועט בלײַבן אַן באַטײַט.
ווען נישט געווען איז מערער שוין קיין גלויבן
אין אָנבליק פֿון אַ שד, וואָס האָט געזיגט.
ווען ייִד אויף ייִד האָט בליק נישט אויפֿגעהויבן
און יעדער זיפֿץ אין זיך אַליין דערשטיקט.
ווער ווייסט דערפֿון, וואָס אין די פֿיל נשמות
האָט זיך געראַנגלט אין אַזאַ מאָמענט?
אויף זיך אַליין דער הילפֿלאָזער רחמנות,
צי וועלט־פֿאַרשעלטעניש האָט האַרץ געברענט?
גומיענער גאָס! די שטיינער דײַנע ריידן.

[3] גראָב זאַמד.

דײַן ברוק, וואָס האָט באַרירט די לעצטע טריט...
דער לעצטער וועג פֿון ביאַליסטאָקער עדה
פֿון קיינעם נישט געשיצט און אָפּגעהיט.
גומיענער גאַס! די גאַס פֿון מײַן געבוירן,
דו רופֿסט מיך איצטער אָן, דו שטעלסט מיר אָפּ.
דײַן גרוס צו מיר אין מײַנע אַלטע יאָרן
באַדעקט מיט שוואַרצן אַש מײַן ווײַסן קאָפּ.

— מ —

דער בחור רעדט... ער איז מיט זיי אַריבער
די אַלטע בריק. דאָרט שטייט מײַן זיידנס הויז.
די יוגנט מײַנע שפּרינגט מיר, ווי אין פֿיבער,
נאָר איך פֿאַרטויב, איך הער דעם בחור אויס.
דער דײַטש האָט רויק, קאַלט, מיט אַלע פּרטים,
דערשטיקט אין אַלעמען דעם לעצטן מוט...
צי מעג מען איצטער אָפּציִען דעם אָטעם?
צי מעג מען טראַכטן אין אַזאַ מינוט?
דער שטומער מאַרש אין די פֿרימאָרגן־שעהען...
און וועמען דאָרט די העלע זון באַגריסט?
דעם דײַטש מיט זײַנע ביקסן, וועלכע דראָען:
— „צו ענדע שאָן, צו ענדע מיט דעם יודען־מיסט"...
פֿון אַלע חיות, וואָס ווי־און־ווען געוועזן
איז די געמיינסטע אונדזער מענטש... מען ווייסט:
אַ חיה מיט רעפֿלעקסן און סינטעזן
און מיט דערפֿינדעניש פֿון אַל דאָס בייז.
אַ פֿלאַם וועט אפֿשר כאַפּן דעם רוצח,
אַ נס — האָט זיך געבעטן — זאָל געשען...
דער טײַוול האָט געבראַכט זײַן גאַנצן כּוח.
און גאָט! ווו איז זײַן מעכטיקייט געווען?

— מא —

רציחה האָט געיאָגט, איז מען געגאַנגען.
געגאַנגען, ווו מע האָט געהייסן גיין.
די מאַמעס מיט די קינדערלעך באַהאַנגען...
און קינדער מיט פֿאַרפֿרוירענעם געוויין.
אַ מאָדנע שטילקייט איז זיי אַלעמען באַפֿאַלן,
אַ שווײַגעניש פֿון צוועלעף טויזנט מאַן.
נאָר טריט און טריט... געגאַנגען זײַנען אַלע,
ווי עס וואָלט געווען אין גיין אַ שותּפֿות־פּלאַן.
דער דײַטש אַליין האָט אויפֿגעהערט צו שרײַען,
אַרומגעצוימט די ייִדן און געפֿירט...
דאָס איז געווען אַ לאַנגזאַמע לוויה —
דער טאָג האָט קוים די ווינטערערד באַרירט.
עס האָט דעם כּוח דעמאָלט אַלץ גענומען
און שפֿלות גיט־אַוועק אַלץ אין דער שטיל...
מע גייט, מע גייט, מע וועט דאָך ערגעץ קומען,
עס גיט דאָך נישט קיין שפּרײַזן אָן אַ ציל.
צו וואָס האָט גאָט געבענטשטע פֿיס געגעבן?
מע זאָל מיט זיי אַנטקעגן גיין דעם טויט?
דאָס לעבן און דער גאַנצער רייץ פֿון לעבן?
אַ צווייטער זאָל עס שעכטן... ווער פֿאַרשטייט?

— מב —

איך זע מײַן שטאָט, די אײַנגעקריצטע ערטער
און גאַס נאָך גאַס און הײַזער לעבן־אָפּ...
דער בחור רעדט מיט זײַנע גהינום־ווערטער,
און שטיקער אײַזן שמעטערן דעם קאָפּ.
איך זע פֿיל פֿרײַנד און קרובֿים פֿיל געטרײַע,
איך זע די פּנימער פֿון די „עס־עס" —
דער בחור — ער איז אויך אויף דער לוויה,

איז אויך געווען אַ גייעוודיקער מת.
דער מתים־מאַרש פֿון ייִדישע געשטאַלטן
מיט קנייטשן אַלט, ווי אונדזער וואַנדערוועג.
מע האָט אין זיך דעם אָטעם אײַנגעהאַלטן
און אָנגעקוקט דעם דײַטש מיט נײַגערשרעק.
דער קנויל האָט זיך געצויגן און געצויגן,
דער מענטשנקנויל אין ציטערן פֿון קעלט.
אויף יוראָווצער האָט זיך דער מאַרש פֿאַרבויגן —
די גאַנצע מחנה איז אַרויס אין פֿעלד.
אַ פֿעלד מיט שניי, מיט ווײַטע האָריזאָנטן,
אַ ליכטיקייט צעלייגט זיך ווײַט, פֿאַרשנייט...
איצט זעט מען גוט דאָס פּנים פֿון דעם נאָנטן...
מע ווייסט שוין אַלץ, מע שווײַגט און מע פֿאַרשטייט.

— מג —

און דאָרט, ווו רעלסן ליגן ווי די שלאַנגען,
איז מען פֿאַרבליבן שטיין און לאַנג געוואַרט.
אַן עופֿעלע, אַ קינד, איז טויט פֿאַרגאַנגען —
מע האָט עס גיך מיט שניי פֿאַרדעקט, פֿאַרשאַרט.
דערנאָך האָט מען געפּאַקט אין די וואַגאָנען,
די ייִדן — זיי אַרײַנגעפּאַקט אין שטײַג...
דערנאָך, דערנאָך... איך וויל נישט אַלץ דערמאָנען.
איך שלינג אַ סך אַראָפּ און איך פֿאַרשווײַג.
דערנאָך האָט מען סאָרטירט צום טויט און לעבן,
ווי אָקסן זיי באַטראַכט און קאַלט סאָרטירט.
גענומען די וואָס קאָנען אַרבעט געבן
און יעדן פֿאַך גענויער רעגיסטרירט.
געקליבן לאַנג לויט זייער שולחן־ערוך,
געקאָפּעט דעם און יענעם מיטן פּוס...
דרײַ הונדערט מענער צו עבֿודת־פּרך

און פּופּציק פּרויען אויסגעווילט צו זנות...
די אַלע אַנדערע פֿאַרמעקט, פֿאַרגעסן,
די ערשטע גרופּע פֿון מײַן שטאָט און היים...
טרעבלינקער קוימענס האָבן צוויי מעת־לעתן
מיט שוואַרצן רויך פֿאַרדעקט אַרום דעם רוים...

— מד —

דער בחור איז געווען פֿון די דרײַ הונדערט,
וואָס האָבן זיך געראַטעוועט דערווײַל...
דער שלאָסערפֿאַך האָט אים פֿון טויט געזונדערט,
דער האַמער זײַנער, דער האַמער און די פֿײַל.
איז ער אַרומגעגאַנגען מיט זײַן האַמער
און רעפּערירט אַ שרײַפּל, אַ מאַשין —
אין קרעמאַטאָריע און אין טויטן־קאַמער,
און פֿיל בנינים פֿון דעם זעלבן מין...
ער האָט געזען די פֿינצטערע אַלייען,
די קאָרידאָרן פֿון דעם לעצטן שרעק,
ער האָט געזען, ווי ייִדן קומען און פֿאַרגייען...
און שפּעטער, ווי מע וואַרפֿט דאָס אַש אַוועק.
ער האָט געזען סאָקאָלקע פֿירט מען סמען,
זאַבלודאָווע און קרינעק[4] אין איין שעה...
פֿיל וואַרשעווער מיט ראַדאָמער צוזאַמען —
אַרײַן אַהין אויף אייביק — און נישטאָ...
עס לייענט גרויל קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל
און יעדעס וואָרט פֿאַרגליווערט אונדזער בלוט...
דער ציקלאָן־סם, דאָס אויסגעפּרוווטע מיטל:
צוויי טויזנט מאַן אין זיבעצן מינוט.

[4] נעמען פון שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק.

— מה —

איז אָפּגעווישט די שטאָט פֿון טאַטנס־טאַטן
און פֿון בית־מדרש אָפּגעפּליקט די טיר...
איר קאָנט שוין ווידער זאַמלען עקספּאָנאַטן,
פֿאַר די מוזייען זאַמלען שולגעשיר.
אַזאַ מנורה פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט
און אַ פּרוכת זייער אַלט געווען —
מבֿינים גרויסע האָבן עס באַוואונדערט —
איך האָב עס אין די שטעטעלעך געזען...
אַ מזוזה מיט אַ גענדזנפֿען געשריבן
און וואָרט נאָך וואָרט געהיט, און אות נאָך אות.
אַוודאי איז נאָך ערגעץ ווו פֿאַרבליבן
אַ בשׂמים־ביקסל און אַ קידוש־כּוס.
אַ מצבֿה מיט אויסגעקריצטע לייבן,
אַן אַלטער שטיין פֿון אונדזער גוטן אָרט.
פֿיל פֿאַרמעטן מיט וואָרט פֿון אַלטן גלויבן,
אַזאַ געלײַטערטער, פֿון אײַך פֿאַרשוועכטער וואָרט.
אָ, גוייִשע וועלט! אָ, שטאַרקע לײַט און הערן,
און לאָרד און גראַף... איר זײַט דאָך אַלע גוט.
איר האָט דאָך ביידע זאַכן שטענדיק גערן:
מיט קונסט זיך ווײַלן און פֿאַרגיסן בלוט...

— מו —

דאָס בילד, די מאָנאַ ליזאַ, דער שעדעווער...
אין לוווּר הענגט עס אויפֿן ערשטן פּלאַץ.
אין אונדזער וויסטער צײַט איז דער שעדעווער
נישט מערער ווערט ווי אַ דערשטיקטע קאַץ.
אַן אַלטער בטלן איז ער לעאָנאַרדי
און יעדע שיינקייט איז אַ שיינער בלאָף —
אַ באָמבע און אַפֿילו אַ פּעטאַרדע

איז וויכטיקער פֿאַר דעם געמאָלטן שטאָף.
די קונסט אָן מענטש איז בלויז אַ פֿײַנער שאָלעכץ
אויף אַ פֿאַרפֿוילטער און אויף אַ שלעכטער פֿרוכט...
אַרונטערגעמען שנעלער דאָס געמאָלעכץ —
דאָס איז פֿאַרבלענדעניש, דאָס איז פֿאַרפֿלוכט.
און אויף דעם אָרט פֿון דער דזשאָקאָנדאַס פּנים
הענגט־אויף מיט דרך־ארץ דעם פּאָרטרעט
פֿון אים אַליין, פֿון היטלער... אָן סכּנה:
ער איז דאָך אײַערער דער שוואַרצער שד.
דער איינציקער, וואָס האָט דעם „אָן געוויסן"
געטראָגן דרייסט מיט חוצפּה און פֿאָרויס,
פֿון אײַער שטאַם און קריגערישער מיסיע,
פֿון אײַער זעלנערײַ איז ער אַרויס.

— מז —

אַן אײַנגעבויגענער פֿון אַלע שרעקן —
איך זוך מער קיינעם נישט און נישט איך פֿרעג.
וואָס פֿאַר אַ זינען האָבן שוין די צוועקן,
ווען מאָרד געוואָרן איז דער ערשטער צוועק?
ווי ס׳ברענגט זײַן רויב צו זיך אַליין דער יעגער
נאָך פֿריש פֿאַרבלוטיקטן, נאָך פֿריש פֿון וואַלד,
אַזוי ברענג איך בײַ נאַכט אויף מײַן געלעגער
די פֿיל דערציילונגען פֿון טויט און גוואַלט...
איך ווייס שוין אַלץ... דאָך בין איך נאָך פֿאַרוווּנדערט,
איבערגעראַשט פֿון איצטיקן קאָשמאַר...
און מענטשלעכקייט, און צוואַנציקסטער יאָרהונדערט!
און וואָס האָט זיך נישט אײַנגערעדט דער נאַר.
אַזוי פֿיל קלויסטערס זײַנען אין איראָפּע
אין וועסטמינסטער און אַלטער נאָטער דאַם,
און בילדונג, ביכער, בילדער... אַן אוטאָפּיע,

אַ שפּיל אַנטקעגן דעם מײַדאַנעק־סם.
מע דאַרף דאָך האָבן גאָר אַן אַנדער מוח,
אַן אַנדער קאָפּ דעם גיהנום צו פֿאַרשטיין...
און אפֿשר? אפֿשר ווערן אַ רוצח?
און אפֿשר ענדיקן מיט זיך אַליין?...

— מח —

נו, וואָס, מײַן שיינע וועלט? שוין אָנגעזעטיקט?
שוין פֿול מיט טײַכן בלוט? אויף וויפֿל צײַט?
דײַן שלום האָבן מיר סײַ ווי פֿאַרשפּעטיקט,
דײַן פֿאַלשער שלום האָט נישט קיין באַטײַט...
מע משפּט איצטער פֿאַר מיליאָנען גזירות,
מע משפּט חיות מיט אַ פּראָצעדור,
און די פֿון געטאָ זײַנען געטאָ־פּסולת,
זיי האָבן נישט געהאַט די מאָרדקולטור.
אָן שווערד און אָן כּלי־זיין־אַרסענאַלן,
זיי האָבן נישט געוווּסט אין זייער וויי,
אַז איינער פֿון די טויזנטער קאַפּראַלן
וועט מאַכן אַזאַ וויסטן סוף פֿון זיי.
יאָ, די פֿון געטאָ... פֿרום און בײַגעשטאַנען,
געטרײַ געווען, משפּחה אָפּגעהיט.
וואָס האָבן זיי אין רוגבי דען פֿאַרשטאַנען?
ווי קומען זיי די ייִדן צו אַ בריט?
זיי האָבן נישט געשפּילט אין גאָלף אַפֿילו...
אָך, מיר פֿאַרבליבענע, מיר זײַנען שוואַך!
דאָך ווייסן מיר, מיר ווייסן און מיר פֿילן,
ווי ווײַט עס איז פֿון „בבֿל״ ביז תּנך.

— מט —

מיט אַלע די יסורים פֿון מיליאָנען
איז נישטיק בלייך די וועלט מיט אַלע פֿרייד...
איך קום אײַך מיט מײַן שוואַכן קול דערמאָנען
די קרבנות... מיט זייער ערבֿ־טויט.
דער ערבֿ־טויט... ווען האָרץ און לײַב און לעבן,
ווען אַלץ איז שוין בײַם תּליון אין די הענט;
ווען פֿאַר די אויגן ציטערן און שוועבן
די קרובֿים, וועלכע זײַנען שוין פֿאַרברענט;
ווען פֿאַר די אויגן שטייען די בנינים
מיט פֿײַערפֿלאַם, מיט סם שוין צוגעגרייט,
און מענטש דו האָסט שוין נישט קיין גוף, קיין פּנים,
נאָר אַש אַ ביסעלע פֿון ווינט צעשפּרייט.
דער ערבֿ־טויט, ווען פּלוצלינג קומט דער ווילן,
דער חשק קומט צו לעבן און צו זײַן...
אָט יענע לעצטע רגעס און געפֿילן
אין אונדזער רויִקייט זאָלן דאָס אַרײַן.
אָט יענע קללות בײַ מײַדאַנעקס שוועלן,
צוזאַמען מיט די אַשנבערג פֿון דאָרט.
דאָס זײַנען אונדז נדרים און באַפֿעלן —
די קללות בלויז באַרעכטיקן דאָס וואָרט.

— נ —

די שיינע ערד זאָל בלײַבן פֿאַרן וואָרעם,
פֿאַר מענטש אַליין איז מער נישטאָ קיין ליד.
די גערטענער צעגריבלט ער אויף קבֿרים
און שטשירעט מיט די ציין... אין שטאָל געשמידט...
מיט אײַנגערעדטער העכערקייט פֿון צווייטן,
מיט יחוס־בריוו געשריבן פֿון אַ נאַר.
ווי לײַכט עס גייט דאָס הרגענען און טויטן

און שפּײַען קלעק אין יענעמס טיפֿן צער.
פֿאַר די אַמביציעס פֿון אַ ווילדן איינעם,
צי פֿון אַ צווייטן, וואָס פֿאַרכאַפּט די מאַכט,
דערהרגעט מען מיליאָנען שטילע שכנים
און שקלאַפֿן גייען ווידער צו דער שלאַכט.
אָט דאָס איז אַלץ: פֿאַרשקלאַפּטע און פֿאַרשקלאַפֿער.
און ביידע וויסן נישט, וואָס פֿרײַהייט איז...
איז גיי צום סוף, צום אויסראָט מיט דײַן וואָפֿן
און ברעך דײַן קאָפּ מיט דײַנע הענט און פֿיס.
עס וועט פֿאַר דיר גיך אויסקלאַפּן דער זייגער,
אַן אוראַגאַן מיט בליץ און דונערקלעפּ...
די צײַט — זי וועט דיך ווי אַ הונט, אַ פּגר,
אַ שלײַדער טאָן... אַ שלײַדער פֿון די טרעפּ...

— נא —

פֿאַרשאָלטן זאָלן ווערן אַלע קללות
אויב זיי דערגייען נישט צום מערדערס ביין...
מיך טרייסטן נישט די טאַנקישע מפּלות:
איך וויל זײַן גוף, די אויסגעהאַקטע ציין.
די אויגן זײַנע... פּרײַסישע און בלאָע,
אַרײַנגעפּאַסט אין העלעם, ווי אין אַ ראַם,
די אויגן די וואָס האָבן מיט הנאה
אַרײַנגעקוקט ווי לעבן גייט אין פֿלאַם.
זיי טאָרן מער נישט זען דעם רעגן־בויגן,
נישט פֿרייען זיך מיט אַלץ, וואָס בליט און גרינט.
זיי טראָגן טויט די אָפּגעסמטע אויגן,
זיי טאָרן מער נישט אָנקוקן קיין קינד.
ווי ווייי איז אונדז, די קינדער, צו דערמאָנען,
די אומגעקומענע אין פֿלאַם... עס נאָגט.
די גופֿעלעך — זיי ציטערן און מאָנען...

צו וויניק זיי, די הייליקע, באַקלאָגט.
פֿון גאָרער ערד די בלומען צונויפֿנעמען,
אַ קדושה־קראַנץ אַוועקלייגן פֿאַר זיי...
ווו נעמט מען וואָרט, די וועלט זאָל זיך פֿאַרשעמען?
ווו נעמט מען וועלט פֿאַר אונדזער אַך־און־ווי?...

תל־אָביב, נאָוועמבער־דעצעמבער 1945

# שערבלעך...

## א / די ענדלאָזע לוויה

מיר זײַנען אַלט און אויסגעליטן,
מיר זײַנען שטויב, וועט ווינטן יאָגן...
מען וועט די קבֿרים ניט פֿאַרשיטן,
מען וועט דעם קדיש ניט דערזאָגן.

מען וועט דעם פֿאַלקסבראָך ניט פֿאַרהיילן,
מען וועט דאָס אומגליק ניט פֿאַרשרײַען —
מיר זײַנען אײביקע אַבֿלים
אין אונדזער ענדלאָזער לוויה...

## ב / אין שוואַרצן פלויט

דאָס איז אַ לאַנגע ליל־שימורים,
אונדזער לעבן אין קאָשמאַר.
מיר, וואָס וואַכן אין יסורים
בלויז מיט קדיש, בלויז מיט צער...

מיר, די שטומע סילועטן
אין דער וועלט פֿון מאָרד און טויט.
שטומע עדות ... ווי שטאַכעטן
אין בית־עולמס שוואַרצן פּלויט.

## ג / חניקה

איך הענג אויף אַלע תּליות פֿון דער וועלט
און אָן אַ חילוק ווער עס האָט דעם שטריק פֿאַרצויגן,
אַ וויסטער פּחדן, צי אַ גרויסער העלד —
איך שטאַרב־אַוועק מיט יעדע פּאָר פֿאַרגלאָצטע אויגן.

און טויזנט מאָל איך שטאַרב־אַוועק דערפֿון,
איך גוסס אין געהאַנגענעם פֿרימאָרגן...
עס הענגט ניט בלויז דער מענטש... עס הענגט די זון,
דער בוים, די בלום, און ליד איז אויך דערוואָרגן!

## ד / דאָס ליד פֿון אונדזער גאַס

אויף אָנשרײַבן אַ ליד פֿון אונדזער צײַט
באַדאַרף מען אָפּט אַוועקבלאָנדזשען אַ זייער ווײַט,
באַדאַרף מען דרייסט אַריבערגיין די שוואַרצע בריק,
און אויסקלײַבן אַ וועג וואָס ווייסט ניט קיין צוריק.

מען דאַרף אויסהערן די קללות פֿון דער גאַנצער שטאָט
און אויספּערלען דאָס וואָרט, וואָס איז געבענטשט פֿון גאָט.
אויף אָנשרײַבן אַ ליד פֿון אונדזער ווילדער גאַס
באַדאַרף מען גרוי ווערן פֿון ליבע און פֿון האַס.

## ה / ווער וועט דאָס גלייבן?

מעגסט אויסטראַכטן שקרים און אמתן נײַע,
מעגסט בויען אויף ס׳נײַ די צעשמעטערטע שטעט,

דאָך — ווער וועט דיר גלייבן, צוויי־פּיסיקע חיה?
יאָ, ווער וועט עס גלייבן אַ בלוטיקן שד?

די שטערן פֿון דיר זײַנען לאַנג שוין אַנטלאָפֿן
און גאָט וויל נישט הערן דײַן פֿאַלשן געבעט...
דו וועסט מיט דײַן אייגענעם סם זיך באַשטראָפֿן
און ברענען ביז אַש... מיט דײַן רויב, מיט די שטעט...

## ו / אין גאַנצן ניי

קאָרענטישער סטיל און רוימישע קאָלאָנעס,
און גאָטישע קלויסטערס מיט פֿרומע מאַדאָנעס,
איצט דאַרף עס זײַן אין גאַנצן נײַ
די גאַנצע קונסט און מאַלערײַ.

פֿאַרפֿינצטערטער גרויל פֿון דער גאַזיקער קאַמער,
קרעמאַטאָרישע ווענט מיט די העלישע פֿלאַמען
און קינדערלעך אין ערבֿ־טויט,
וואָס ברענען לעבעדיקערהייט.

## ז / עלנטער עלנט

מײַן עלנטער עלנט, מײַן מידע נשמה...
שוין בעסער געווען, ווען געווען איז מלחמה.
איך האָב נאָך געוואַרט אויף אַ נס,
איך האָב נאָך געהאַט אַן אַדרעס.

איך בין נאָך געווען אַ ברודער, אַ פֿעטער...
איצט איז מײַן בוים שוין אין גאַנצן אָן בלעטער,
אַ בוים ווי אַ תּליה אין ליידיקן פֿעלד —
הענג זיך שוין אויף מײַן פֿאַרשאָלטענע וועלט!

## ח / איך בין געטרייסט

פֿון מײַנע ברידער צווי, פֿון מײַנע שוועסטערס צוויי
שרײַב־אָן, מײַן פֿרײַנד, צו מיר, וואָס דו ווייסט.
איך האָב אַ תּשובֿה שוין, אַ בריוו מיט ווערטער צוויי:
זײַ געטרייסט!

מיט איינזאַמקייט, מיט נעכט מיט שלאָפֿלאָזע, אוי, ווי...
פֿון יעדער פֿרייד אויף אייביק אויסגעלייזט,
אַ דאַנק דיר, פֿרײַנד פֿון לאָדזש, פֿאַר ווערטער צוויי —
איך בין געטרייסט.

## ט / מיין נעכטן אין אַש...

איך זוך נישט טעמעס צום שרײַבן, איך דאַרף נישט קיין טעמעס —
זיי קומען די ביטערע קלאַנגען אַליין און איך נעם עס...
איך ווייס נישט פֿאַר וועמען... ווער דאַרף עס? ווער וויל עס,
די קורצע און לאַנגע פֿאַרסמטע מגילות?

מײַן נעכטן איז אַש, מײַן משפּחה איז רויך פֿאַרן ווינטל,
געפֿין איך אין רויך נאָך אַ פֿונק אַ צעגליטן, אַ פֿינטל...
דאָס בריט מיך, דאָס וועקט מיך צו קללה און ליד —
איך ווערג זיך דערמיט...

## י / ליד...

וועט מענטש ניט זײַן, וועט ווינט נאָך מערער וויינען
און עלנטער וועט זײַן דער וויסטער שטיין...
און וועמען וועט די בונטע בלום באַשיינען?
און שמעטערלינג — פֿאַר וועמען שוועבט דײַן חן?

וועט מענטש ניט זײַן, וועט טײַוול זיך פֿאַרקרימען
און גנבֿענען פֿון שיר־השירים קלאַנג...

וועט טײַוול זיך פֿאַרקרימען און באַרימען,
אַז ער אַליין האָט עס פֿאַרפֿאַסט, אָט דאָס געזאַנג...

## יא / איך ציטער...

וואָס איינעם קאָן דאָרט אײַנפֿאַלן צו שרײַען,
און וואָס די שקלאַפֿן קאָנען אַלץ פֿאַרדײַען!...
איך ציטער פֿאַר דער טעמפּקייט פֿון דער סטאַדע
און פֿאַר די פֿאַסטעכער נאָך מער אַוודאי...

און פֿאַר די הינט, וואָס שטשירען מיט די ציינער
און וואַרטן אויף די צוגעזאָגטע ביינער...
איך ציטער שטאַרק, מען זאָל זיך נישט דערוויסן,
אַז איך פֿאַרמאָג נאָך עפּעס פֿון געוויסן.

## יב / אַ שולכל...

שטייט נאָך ווי אַ שולכל אין דער נידער —
צוגעשלאָסן שטום און טויב...
ליגט דאָרט אויף אַ שטענדערל אַ סידור,
אויפֿגעעפֿנט פֿאַרן שטויב.

שטייען ספֿרי־תּורות אין דעם אָרון —
נישט צעשניטן, נישט פֿאַרברענט...
וואָס איז דאָ געווען און וואָס געוואָרן?
שפּין און שפּינוועבס אויף די ווענט.

## יג / די ליידיקע שולן...

איך זע נאָכן חורבן די ליידיקע שולן:
מען גנבֿעט די שטענדערס, די לעצטע, די שטולן,
מען שלעפּט, וואָס מען קאָן פֿון דעם הייליקן הויז
און ווינט קומט בײַ נאָכט, און אַ קאַץ, און אַ מויז...

נ׳שטאָ שוין קיין אָרון, נישטאָ שוין קיין קודש,
נישט קיין יום־כיפור, נישט קיין ראש־חודש...
רק גוים פֿאַרבלוטיקט אין רוצחישע זינד
און ידן מיליאָנען אַוועק מיטן ווינט...

## יד / גאָט אין הימל!...

גאָט אין הימל! אויבן אָן...
וואָס איז דאָס דער סם ציקלאָן?
וואָס איז דאָס אַטאָמען־פֿלאָם
אויף יבשה און אויף ים?

ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?
ווער באַשטימט און וואָס? פֿאַר וואָס
גייט דײַן שיינע וועלט אין דר׳ערד?
ווײַל מיר זײַנען מער נישט ווערט...

## טו / אַ ייד...

דער איטשע, דער טרעגער, פֿלעגט ווערטלעך פֿיל זאָגן:
— מײַן פּלייצע דאַרף שלעפּן די פּעק און זיי טראָגן;
זי אַרבעט פֿאַר מיר, פֿאַר מײַן גוף און נשמה;
זי אַרבעט פֿאַר שבת, פֿאַר רו און נחמה.

און שבת, פֿון דאַוונען, אַ ריינע קאַפּאָטע...
די גוים — זיי זעען, אַז הײַנט איז סאָבאָטאַ[1]...
נישטאָ הײַנט קיין פֿורן, קיין זעק און קיין דלות:
אַ ייד גייט פֿון דאַוונען, אַ ייד מיט אַ טלית...

---

[1] (פּויליש) שבת.

## טז / וועוועקעס בקשה...

שוין פולאָוו, ביז קאָזמערזש איז צוועלף קילאָמעטער,
און וועוועקע דער פורמאַן — ער וואַרט מיט זײַן פערד מיך שוין אָפּ.
ער איז מיך מיט צײַטיקע קאַרשן מכבד... און שפּעטער:
ער בעט וואָס און לאָזט, ווי פאַרשעמט, זײַנע אויגן אַראָפּ.

ער בעט — און דאָס איז אַזאַ פריילעכע, מאָדנע בקשה,
ער רעדט עס אַרויס אַזוי האַרציק און וואַרעם־פאַרטרויט.
איך זאָל אויף דעם הײַנטיקן זומער שוין לאָזן די גויִשע זאַשע
און ליבערשט פאַרברענגען מיט אונדזערס אַ ייִדישער מויד...

## יז / מיידאַנעק־רויב...

ווי פריִער גייט עס אָן בײַ זיי אַ לעבן מיט אַ סדר,
מיט מאַן־און־ווײַב, מיט קינד, מיט סעודות צו דער צײַט.
מען שפּרײַזט אין קירך מתפלל זײַן אין צוגערויבטע קליידער
און וועלט פאַרבלײַבט אַ גזילה־וועלט... מיט פּײַנע לײַט.

אין הײַזער קריסטלעכע — מען קאָן דאָרטן אַ סך געפינען
פון ייִדיש האָב־און־גוטס — גערשנט פון דעם כאָם...
מײַדאַנעק־רויב זאָל אײַך פאַרפינצטערן דעם זינען
און שעה נאָך שעה זאָל ברענען אײַך אַ גיהנום־סם.

## יח / באַנקראָט...

איך ווייס נישט ווער, צי מענטש, צי גאָט...
עס הענגט אויף אונדזער וועלט אַ שילד
מיט אותיות אויסגעקרימטע ווילד:
באַנקראָט!

דאָס איז דער לעצטער קאַראַהאָד...
מען האָט דעם אַנזעצער געפּאַקט.

דער האַמער קלאַפּט און קלאַפּט צום טאַקט:
באַנקראָט!

## יט / אַ שטיין...

נאָך אַ נאַכט אַזאַ אָן שלאָף און ראַנגלעניש אָן זינען
זעט עס אויס צו בלייך דער ליכטיקער באַגינען,
דער אָנזאָג און דער רוף פֿון דעם מעת־לעת, דעם נײַעם,
די בערג און די באַשטראַלטע שטאָט ירושלים.

דער ערשטער שטיין, וואָס איך דערזע דורך מײַנע שויבן —
אַ שטיין אין ווײַנגאָרטן צווישן גרינס און טרויבן,
אַ שטיין מיט לעכער צוויי, ווי אויגן פֿון אַ שאַרבן —
ער דעקט מיר צו דעם טאָג מיט אַלע זײַנע פֿאַרבן.

## כ / אין בית הכרם...

אין בית הכרם, בײַ ירושלים,
אין בית הכרם אין אַזאַ פּענסיאָן —
גייען טעג אַוועק אין נודנע רייען
און מען ווייסט נישט וואָס מיט זיך צו טאָן.

אומעטום די שאָטנס פֿון דער שחיטה,
אומעטום — פֿאַרסמטער נע־ונד...
אומעטום בין איך פֿון פּוילן־ליטע —
דאָרטן האָב איך אַלעמען געהאַט.

## כא / אַ גוטע זאַך אַ באַרג...

אַ גוטע זאַך אַ באַרג מיט שטומע פֿעלדזן:
מען קאָן דעם אָטעם אָפּציִען דערווײַל...
פֿון וועלט אַוועק, פֿון מענטש, פֿון בערגן־בעלזן —
אַ גוטע זאַך, אַ ליידיקייט, אַ מײַל...

דער ווינט האָט דורות לאַנג דעם שטיין געשליפֿן
און איצטער העלפֿט ער שווײַגן מיר דער שטיין...
איך קאָן זיך שוין באַגיין אָן אײַנערע באַגריפֿן —
אַ גוטע זאַך צו זײַן מיט זיך אַליין.

## כב  די יונגע יאָרן...

די קאַרשנביימער פֿון לובלינער קרײַז,
פֿון זאַוויכאָסט ביז קאַזמערזש־באָכאָטניצע,
די אָוונטן, די נעכט, די פֿלעדערמײַז,
די דונערן און בליצן.

דער סאָסנע־פּעך פֿון ביאַלאָוויעזשער וואַלד,
דער שניי, דער באַרגיקער פֿון זאַקאָפּאַנע...
די יונגע יאָרן מײַנע... אין מײַן גרוי און אַלט —
איך בין זיי אַזוי שטאַרק מקנא...

## כג / די טויטע...

איך גיי אויף דער ערד אין אַ שוואַרצן געמיט,
איך גריס זיך מיט פֿרײַנד און איך שרײַב נאָך אַ ליד,
איך ציטער נאָך אויף פֿון עקזאָטישער בלום —
נאָר דאָס זײַנען רגעס, וואָס ווערן באַלד שטום.

מען האָט מיר געשאָכטן מײַן וועלט... און נישטאָ.
איז פֿול מײַן נשמה מיט צער פֿון נישטאָ...
די טויטע, וואָס ווערן אַלץ קנאַפּער דערמאָנט,
זיי זײַנען מיר נענטער ווי די פֿון דער נאָנט...

## כד / צום ווינט...

יאָמער, ווינט! דו, איינציקער, וואָס האָט דאָ נישט קיין קרעמל!
יאָמער, ווינט! דו דאַרפֿסט דאָך נישט קיין בגד און קיין זעמל...

די אַלע, די פּרנסה־לײַט —
זיי האָבן נישט קיין צײַט.

יאָמער, װינט! דו ביסט דער אײנציקער, דער קדיש־זאָגער —
נאָך ברודער און נאָך שוועסטער, נאָך קרובֿים, שנור און שוואָגער,
נאָך קינד און פֿאָלק, נאָך דורות פּײַן,
נאָך שטאָם, װאָס איז אין קאַלכאויוון אַרײַן.

## כה / אַלע יאָמערן...

אַלע װינטן זײַנען מײַנע קרובֿים,
אַלע יאָמערן גייען־מיט מיט מיר,
אַלע רויכן — פֿון מײַדאַנעקס אויוון,
אַלע טויטע שאָטנס בײַ מײַן טיר.

טויזנט נעכט אַזעלכע אין קאָשמאַרן...
און אויף אײביק שטייען פֿאַר מיר גרייט,
זייערע יסורים און געפֿאַרן,
זייער ערבֿ־טויט...

## כו / עס עקלט מיך פון מענטש...

עס עקלט מיך פֿון מענטש און זײַנע מעשׂים...
ער איז מיר מיאוס, מיאוס־טריף,
נישט נאָר דער קאַלטער הויטשינדער פֿון פּרײַסן,
דער פֿאַבריקאַנט פֿון מענטשנזייף.

נאָר אַלע צוויי מיליאַרד פֿון די יבשות,
וואָס האָבן צוגעקוקט דעם גרעסטן מאָרד —
עס עקלט פֿון בן־אָדם ביז חלשות,
עס נעמט מיך אָפּ דאָס וואָרט...

## כז / דאָס וואָרט...

און אויב דער מענטש מוז בלײַבן און שמוציקן די ערד,
טאָ זאָל ער כאָטש דאָס וואָרט פֿאַרלירן תּיכּף ומיד...
זײַן וואָרט וואָס איז פֿאַרסמט נאָך מערער ווי זײַן שווערד,
זײַן וואָרט וואָס שקרט־אויס אַזוי געשליפֿן גלאַט.

זאָל ער קראַקען ווי אַ קראָ און בילן ווי אַ הונט.
זאָל ער אויפֿפֿרעסן זײַן שכן, ווי דער קאַניבאַל —
נאָר אָן דער פֿראַזע, וואָס מאַכט פֿון לעבן מיסט און שונד...
דאָס וואָרט איז איצטער ווי אַ האַרץ אין חזיר־שטאַל...

## כח / איך דערגיי...

איך דערגיי אין מײַן גליִען ביז צו די שוועלן,
ביז צו די שוועלן פֿון גיהנום טרעבלינקע...
איך הער די גזלנישע קאַלטע באַפֿעלן,
איך זע די קרבנות אין ערבֿ־פֿאַרזינקען.

איך שרײַ און איך בעט זיך די זעלבע ענויִים,
איך ברענג זיך אַליין צו דעם שוואַרצן מזבח...
איך קאָן שוין נישט קומען צוריק צו די ברואים,
צו די וועלכע גריזשען דאָס לעבן מיט כּוח.

## כט / די ווערטער...

די ווערטער — זיי קריכן ווי ווערעם אויף שטיין.
די ווערטער — זיי ווילן צו מענטש נישט דערגיין.
זיי קומען צוריק אָפּגעשלאָגן, פֿאַרקלעמט,
זיי ליגן באַזונדער פֿאַרשטומטע, פֿאַרשעמט...

געמיינט — אויף דער ערד איז פֿאַרהיילט דער צער...
ווי שרײַיק עס טומלט בײַם ים דער בולוואַר...

געוועקט און גערופֿן, געטרויערט, געוויינט...
אַך, בלוטיקע טרערן!... עס האָט נישט געלוינט.

## ל / פֿאַרקלענערט...

ווי אַלץ איז פֿאַרקלענערט... דער הימל אַפֿילו,
פֿון וועלט און פֿון מענטשהייט די גאַנצע מגילה,
פֿון מעשׂי־בראשית ביז אונדזערע יאָרן —
ווי אַלץ איז דאָס איצטער פֿאַרקלענערט געוואָרן!

די אַלע פּאַלאַצן מיט בילדער און ביכער,
ווי עפּעס נישט נייטיק, ווי עפּעס נישט זיכער...
אַ מאַרקפּלאַץ פֿון ברוך און פֿון אַלטוואַרג מיט שימל —
ווי אַלץ איז פֿאַרקלענערט... אַפֿילו דער הימל.

## לא / דאָס קאָסט אונדז...

דאָס איז נישט קיין קינאָ... אַרויס און פֿאַרגעסן —
דאָס קאָסט אונדז אַ ביסעלע מער ווי אַ שילינג...
אַ פֿלאַם האָט געשלונגען, געברענט און געפֿרעסן
אין פֿינצטערן ווינטער, אין ליכטיקן פֿרילינג...

מען האָט זיי אין פֿײַער געוואָרפֿן די לײַבער,
מײַן ברודער, מײַן שוועסטער, מײַן פֿעטער, מײַן מומע,
די טאַטעס, די קינדער, די כּלות, די ווײַבער —
דאָס קאָסט אונדז... דאָס קאָסט אונדז די ייִדישע אומה.

## לב / אַ פֿראַגע...

צי האָט איר פֿאַרשטאַנען אין אײַערע לעצטע מינוטן,
אַז מיר זײַנען אַלע קרבנות פֿון שד?
אַז וועלט איז צו אויסראָט פֿאַרמשפּט אין גאַנצן, לחלוטין...
צי איז דאָס געווען אײַער לעצטער געבעט?

צי האָט איר באַוויזן אין אַנדערע לעצטע יללות
צו שילטן די וועלט פֿון גזלנישער מאַכט?
צי וועלן מקוים, מקוים גיך ווערן די קללות?
אָט דאָס איז אַ פֿינצטערע פֿראַגע בײַ נאַכט.

## לג / צוויי מאָמענטן...

ויפן, וירד משה מן ההר...

דער הימל האָט פֿון דונערן געציטערט,
ווען רוף אַלמעכטיקער האָט זיך דערהערט.
ווען משה איז אַראָפּ מיט דעם לא תרצח,
האָט גאָט אויף ס'נײַ געהייליקט אונדזער ערד.

דער פּרעזידענט פֿון ניו־יאָרק ביז מיזורי
האָט הײַנט צו וועלט גערעדט גאָר וואַזשנע רייד —
ער האָט אונדז אָנגעזאָגט די גרויסע בשׂורה:
די באָמבע, די אַטאָמישע, איז גרייט...

## לד / די אַשיקע שטויבן...

דער טויט האָט דאָס לעבן אונדז איבערגעשטיגן
און איבערגעלאָזן שגעון...
די אַשיקע שטויבן — זיי פֿאַלן און ליגן
אויף אונדזערע רגעס און שעהען.

איך האָב נאָך דעם אומקום אין זיך נישט פֿאַרנומען,
די צאָל פֿון די קרובֿים געטרײַע.
איך בין נאָך ביז איצטער צוריק נישט געקומען,
צוריק פֿון דער גרעסטער לוויה...

## לה / ווינט...

ווינט טראָגט־פֿונאַנדער דעם שטויב פֿון די בלומען...
טראָגט ער אַוודאי דאָס אַש פֿון מײַן מומען,
טראָגט ער דאָס אַש פֿון מײַן ברודער בצלאל —
ווינט, ווען איך הער דיך, דאַן בין איך מתפּלל.

ווינט איז דער זאַמלער פֿון זיפּצן מיליאָנען —
טראָגט ער ירושה צו קרובֿים מיליאָנען...
איך בין דאָך אויכעט אַן אָבֿל, אַ קרובֿ...
וועלט איז מיר חרובֿ.

## לו / אַ מאָדנער גורל...

אַ מאָדנער גורל, אַ שוואַרצער און אַ וויסטער:
אַז איך זאָל איבערלעבן מײַן משפּחה.
מײַן ברודער יוסף, אַ שווײַגער און אַ נסתּר —
אַ וואָרט פֿון אים געווען איז אונדז אַ ברכה.

מײַן לעצטער קרובֿ אַרײַן איז אין די פֿלאַמען
און איך — אַן אַלטער מיט מײַן עלנט... איינער.
אַ מאָדנער גורל... איך באַדאַרף עס זוכן גראַמען
און לידערקלאַנג אין אַש פֿון ברודערס ביינער.

## לז / וועלף...

עס האָבן וועלפֿישע העלדזער געוואָיעט
און אָנגעזאָגט פֿאַר וועלט אַ צרה...
און שאול דער שומר מיט אויגן אין טרויער
האָט גאָר נישט געהערט און געלערנט גמרא.

עס האָבן געציטערט פֿאַרפֿרוירענע ביימער:
ווי וועלפֿישע בייזקייט איז אייביק און אַלט...

מען האָט אים דערוואָרגן, דעם יידישן שומר,
דעם יידישן שומר פֿון גוייִשן וואַלד.

## לח / סטעלאַ זעמש...

זי האָט געהאַט אַזעלכע לײַכטע טריט, לײַכטע טריט,
ווי אַ זאַנג וואָס וויגט זיך שטיל, ווי אַ ריטעם פֿון אַ ליד.
זי האָט געהאַט אַ בליק, וואָס וועבט פֿון זיך אַליין געמיט —
דער טאַטע אירער איז געוואָרן אַ גראַדנער ייִד.

דער מערדער אירער איז געווען מײַן צײַט, מײַן ווילדער דור,
וואָס וואַרפֿט דאָס לעבן לעבעדיקערהייט אין קרעמאַטאָר...
איך שילט און גלייב איצט מיט עקשנות און ביז גאָר:
די וועלט מוז אונטערגיין... צו אַל די שוואַרצע יאָר!

## לט / די בליקן...

דעם טאָג איז נאָך ווי צו דערלײַדן —
איך לויף צו די טומלערס אַוועק...
אין חלום איז שווער צו פֿאַרמײַדן
די נעגל פֿון זינלאָזן שרעק...

די קרובֿים — זיי קומען אָן גופֿים,
איך זע נישט קיין פּיס און קיין הענט...
נאָר אויגן און אויגן, זיי רופֿן:
— פֿאַר וואָס ביסטו נאָך נישט פֿאַרברענט?

## מ / וואָס מיר ווייסן...

וואָס מער מיר ווייסן איצט, אַלץ וויסטער אונדז און ביטערער,
ווען קיום אונדזערער אין שטויב צעפֿאַלט...
עס וועט נאָך זײַן אַ וועלדל ווו אַ שיטערער,
נאָר זײַן וועט נישט דער אַלטער דעמבעוואַלד.

עס וועט נאָך ערגעץ זײַן אַ ביסל ייִדישקייט,
עס וועט נאָך זײַן אַ ייִדישער פּאָעט,
אַ יאַרמלקע אַ פּיטשינקע, אַ חסידישע —
עס וועט נאָך זײַן... נאָר זײַן וועט עס טאַנדעט [1].

## מא / פאַרלאָזענע מתים...

געוויינלעכער שטיין און אין מאַרמאָר געשליפֿן —
פֿיל ייִדישע דורות פֿאַרדעקט מיט מצבֿות,
מיט ייִדישע אותיות, ווי די היעראָגליפֿן,
געבראָכענע ליכט און געקרימטע מנורות.

פֿאַרעלנטע מתים, פֿאַרלאָזן פֿון לעבן,
מען קומט נישט מיט קוויטלעך, מען קומט נישט מיט בלומען,
מען קומט נישט צום נפֿטר געוואָרענעם רבין —
מען קומט נישט, מען קומט נישט, מען וועט שוין ניט קומען.

## מב / די יידישע טעפּ...

אין היימען דײַטשישע, בײַ די ליטווינערס, בײַ די לעטן,
אין אוקראַיִנע און אין פּוילן־לאַנד, פּויער און מאַגנאַט,
מען שלאָפֿן זיך אויס געשמאַק אויף קישנס ייִדישע און בעטן,
און מאָרד איז אָפּגעווישט, ווי טוי אויף גראָז און בלאַט.

זיי האָבן טריף געמאַכט די טעפּ די כּשרע, די פֿאַנען,
די מילכיק־פֿליישיקע, די פּסחדיקע טעפּ...
ווי מאַמעשי איז אונדז אין קיך אַ פּרײַטיק אָפּגעשטאַנען
און ווי געשמעקט האָט שוין דאָס עסן אויף די טרעפּ...

[1] פּאַרטאַטשנע, שלעכט, אָרעם.

## מג / יידיש...

מײַן ייִדיש איז פֿון ייִדישקייט, פֿון פֿאָלק, פֿון פּראַצעליײַט,
פֿון וועבערס, וועלכע וועבן אונדז טליתים אויס פֿון זײַד,
פֿון בשׂמים־קלייט, פֿון שניטגעוועלב, אין וואַלד־מסחר פֿאַרטאָן —
אַ הייליקע נישט־הייליקייט, וואָס קריכט נישט אויבן אָן.

דאָס דאַרף דאָך זײַן אַ כּבֿוד־זאַך צו ריידן אונדזער שפּראַך —
מיט פּסוקים און מיט אויסדרוקן פֿון חומש און תּנך.
אַ שפּראַך פֿון שאלות פּסקענען, פֿון היימישקייט און מאַרק,
פֿון אויסדויער און אויסטראָגן אַ גלות אויפֿן קאַרק.

## מד / אונדזער זכות...

אונדז איז נאָך באַשערט געווען דער גרויסער זכות
צו לעבן מיט אַ פֿאָלק, וואָס האָט געהאַט געשטאַלט,
וואָס האָט געהאַט געבעט און נוסח אין רשות,
מיט ייִדישקייט פֿאַרוואָרצלט, ווי אַ וואַלד...

דאָך ווײ איז אונדז מיט אונדזער זכות, וואָס דריקט ווי בלײַ!
מיר דרייען זיך אַרום אַ וויסטן באַרג מיט אַש —
און פֿעלקער לעבן... זיי גייען קאַלט פֿאַרבײַ
און שקרן מיט חוצפּה און מיט רעש...

## מה / אַמאַליקע חלומות...

פֿון וואָלקאָוויסק ביז ביאַליסטאָק — אַ הונדערט וויאָרסט.
געדענק איך אַ נאַכט, אַ געפֿרוירענע ערד.
עס קלאַפּט און עס טרייסלט, די פֿאָרסט און די פֿאָרסט...
עס שלעפּט אונדז אַ דאַרער, געפּגרטער פֿערד.

פֿאַל איך פֿון מידקייט אין דרימל אַרײַן,
זע איך די שטערן, זיי ליגן אויף דר׳ערד,

קוק איך אין נאַכטיקן הימל אַרײַן —
זע איך דאָרט טאַנצן דאָס געפּגרטע פֿערד.

## מו / דער פּאָעט...

און וואָס זאָל ער טאָן דער פּאָעט?
דער פּאָעט פֿון געשאָכטענע שטעט...
צי זאָל ער פֿאַרשילטן די שײַן?
צי זינגען פֿון ווילן און זײַן?

מײַן וואָרט גייט מיר נאָך, ווו איך גיי,
מײַן וואָרט איז פֿאַר קינדער, פֿאַר צוויי...
איינס אַ פֿאַרברענטע אויף קויל,
דאָס צווייטע וואָס וואַקסט אַזוי ווויל.

## מז / דער חורבן...

דער חורבן גייט־אַוועק פֿון אונדז אַלץ ווײַטער,
ער לעשט זיך ווי אַן אויסגעברענטער שײַטער.
אַ פֿונק — אַן אויג, אַ לעבן, אַ נשמה,
אַן אַשעלע און ווידער אַ נשמה.

דער חורבן גייט־אַוועק פֿון אונדז אַ שטומער —
ער וועט אַרײַן אין ווינטער און אין זומער,
אין נעכט פֿון ווינט, אין וואָלקנס אין געדיכטע,
אין ביכער, אין שטויב פֿון דער געשיכטע...

## מח / דבורה ליבאָוו פון קאַזמערזש

פֿאַר דײַנע גרויע האָר, וואָס זײַנען פֿון שייטל געקראָכן,
פֿאַר דײַנע אויגן פֿון אַ מאַמע־באָבע מיט בטחון,
פֿאַר דײַן פּנים פֿון אַ רביצין, וואָס פֿאַרקויפֿט קרעטאָנען,
פֿלעגסט באָרגן און די חובֿות דײַנע קיין מאָל נישט דערמאָנען.

פֿאַר אויספּוצן פֿיל כּלות צו דער חופּה מיט אַ ברכה.
פֿאַר געדענקען, ווו אַ דלות, ווו אַ צער אין אַ משפּחה.
פֿאַר אַלע דײַנע מעלות, פֿאַר דײַן נאָמען דבֿורה —
אַ קדיש ביז די הימלען דיר, אַ קדיש ביז צום בורא...

בית הכרם 1946־1947

## איך וויל*...

...איך וויל דאָרטן בעטן מחילה
בײַם פּשוטן ייִד איטשע־מאַיער...
וואָס איך האָב זײַן וועג און זײַן תּפֿילה
ניט שטענדיק פֿאַרשטאַנען, ווי טײַער.
וואָס אים איז דער תּהילים־קאַפּיטל
פֿיל מער ווי דער ראַדיאָ געפֿעלן,
וואָס ער האָט געשמייכלט מיט ביטול,
פֿון פֿליִען... מען טאָר עס ניט וועלן.
אַ ביטול פֿאַר יענע באַזונדער,
וואָס מאַכן דעם חשבון אָן בורא...
מען דאַרף דאָך אין גאַנצן אײן וווּנדער,
אַז מענטש זאָל צו מענטש זײַן אָן מורא.
די וועלט האָט געיובלט פֿון ניסים
און דו ביסט פֿון ווײַטן געשטאַנען,
די וועלט אָן אַ ריינעם געוויסן,
ווײַזט־אויס, אַז דו האָסט שוין פֿאַרשטאַנען
די שׂנאה, די פֿינצטערע שׂנאה,
וואָס רײַסט זיך צו שווערד און צו פֿײַער...
זי האָט דיך געזוכט צו געפֿינען,
זי האָט דיך געכאַפּט, איטשע־מאַיער!

---

* פֿון דער פּאָעמע דאָרטן.

געפֿאָרן בין איך קיין ארץ־ישׂראל אַכצן חדשים. דאָס איז נישט געווען בלויז „געפֿאָרן“. מען איז אויך אַ סך געלאָפֿן מיט די פֿיס, געלאָפֿן און געראַטעוועט זיך. געפֿאָרן מיט באַן, מיט שיף, מיט פּויערישע פֿורן און בענזין־וועגענער. געגאַנגען און פּשוט געקראָכן אויף אַלע פֿיר. אויפֿן מאַרק זײַנען געפֿאַלן פּעק מיט צרות. אין דער נשמה זײַנען אַרײַן אַ סך ווייטיקן, פֿרעמדע און אייגענע. די אויגן האָבן זיך צוגעקוקט צו יענעמס יסורים און האַרץ האָט נישט געקענט העלפֿן, נישט זיך און נישט דעם צווייטן. דאָס איז געווען אַ ביטערער וועג פֿון וואַרשע אָן. איז עס פֿאַרבליבן אין זכּרון: אַ בלוטיקע לוקאָוו, אַ לובלין, אַ ראָוונע. שטייען זיי פֿאַר די אויגן, די פּונקטן, די פֿאַרבלוטיקטע, און אַ קאָוונע און אַ מאָסקווע, אַן אָדעס. דערנאָך בולגאַריע, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַדאַנאַ, אַלעפּאָ, ביירוט.

צום סוף — די סירישע גרענעץ. מיר שטײַגן־אַרויס פֿון די וואַגאָנען. מיר דערזעען דעם ים מיט אַ סך קריגשיפֿן, מיט אַ סך האַרמאַטן בײַם ברעג. עטלעכע געבײַדעס, ווו די ענגלענדערס קאָנטראָלירן אונדזערע דאָקומענטן, אָבער נישט די ענגלענדערס אַליין. דאָ זײַנען אויך פֿאַראַן פֿאָרשטייערס און באַאַמטע פֿון דער ייִדישער אַגענץ. די ענגלענדערס זײַנען דאָ נישט אין גאַנצן זעלבשטענדיק. די ייִדן זײַנען אויך שותּפֿים צום קאָנטראָל. זיי קעמפֿן און פּראָטעסטירן בײַ יעדן פֿאַל ווו די ענגלענדערס ווילן קוועסטיאָנירן אַ וויזע, אַ שטעמפּעלע. דאָס גיט אונדז, אויסגעמאַטערטע וואַנדערערס, אַ סאַטיספֿאַקציע. דאָס גיט אונדז טרייסט. דערנאָך באַזוכט מען אונדז. מען קאָנטראָלירט די קעשענעס און וואַליזעס. איך בין רויִק. איך האָב נישט קיין וואַלוטע, נישט קיין גאָלד און נישט קיין בריליאַנטן.

איך האָב בלויז יסורים פֿון אַכצן חדשים. איך האָב זיי מיטגענומען פֿון טויזנטער און טויזנטער פּליטים, וועלכע זײַנען אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון זייערע היימען, אָבער דאָס איז אין האַרצן און דאָרט וועלן די שומרים פֿון געזעץ נישט קריכן. האַרץ בלײַבט דאָך אומ־באַרירלעך, אַפֿילו אויף אַ גרענעץ צווישן צוויי לענדער.

מען האָט אונדז געבראַכט אין אויטאָבוסן קיין חיפֿה. דאָרט, בײַם פּאָרט, האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויסער געבײַדע, און דאָ באַדאַרף מען אַרײַנשפּריצן אַ פּאַרציע אַנטי־טיפֿוס. הונ־דערט און פֿופֿצן זײַנען מיר געווען. צווישן די הונדערט און פֿופֿצן אַ העלפֿט חלוצים, וועלכע האָבן נישט אויפֿגעהערט צו זינגען פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָן. אין דעם געזאַנג זייערן הער איך, ווי מען רופֿט־אויס מײַן נאָמען. און אָט שטייט נעבן מיר אַ ייִד פֿון אַ יאָר פֿופֿציק. ער האַלט אין דער האַנט אַ טאַץ מיט אַ גלאָז קאַווע און קוכן. ער דערלאַנגט עס מיר. איך פֿרעג:

— פֿאַר מיר?

— יאָ, אַוודאי פֿאַר אײַך. איך האָב אײַך דערקענט. איך האָב דאָ אַ קאַווע־הויז בײַם פּאָרט. איך געדענק אײַך. איר זײַט געווען בײַ אונדז אין מאָגעלניצע אויף אַ פֿאַרזאַמלונג... איך האָב אײַך דערקענט.

דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, ווען מען ווערט אויסגעטיילט פֿון הונדערט און פֿופֿצן מאַן. און עס איז אויך נישט קיין קליינִי־קייט, ווען מען באַקומט אַ גלאָז קאַווע מיט פּלעצלעך, ווען מען וויל דאָס שטאַרק, ווען מען איז דאָרשטיק. איך האָב געטרונקען די קאַווע און געפֿילט, אַז דער עולם אַרום איז מיר מקנא. איך ווייס נישט, וואָס זיי זײַנען מיר מקנא: די קאַווע, צי דעם כּבֿוד?...

שפּעטער האָבן די אַגענץ־באַאַמטע אונדז צעטיילט. יעדן איי־נעם געשיקט אויף זײַן באַשטימטן פּלאַץ.

צו מיר איז איינער צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— אײַך, פֿרײַנד, וועלן מיר אַרויפֿפֿירן אויפֿן באַרג כּרמל.

דאָרט וועלן מיר אײַך אַרײַנזעצן אין אַ פּענסיאָנאַט. עסט, טרינקט און שלאָפֿט, וויפֿל אײַך ווילט זיך, רוט זיך אויס!

איך האָב געדאַנקט. אין צוואַנציק מינוט שפּעטער בין איך שוין געווען אין אַ פֿײַנעם צימער. איך האָב דערזען דעם ליכטיק־ציכטיקן געלעגער און זיך דערפֿרייט. איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און דערזען דעם ים, און איך האָב זיך פֿון איבערראַשונג נאָך מער דערפֿרייט. אַזאַ באַזילבערטן שטח וואַסער האָב איך שוין לאַנג נישט געזען. דער ים האָט געפֿאַליעט. די שיפֿן, וואָס בײַם ברעג, האָבן זיך געשאָקלט. ווײַסע זעגלען פֿון דער ווײַטנס, ווײַסע מעוועס. און איבער אַלץ אַזאַ רויִקער בלויער הימל... ווי קומט צו מיר אַזאַ רויִקייט? ווי וועל איך אײַנוויגן אין מײַן צערודערטן וועזן אַזאַ רויִקייט? איך בין געשטאַנען בײַם פֿענצטער, ווי אַ געפּלעפּ־טער, נישט געקאָנט צוריקגיין, כאָטש פֿיל מאָל האָט מען מיך שוין גערופֿן, איך זאָל דאָרט גיין צום טיש עסן — מען וואַרט אויף מיר...

בײַם טיש האָב איך געזען רויִקע מענטשן. זיי האָבן געשמאַק געגעסן, גוטמוטיק געלאַכט און אויסגעפֿרעגט בײַ מיר, ווי אַזוי דער וועג איז געגאַנגען. וואָס זאָל איך זיי ענטפֿערן? בײַ איין מי־טאָגזיץ זאָל איך זיי אויסדערציילן וועגן מײַנע אַכצן חדשים. בין איך אָפּגעקומען מיט עטלעכע ווערטער:

— מײַנע טײַערע, ווען מען וואָלט מיר אין ראָוונע צי אין ווילנע, אין אַ לוצק, צי אין אַ לוקאָוו דערלאַנגט אַזאַ מיטאָג, וואָלט איך צעטומלט געוואָרן ביז משוגעת פֿון אַזעלכע שפּײַזן. איך האָב אין ווילנע מיט איין קליין צוקערל געטרונקען טיי דרײַ טעג און גלייבט מיר: די טיי איז געשמאַק געווען...

בײַם טיש האָט מען געלאַכט און מען האָט זיך געוויצלט.

דערנאָך בין איך ווידער אין מײַן צימער. ס׳איז גוט, וואָס מענטשן בויען הײַזער מיט באַזונדערע צימערן; מען קאָן זײַן אַליין, ווען עס ווילט זיך זײַן אַליין. איך בין ווידער צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און ווידער דער ים. אַ גרויס, ענדלאָז בלוי אויג האָט זיך אָנגעשטעלט אויף מיר און גלעט מיט זײַן בלויער ווייכקייט

מײַן פֿאַרמאַטערטקייט, מײַן איבערמידקייט פֿון אַכצן חדשים וואַנדערן. און איך אַליין האָב אָנגעשטעלט מײַנע פֿאָר אויגן אויף דעם ים, אויף דעם וועלדל פֿון דער לינקער זײַט כּרמל און געטראַכט, ווי קומט עס אַזאַ רויִקייט און נאָך אַזוי פֿיל צערודערטקייט.

ביז עס איז טונקל געוואָרן האָב איך געקוקט פֿון מײַן פֿענצטער, ביז עס איז נאַכט געוואָרן. און דערנאָך האָט זיך עפּעס צעזונגען אין מיר, צעזונגען אָדער צעווייַנט. אָפּט, גאַנץ אָפּט איז דאָס איינס און דאָס זעלביקע:

„עס איז מיר געלונגען צו ברענגען אַהער
אַ ביסל נשמה, געראַטעוועט שווער...
אַ ביסל נשמה אין שטאָלץ אָפּגעהיט
פֿאַר ווערדע, פֿאַר מענטש און פֿאַר ייִד.
מײַן טרויער פֿון דאָרט און מײַן בלוטיקע צײַט,
ווי קאָן מען פֿאַרשווײַגן, ווען שווײַגעניש שרײַט.
מײַן טרויער פֿון וועג און פֿון ארץ די זון —
אפשר וועט עפּעס נאָך ווערן דערפֿון?"

דערנאָך האָב איך אָפּגעקערט מײַן קאָפּ פֿון פֿענצטער און אַ קוק געגעבן אויף מײַן צימער, אויף מײַן געלעגער, אויף מײַן ליכטיק־ציכטיק בעט. אַזאַ געלעגער האָב איך שוין לאַנג נישט געהאַט. איך האָב דערפֿילט די צעבראָכנקייט פֿון אַלע מײַנע גלידער און איין פֿאַרלאַנג האָט מיך פֿאַרכאַפּט: שלאָפֿן, שלאָפֿן, שלאָפֿן! געהאַט האָב איך דעמאָלט אַזוי פֿיל מידקייט, ווי איך וואָלט די גאַנצע אָנדערטהאַלבן יאָר נישט געשלאָפֿן. אַרײַן אין בעט און אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין. דאָס איז געווען אַזאַ מין באַפֿרײַטער שמייכל, אַ געזאַנג, אַ שמייכל, אַ פֿריידיקער שמייכל. איך האָב זיך דערמאָנט מײַנע געלעגערס. גאָט אין הימל, ווו האָב איך זיך נישט אויסגעוואַלגערט אין מײַנע וואַנדערונגען? אויף די גרויסע קישנס פֿון די קליינשטעטלשע, האַרציקע ייִדן; אויף די פּיטשינקע קישעלעך פֿון די גרויסשטאָטישע ייִדן, אויף די האַרטע בענק פֿון די וואַגאָנען, ערגעץ אין אַ קעלער, אויף אַ בוידעם, אויף אַ מאַרק, אויף

אַ פויערישן וואָגן... ווו נישט? אָבער אין געלעגער מײַנעם ווילט זיך מיר שענקען עטלעכע באַזונדערע שורות. דאָס איז געווען אין אַ דאָרף, צווישן כעלם און ראַוואַראָוו. איך מיט נאָך איינעם אַ פּליט זײַנען דאָרט אַרײַנגעקומען, ווען עס איז שוין געווען פינצטער. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ כאַטע. דער פויער איז אַרויס און פאַר־בראָכן מיט די הענט:

— טײַערינקע! איך האָב שוין מער קיין פּלאַץ נישט. אַלץ איז פאַרנומען. אַזוי פיל מענטשן אָנגעלאָפן...

— אָבער עס איז נאַס און קאַלט. מיר זײַנען אויך מענטשן.

— נישטאָ, נישטאָ מער קיין פּלאַץ.

— ווען מיר דאָ זיצן אויף דײַן שוועל.

— ניין! דאָס אויך נישט. דער דײַטש איז אַ כיטרער ממזר, ער האָט וועלפּישע אויגן. ער וועט אַפילו בײַ נאַכט דערזען, אַז דאָ דרייען זיך אַרום פאַרשווינען, וועט ער באָמבאַרדירן און פאַרברע־נען אונדזער דאָרף.

צום סוף איז דעם פויער אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק: ער וועט אונדז אַרײַנלאָזן אין חזיר־שטאַל. יאָ, אין חזיר־שטאַל. ער האָט אין גאַנצן איין חזיר, וועט ער אים אַרויסטרײַבן אויפן הויף און אָנשיטן אַ סך פרישע שטרוי, וועלן מיר האָבן אַ געלעגער. דער שטרוי איז טאַקע געווען פריש, אָבער די לופט... לאָמיר בעסער שווײַגן וועגן דעם. שלאָפן האָט מען שוין נישט געקענט. איז מען בלויז געלעגן אין געהאַקטע צרות. אָבער ליגן האָט מען שוין אויך נישט געקענט. דער חזיר האָט מיט זײַן חזירישער מאָרדע אויפגעפראַלט די טיר פון אונדזער נאַכטסאַלאָן, ער איז אַרײַן צו אונדז און גענומען שטויסן די צוויי נישט־געבעטענע אורחים מיט זײַן גאַנצן כּוח. מיר האָבן געמוזט אַרויסגיין פון דאָרט און איבערזיצן די נאַכט אויף אַ קלאָץ, וואָס איז געלעגן נעבן שטאַל.

דאָס אַלץ האָט זיך איצט דערמאָנט אויף דעם ווײַסריינעם גע־לעגער און דערפאַר האָט זיך געשמייכלט און דערפאַר איז גוט גע־ווען אויף דער נשמה. די וואָס האָבן נישט דורכגעלעבט אַזעלכע

אַכצן חדשים, וועלן קיין מאָל נישט וויסן דעם טעם פֿון אַזאַ געלע־גער און פֿון אַזאַ טײַערער נאַכט... דער ים האָט צוגעקלאַפּט און מיט זײַן שפּילעוודיקן קלאַפּן אײַנגעוויגט איינעם. אויף מאָרגן זײַנען געקומען עטלעכע צענדלינג מענטשן באַזוכן און דאָס האָט צו־געגעבן יום־טובֿדיקייט, חשיבֿות און פֿרײַנדלעכקייט. וואָס האָט מיר געפֿעלט? זון און ים, גוטע ווערטער פֿון ליבע מענטשן. זיי האָבן געוואָלט פֿאַרגיטיקן פֿאַר צרות פֿון אַ לאַנגן וועג.

אין דעם אָוונט פֿון מײַן צווייטן חיפֿה־טאָג האָט מען מיך אַראָפּגעפֿירט אין אַ פֿײַנעם רעסטאָראַן. דאָס האָט מען מיך גע־בראַכט אַהין, ווײַל הסתדרות האָט אָרגאַניזירט אַ גלעזל טיי פֿאַר מיר, אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿון ביעלאָפּאָלסקי. געקומען זײַנען איין און פֿערציק פּראָמינענטע און פֿון די איין און פֿערציק האָבן פֿער־ציק גערעדט ייִדיש, געגעבן שבֿחים אין ייִדיש. געבענטשט זאָלן זיי זײַן! ווײַל אין עבֿרית וואָלט איך דעמאָלט די פֿערציק שבֿחים נישט פֿאַרשטאַנען. זיי האָבן גערעדט ייִדיש און איך האָב דאָס אָנ־גענומען נישט פֿאַר מײַן כּבֿוד וועגן, נאָר פֿאַר ייִדיש כּבֿוד וועגן. זאָל זײַן אַזוי צי אַנדערש — איך בין ווידער אַוועק רויִק שלאָפֿן און דער ים האָט ווידער אײַנגעוויגט אין אַ גוטן שלאָף.

*

איינער אַן אונדזעריקער, אַ טאַלאַנטירטער שרײַבער, האָט גע־זאָגט אין אַן אינטערוויו פֿאַר אַ ייִדישן זשורנאַליסט, אַז בעת ער איז געווען אין ארץ־ישׂראל און האָט געשפּאַצירט אויף די בערג אַרום ירושלים, האָט ער דאָרט דערפֿילט די טריט פֿון יעזוסן. גיי, גלייב אים אויפֿן וואָרט. מען קען אים אָבער רויִק ענטפֿערן: דאָס איז נישט אמת.

מיר, ייִדן, האָבן אונדזערע געפֿילן פֿאַר דער ייִדישער פֿאַר־גאַנגענהייט און די דאָזיקע געפֿילן פֿאַרנעמען בײַ אונדז דעם אויבנ־אָן. מיר האָבן איגענע געפֿילן פֿאַר קיום און זכרונות. ווען מען דערזעט פֿון ווײַטן די בערג אַרום ירושלים, וועקט זיך עפּעס אויף

אין זכּרון. מען טראַכט וועגן די בערג, ביז מען דערטראַכט זיך צו די נביאים. אַזוי איז בײַ די בערג פֿון ירושלים און אַזוי איז בײַ די בערג פֿון טבריה און פֿון צפֿת. אַזוי איז אין גאַנץ ארץ־ישׂראל.

איך בין געפֿאָרן מיט הונדערטער ייִדן און איך האָב פֿון קיי־נעם נישט געהערט, אַז זיי האָבן דערפֿילט די טריט פֿון יעזוסן. מען האָט אים קיין מאָל נישט דערמאָנט. ווײַל מען האָט גאָר אַנדערע זאַכן פֿון אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט דערמאָנט. אַלץ, וואָס מען גע־דענקט פֿון חומש און תּנך, דערמאָנט זיך אַ ייִד, ווען ער זעט די לאַנדשאַפֿט פֿון ארץ־ישׂראל. בלויז די אויטאָמאָבילן און די לאַסט־וועגענער, וואָס ווערן פֿון בענזין געטריבן, רײַסן־איבער די רעפֿ־לעקסן. אין יענע אוראַלטע צײַטן זײַנען קיין אויטאָמאָבילן נישט געווען. איך בין געפֿאָרן אין אַ סך קיבוצים. (וועגן די קיבוצים איז דאָך שוין אַזוי פֿיל געשריבן געוואָרן). נישט איינער פֿון די, וואָס האָבן דעם קיבוץ אָפּגעגעבן דאָס לעבן, איז געווען אַ בן־יחיד און אויסגעצערטלט געווען פֿון טאַטע־מאַמע. נישט איינער פֿון זיי איז געקומען פֿון אַ רײַכער פֿאַמיליע, כּדי דאָ צו שטאַרבן פֿון מאַלאַריע אָדער פֿון אַן אַראַבישן מעסער. נעבן יעדן קיבוץ אַ בית־עולמל און די מצבֿות דערציילן פֿון יסורים און מאַרטירערײַ. קיין ארץ־ישׂראל זײַנען געפֿאָרן ייִדן, וועלכע האָבן געוואָלט פֿאָרן, און אַזעל־כע וואָס האָבן געמוזט פֿאָרן. די בכורה קומט פֿאַר די ערשטע. די פֿון קיבוץ האָבן אַלע געוואָלט פֿאָרן.

איך וועל נישט פֿאַרגעסן דעם יונגן מאַן, וועלכן איך האָב גע־טראָפֿן בײַ אַ טראַקטאָר אין מיטן פֿעלד. מיר האָבן זיך פֿונאַנדער־גערעדט און צום סוף פֿון שמועס האָט ער כּמעט ווי אַ געשריי געטאָן:

— איר הערט, אָט דאָ, אויף דער ערד אָדער אין דער ערד, קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ!

דאָס האָט געקלונגען ווי אַ שבֿועה.

די פֿעלדער אַרום, וואָס זײַנען אין ייִדישע הענט, אָטעמען מיט לעבן. די יונגע וועלדער און וועלדלעך טאַנצן פֿאַר די אויגן, ווי

אַנזאַגערס, גוטע אַנזאַגערס. אַ ביסל ווײַטער ליגן שטיקער ערד, ווי מתים, צוגעדעקט מיט אומגעלומפּערטע מדבר־שטיינער. אַראַבישע ערד און אַראַבישע שטיינער.

אויף די פּנימער פֿון די עלטערע חלוצים זעט מען קנייטשן און סימנים פֿון לאַנגן קאַמף פֿאַר אַ ביסל וואַסער, פֿאַר בעסערע גע־רעטענישן. איך האָב גערעדט מיט אַ פֿאַסטעך און אים געבעטן, ער זאָל מיך מיטנעמען אויף אַ טאָג אין די טאָלן דאָרט, ווו די פּי פּי־טערן זיך.

— גייט־אַוועק! — זאָגט ער צו מיר — איר וועט נישט אויס־האַלטן די היץ. די זון וועט אײַך אַוועקפּטרן.

אָבער ער און אַנדערע האַלטן־אויס. אין זאַך האָט מיר גע־וווּנדערט און אַפֿילו געערגערט: פֿאַר וואָס אַזאַ פּוריטאַניש לעבן, אַזוי פֿיל אָפּזאָג און שפּאָרזאַמקייט, ווען פֿאַר די אויגן שוועבן דאָ אַזוי פֿיל הינער, קאַטשקעס, גענדז און אינדיקעס? פֿאַראַן סטאַדעס מיט שעפּסן. פֿאַראַן קי מיט אָקסן. אַנדערע קיבוצים האָבן אויך פֿיש. דאָס אַלץ גייט פֿאַר די שטעט. אַזוי פֿיל פּרוכטן: מאַראַנצן, פֿײַגן און ווײַנטרויבן — אַלץ פֿאַר די שטעט. אַליין עסט מען קאַרגע עסנס אויף די ביליקסטע טעלערס, אויף האַרטע טישן. פֿאַר וואָס אַזוי? פֿאַר וואָס נישט אַנדערש?

אויף דעם ענטפֿערט מען מיר:

— מיר האָבן חובֿות. מיר מוזן אויסצאָלן דעם קרן־קימת.

— איר האָט חובֿות? עס דאַכט זיך, אַז אײַך קומט מען חובֿות.

— הע, מען וועט זיך אַמאָל אויסגלײַכן!

איין מאָל בין איך אַוועקגעגאַנגען אַ ביסל ווײַטער פֿון די בנינים ווו מען אַרבעט, ווו מען עסט און ווו מען שלאָפֿט. עס איז געווען הייס. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויף אַ שטיין. פֿון ווײַטן האָבן זיך געשפּילט קינדער. האָבן זיי דערזען, אַז איינער זיצט אויף אַ שטיין אַ מידער, זײַנען זיי צוגעקומען נענטער און אַ מיידעלע האָט געפֿרעגט:

— אַתּה רוצה מים[1]?
— לא — האָב איך איר געענטפֿערט — אַני רוצה יין[2].
— יין רק בפּסח[3].

און אין תּל־אָבֿיבֿ טרינקען אַ סך מענטשן יעדן טאָג ווײַן.

איך האָב געקוקט מיט מײַנע אויגן, געזאַמלט פֿאַקטן און עפּי־זאָדן, כּדי צו אָנערקענען און כּדי צו זײַן אין אָרדענונג מיט זיך אַליין. עס האָבן אויך געטראָפֿן קוריאָזע עפּיזאָדן. אין דגניה אַלף איז פֿאַראַן אַ גרויסע פֿאַבריק פֿון דיקט און פֿאָרניר. טייל איך זיך אָפּ פֿון דער מחנה, מיט וועלכער איך בין געקומען פֿון תּל־אָבֿיבֿ. איך גיי־אַרײַן אינעווייניק שטיל. עס איז מיטאָגצײַט. ברעטער און ברעטלעך, קלענערע און גרעסערע מאַשינען. הינטער די מאַשינען זע איך איין מענטש, אַ ייִד מיט אַ גרויסער, געלער באָרד. ער קלאַפּט־צונויף מיט אַ האַמער. קוק איך אויף דעם ייִד. ווילט זיך מיר ריידן מיט דעם ייִדן. אין דעם קומען אַרײַן אין דער פֿאַבריק נאָך צוויי ייִדן, דײַטשישע ייִדן. איינער מיט אַ ציגאַר אין מויל, דער צווייטער אָן אַ ציגאַר אין מויל. אָבער ביידע געזונטע מיט ברייטע פּלייצעס, הויכע, פֿעסטע. זיי קוקן זיך אַרום און, ווען זיי דערזעען דעם ייִדישן אַרבעטער מיט דער געלער באָרד, רופֿט זיך איינער אָפּ צום צווייטן:

— שאַוען זי איין מאַל, דער יודע העמערט[4].

זיי זײַנען איבערגעראַשט. זיי זעען ווי אַ ייִד אַרבעט. בײַ זיי דאָרטן, אין דאַרמשטאַט אָדער אין דרעזדען האָבן זיי דאָס נישט געזען. ווילט זיך מיר עפֿענען דאָס מויל און נעמען שרײַען צו זיי:

— יעקעס, וואָס איר זײַט, ייִדישע יעקעס, געזונט זאָלט איר זײַן! אין מײַן ביאַליסטאָק זײַנען געווען צוואַנציק טויזנט גאַרבערס און וועבערס. יעקעס האַרציקע, וואָס ווערט איר אַזוי נתפּעל פֿון איין ייִדן וואָס אַרבעט? אין דעם גראָדנער קרײַז, אין סוויסלאָטש,

---

[1] דו ווילסט וואַסער? — [2] ניין, איך וויל ווײַן. — [3] ווײַן איז בלויז פּסח. — [4] גיט נאָר אַ קוק: דער ייִד האַמערט.

קרינקי, סאָקאָלקע, אין סקידל און אַ סך שטעטלעך — טויזנטער און טויזנטער גאַרבערס, בערשטערס, סטאָליערס און אַנדערע פֿאַכן. אין לאָדזש — ייִדישע וועבערס און אין זדונסקאַ־וואָליאַ זאָקן־מאַכערקעס. גאַנצע פֿאַכן ליגן אין ייִדישע הענט. אין פּאַריז — די קאַסקעטניקעס. אין לאָנדאָן — די מענטל־מאַכערס. אין אַמעריקע אַליין — הונדערטער טויזנטער ייִדישע אַרבעטערס! און דאָ, מיט אַ מאָל, „דער יודע העמערט"...

נישט גערעדט מיט די „דײַטשן". איך בין געלאָפֿן בעסער כאַפּן מײַן מיטאָג. אין וועג וויל מען אַ סך עסן און די חבֿרה־לײַט קאָנען אַלץ אַראָפּשלינגען. פֿאַר אונדז האָט מען צוגעגרייט אַ בעסערן מיטאָג און צום דעסערט פֿרישע, גרויסע מאַראַנצן, גלײַך פֿון בוים, פֿון ייִדישן בוים.

געווען איין מאָל אין גבֿעת ברענער. שפּרײַזנדיק אַליין מיט זיך אַרום די פּרדסים, האָב איך באַמערקט אַ בוים, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט מײַן נשמה. דאָס איז געווען דער מימאָזע־בוים מיט דער צאַרטער, געלער בלום. דער בוים האָט געבליט און דער ריח איז פֿון אים געגאַנגען אויף אַ שטיק אַרומיקייט. אָבער אין ערגעץ נישט, נישט אין דרום־פֿראַנקרײַך און נישט אין קרים, האָב איך אַזאַ גרויסן מימאָזע־בוים געזען. איז דאָס געווען אַ טאַטע־בוים, אַ זיידע, אַן עלטער־זיידע־בוים, און אַזוי פֿיל געלע, דופּטיקע צווײַגעלעך!... איך האָב זיי גענומען פּליקן, רײַסן מיטביידע הענט, מיט לײַדנשאַפֿט, מיט שנעלקייט, און דערבײַ געמורמלט צו זיך אַליין:

— פֿאַר אַלע מײַנע צרות, פֿאַר אַלע וואַנדערוועגן, פֿאַר אַלע געפֿאַרן, פֿאַר געטאָ און געלע לאַטע, פֿאַר אָפּגעריסנקייט פֿון משפּחה...

מען איז צו מיר צוגעלאָפֿן:

— מה, אַתּה משוגע?

— כּמעט... — האָב איך געענטפֿערט.

די פֿירערס פֿון גבֿעת ברענער האָבן מיך זייער ביטער אויסגעזידלט:

— אַ חרפּה, אַז אַ מענטש זאָל זיך אַזוי באַגיין! דער בוים איז דאָך אַלעמענס, אַ שותּפות־אייגנטום פון ישובֿ...

איך האָב געענטפערט:

— הערט זיך איין, טײַערע! אַ גאַנץ לעבן האָב איך געגנבֿעט בלומען בײַ פרעמדע. דערלויבט מיר איין מאָל צו גנבֿענען בײַ אייגענע . . .

מײַן אָפּעלאַציע האָט געווירקט. מען האָט מיר אַמנעסטירט. און איך בין אַוועקגעפאָרן מיט אַ גרויסן בוקעט מימאָזן קיין תּל־אָבֿיבֿ. דער בוקעט האָט אונדז באַלויכטן דעם גאַנצן וועג... דער אויטאָבוס איז אונדז ליכטיק געווען פון די בלומען און יעדע האַנט האָט זיך צו מיר געצויגן:

— אַ צווײַגעלע...

איך האָב אַלעמען אײַנגעטיילט און געבראַכט אַ סך צווײַגעלעך קיין תּל־אָבֿיבֿ און גלײַך אין קאַפע „גנתי“. בײַ אונדזער טישל זײַנען געווען עטלעכע פרײַנד. מען לאַכט גוטמוטיק פון מײַנע בלומען און מען פרעגט גלײַכצײַטיק, ווי אַזוי איך האָב פאַרבראַכט די דרײַ רײַזעטעג.

— גוט, אַ מחיה. אָבער וואָס הערט זיך דאָ? וואָס איז מיט דער מלחמה? וואָס אין פוילן?

מען האָט מיר עפּעס געענטפערט און אין דעם ענטפער איז געווען אַ פראַזע, אַ פראַזעלע, אַ רמז, אַן אָנזאָג: מיט די פוילישע ייִדן איז ביטער...

— גאָר נישט... מען זאָגט, מען דערציילט. איינער האָט געהערט אין מיטן נאַכט אַ ראַדיאָ...

— וואָס? וואָס?

— מען זאָגט, מען מורמלט, אַז מען פאַרסמט זיי. מען פירט זיי אַרויס אין אַנדערע שטעט. מען פאַרשלעפּט זיי ערגעץ. אָבער דאָס זײַנען בלויז קלאַנגען...

איך האָב די בלומען מײַנע אַוועקגעלייגט אויפן טיש. שפּעטער זײַנען זיי פון טיש אַראָפּגעפאַלן און נאָך שפּעטער האָט מען זיי

צעטראָטן. בײַם טיש האָט מען נאָך לאַנג גערעדט, איבערגעגאַנגען אויף אַנדערע טעמעס. איך האָב געשוויגן. דאָס מויל האָט זיך נישט געעפֿנט. איך האָב נישט באַמערקט, ווי די פֿרײַנד מײַנע זײַנען אַוועק. איינער פֿון זיי האָט געהאַט אַ היים. דער צווייטער האָט גע־האַט אַ בילעט אין טעאַטער. אַלע זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען — אין טעאַטער, קינאָ, קאָנצערטזאַל. איך האָב זיך פֿון אַלע זאַכן אָפּגעז־זאָגט. געגעבן זיך אַ נדר, אַז כּל־זמן מען וועט די ייִדן נישט אַרויס־לאָזן פֿון געטאָ, וועל איך קיין אין שוישפּיל ניט זען און קיין מו־זיק נישט הערן. איך האָב קיינעם נישט צוגערעדט, ער זאָל מיר נאָכטאָן. דאָס איז מײַנע אַ פּריוואַטע זאַך. איך האָב שוין מײַן טע־אַטער: די מלחמה מיט די געטאָס, מיט דעם חורבן... און ביזן הײַנטיקן טאָג, שוין זיבן יאָר, אַז איך ווייס שוין נישט ווי אַ פֿילם זעט־אויס.

זיצט מען אַזוי אין גערטנדל פֿון „גנתי״ איינער אַליין אין דער פֿינצטער און אין מוח עגבערט אַ פֿראַזע: „מען פֿאַרסמט זיי״.

— מען פֿאַרסמט די פּוילישע ייִדן...

*

שפּראַך איז אַלץ. איך קען זיך גאָר נישט פֿאָרשטעלן, ווי מיר וואָלטן אויסגעזען אָן שפּראַך. איך האָב אַמאָל, אין בעלגיע, אין ליעזש, געזען ווי וואַלאָנישע און פֿלעמישע פּריוואַט־דאָצענטן האָבן זיך געשלאָגן אויף די טרעפּ פֿון אוניווערסיטעט — פֿאַר שפּראַך. פֿאַר די גאָרגלען האָט מען זיך געכאַפּט און געשטיקט איינער דעם צווייטן. אָבער נישט וועגן דעם וויל איך דאָ ריידן. איך וויל אויך נישט באַלײַכטן אונדזער אייגענעם שפּראַכנקאַמף. אין די שורות בײַם שרײַבן וויל איך נישט אַרײַנטראָגן דעם טאָן פֿון קאַמף, פֿון פּאָלעמיק, פֿון איראָניע.

איך וויל גוטמוטיק דערמאָנען די סבֿיבֿה פֿון מײַנע זיבן יאָר, מײַנע פֿרײַנד, זייער פֿײַנעם ווילן צו מיר און מײַן קורטואַזיע צו זיי. אַ סך מאָל האָט מען זיך נישט פֿאַרשטאַנען און אַ סך מאָל

האָט מען זיך יאָ פֿאַרשטאַנען. מען האָט זיך באַמיט קעגנזײַטיק צו פֿאַרקלענערן אַ דיסאָנאַנס. איך געדענק אין די ערשטע טעג פֿון מײַן זײַן אין תּל־אָבֿיבֿ איז צו מיר אין קאַפֿעטעריע צוגעקומען ד״ר ראָזענפֿעלד, דער פֿירער פֿון ברית עבֿרית עולמית, און ער, דער פֿאָרשטייער פֿון אַ וועלטלעכן העברעיִשן פֿאַרבאַנד, האָט גלײַך אָנגעהויבן צוריידן צו מיר שטיל, אינטים:

— מען וועט צו אײַך אַרײַנשיקן אַ מענטש...

— יאָ — האָב איך געזאָגט.

— וועלכע שעה ווילט איר און וויפֿל שעה איר ווילט.

— יאָ!

— און דער מענטש וועט לערנען מיט אײַך העברעיִש.

מער קיין יאָ האָב איך שוין נישט געזאָגט. איך האָב אויפֿגעהויבן די אויגן אויף ד״ר ראָזענפֿעלד און אים געשענקט אַ גוטן שמייכל. איך בין דעמאָלט געווען שוין באַלד אַ זעכציקער און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז צו זעקס יאָר בין איך שוין געלאָפֿן פֿון חדר, געלאָפֿן און אַנטלאָפֿן בײַ יעדער געלעגנהייט. צו זעקס יאָר האָב איך נישט געוואָלט גיין אין חדר. און ווי וועט עס זײַן איצטער? איך האָב געהאַט וואָס צו ענטפֿערן ד״ר ראָזענפֿעלדן. געהאַט גאָר אַ סך צו ענטפֿערן. אָבער ער איז זייער אַ ווױלער ייִד און מיר זײַנען גוטע פֿרײַנד. דאָך האָט זײַן פּראָפּאָזיציע אַ קאַפּיטשקע געערגערט. מען האָט עס נישט געדאַרפֿט. איך האָב נאָך אַ מאָל אויפֿגעהויבן אויף אים די אויגן:

— גוט, דאָקטער ראָזענפֿעלד! איך זע דאָך אײַער גוטע כּוונה. אָבער לאָמיר דאָס אָפּלייגן אויף דעם טאָג, ווען מען וועט די ייִדן פֿון פּוילן אַרויסלאָזן פֿון געטאָ. דעמאָלט בין איך גרייט אויף אַלץ.

מיט דעם האָט זיך דער „פּעדאַגאָגישער“ שמועס געענדיקט.

עס זײַנען געווען נאָך אַ היפּש ביסל אינצידענטן מיט מיר. געווען בײַסיקע צײַטונג־אַרטיקלען, נאָטיצן, שטעכווערטלעך אויף מײַן חשבון. איך האָב נישט רעאַגירט. און זאָל דאָס גיין אַ כּפּרה פֿאַר איין זיפֿץ פֿון אַ פֿאַרוווּנדעטן חייל אין ארץ־ישׂראל. איך האָב קיי־

נעם נישט געענטפערט און נישט געפירט קיין קאַמף קעגן העב־רעיִש און נישט פאַר ייִדיש. אויף צענדליגער איינלאַדונגען פון די קיבוצים, איך זאָל אַרויסטרעטן אין ייִדיש, האָב איך געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט דעם קריגערישן שפּראַך־עניין אין אַזעלכע טעג, ווען מיליאָנען ייִדן האָבן אַזוי ביטער געליטן.

און נאָך עפּעס: איך האָב זיך צוגעקוקט און באַקומען דעם בעסטן איינדרוק, אַז די העברעיִסטן פירן אַ מלחמה, וועלכע זיי האָבן שוין לאַנג געוווּנען אין ארץ־ישׂראל. זיי האָבן דאָס קינד. יע־דעס יאָר קומען־צו טויזנטער קינדער מיט העברעיִש אויף די ליפּן. אין קינדער־גאָרטן, אין די פאָלקשולן, אין די גימנאַזיעס. דאָס איז אַ שטאַרקע פּלאַנץ. זיי שפּילן זיך אויס, זיי לעבן זיך אויס, זיי קושן זיך אויס אין העברעיִש. קיין שטאַרקערער אַרגומענט ווי די קינדער איז נישטאָ. הלוואַי וואָלטן די ייִדישיסטן געהאַט אַזעלכע געבענטשטע יורשים!

עס וואָלט געווען נישט קלוג פון מיין זייט צו דערקלערן זיך דאָ אין ליבע צו ייִדיש: איך בין אַליין דורך און דורך ייִדיש. מיר האָבן אויך איצט דאָס רעכט צו קעמפן פאַר דער שפּראַך פון אונד־זערע טאַטעס און זיידעס. קעמפן מיט אַלע מיטלען פאַרן טייערן ייִדיש.

ביי די ברעגן פון ווייסל, בוג און סאַן, ביים דניעפּער און דניעסטער זיינען געלעגן הונדערטער און הונדערטער ייִדישע ישו־בים, וועלכע האָבן געלעבט מיט אונדז. זיי האָבן אונדז גערופן. דורות גערדויערט ביז עס קומט אַזאַ שלום עליכם און אַזאַ פּרץ. ייִדיש איז געווען און ייִדיש וועט שטענדיק זיין דער פּאַנצער קעגן דער פאַרקריפּלטער אַסימילאַציע. געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס לאָזן דעם פּאַנצער נישט אַרויס. ייִדיש... אויסגעבלוטיקטער ייִדיש...

אין מאָסקווע, אין קערענסקיס צייטן, האָב איך אָנגעשריבן אַ קורץ ליד, אַ מין הימען צו ייִדיש, וואָס איז שפּעטער פּלאַקאַטירט

געוואָרן אין אַ סך אוקראַיִנישע לייענער־זאַלן, ביבליאָטעקן און קולטור־צענטערס:

זאָל דאָס זײַן פון גאָטס מתנות,
צי פון גלות אַ ירושה...
טראָג זיך, טראָג זיך פרײַ פון האַרצן
אונדזער יידישע קדושה!

דו פּאַראייניקסט אונדזער אומה
איבער גרענעצן און ימען —
ווער עס שעמט זיך מיט זײַן לשון,
יענער שעמט זיך מיט זײַן מאַמען.

די אומה, דאָס פֿאָלק איז הײַנט אויסגעווייקט אין בלוט. דאָך וועלן מיר זיך נישט אָפּזאָגן פֿון דער גלות־ירושה, פֿון יידיש, וואָס איז די קרוין פֿון אַזוי פֿיל מאַרטירערישע דורות.

אין ארץ־ישׂראל איז אויך פֿאַראַן אַ סך יידיש. דאָס וועפּט זיך נישט אַזוי לײַכט אויס. דאָס ווערט נישט צעטראָטן און דאָס ווערט נישט פֿאַרברענט. אָבער די קינדער...

די קליינע גילי, די פֿינף־יעריקע טאָכטער פֿון די בערגערס, ווו איך האָב געהאָט אַ צימער, זי, דאָס שוואַרץ־חנעוודיקע מיידעלע, איז געוואָרן מײַן דיקטאַטאָרין, מײַן לערערין. מיט די גרויסע קען מען זיך אַמפּערן; מען קען זיך איינער דעם צווייטן פֿאַרוואַרפֿן מיט פֿראַגעס און אָפּקומען מיט שפּאַס. אַ שפּאַס איז דאָס געווען, ווען איינער פֿרעגט בײַ מיר:

— וואָס הערט זיך בײַ דיר מיט העברעיִש?

האָב איך אויף דעם נישט איין מאָל געפֿרעגט דעם פֿרעגער מיט דער זעלביקער זיכערקייט:

— און וואָס הערט זיך בײַ דיר מיט יידיש?

אָבער מיט גילין קען מען נישט אָפּקומען מיט שפּאַס. זי רעדט צו מיר און מען מוז איר ענטפֿערן.

אָט קומט זי אַרײַן צו מיר אין צימער. דאָס צימער איז באַגאָסן מיט זון, אָבער וואָס פֿאַר אַ זון! די ליכטיקסטע זון, וואָס איך האָב

ווען עס איז געזען. שוין זיכער חדשים אין וועג. נישט אין פֿראַנק־רײַך, נישט אין בעלגיע, נישט אין האָלאַנד און אויך נישט אין ניו־יאָרק — אַזאַ זון האָב איך נישט מער. אומעטום איז די זון אַ ביסל פֿאַרטונקלט; אין ארץ־ישׂראל איז זי אין גאַנצן נאַקעט. וואַרפֿט זי ליכט בײַ מיר אין צימער, ווו די קליינע שטייט אַ באַשטראַלטע און אַ צעשטראַלטע. זי רעדט צו מיר.

— יש לי שׂמלה חדשה[5]...

איך מוז וויסן וואָס שׂמלה איז. איך מוז באַוווּנדערן איר קליידל, מיט וועלכן זי קאָקעטירט ווי אַ יונג ווײַבעלע. איך מוז געפֿינען ווערטער פֿאַר איר. זי איז אַ ווויל קינד, אַ שיין קינד. זי דערמאָנט מיר אין מײַן ברודערס טעכטערל, וואָס איז פֿאַרברענט געוואָרן צו־זאַמען מיט מײַן ברודער... איך האָב זי ליב. זי איז געוואָרן אַ טרייסט פֿאַר מיר. עס ווילט זיך פּלאַפּלען מיט איר. און עס ווילט זיך פֿאַר־שטיין, וואָס זי פּלאַפּלט. צי איך ווערטער פֿון זכרון. איך האָב דאָך אַמאָל געלערנט גמרא. אָבער אין פֿופֿציק יאָר איז אַלץ פֿאַרגעסן גע־וואָרן. איצט זײַנען מיר נייטיק די פֿאַרגעסענע ווערטער און אויס־דרוקן. פֿאַר גילין איז עס מיר נייטיק...

אָפֿט מאָל נעם איך זי פֿאַרן הענטל און מיר גייען ביידע אַרויס אויף תּל־אָבֿיבֿער גאַסן. זי איז שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי גייט מיט אַ דערוואַקסענעם... איך בין אָבער נאָך מער שטאָלץ, וואָס איך גיי מיט אַ קינד. אין מײַן עלנט, אָן אַ קינד און אָן אַ קרובֿ, פֿריי איך זיך, וואָס איך שפּאַציר מיט אַ שיין מיידעלע. זאָלן אַנדערע מיינען, אַז איך בין אַ זיידע. דער זיידע שמועסט מיטן איניקל. זי שטעלט פֿראַגעס און איך מוז ענטפֿערן. פֿעלן־אויס ווערטער. נעמט זי פּינט־לען מיט די אויגן און זשעסטיקולירן מיט די קליינע הענטלעך, ביז די ליפּן ריידן־אַרויס דאָס וואָרט, וואָס איך האָב נישט געקענט אַרויסריידן. זי זאָגט־אונטער, זי איז מײַן לערערין.

---

[5] איך האָב אַ נײַ קליידל.

אַוודאי וואָלט איך געוואָלט ריידן מיט איר ייִדיש און אויסדער־ציילן איר ייִדישע מעשׂהלעך, נאָר ווען איך גיי מיט איר אויף די באַזוניקטע גאַסן, פֿאַרגעס איך אַלע שפּראַכן פֿון דער וועלט. עס איז פֿאַראַן איין שפּראַך — גילים שפּראַך.

איין מאָל קומט זי אַרײַן צו מיר אין צימער, שטעלט זיך אַוועק אין אַ קאָקעטישער פּאָזע און נעמט זיך באַרימען:

— איך קען — זאָגט זי — עבֿרית, איך קען פּולנית, איך קען ערבית, אַנגלית.

— און ייִדיש קענסטו אויך?

ענטפֿערט זי:

— זאת לא שׂפה...

— ייִדיש איז קיין שפּראַך נישט.

פֿאַר אַ פֿינף־יעריקן קינד איז דאָס אַ צו־שטאַרקער און אַ צו־אומדערוואַרטער ענטפֿער. איך בין איבערגעראַשט. שרײַ איך אַרײַן צו גילים מוטער, וועלכע געפֿינט זיך אין אַ צווייטן חדר:

— פֿרוי פּאָליאַ! דאָס האָט איר זי אויסגעלערנט?

יענע פֿאַרענטפֿערט זיך. זי ווייסט נישט פֿון וואָס צו זאָגן. זי האָט אַליין ליב ייִדיש. לעבט זיך אויס אין ייִדיש:

— דאָס האָט גילי אַוודאי געהערט פֿון די דערוואַקסענע.

איז דאָס אַ קלייניקייט. מען האָט געלאַכט דערפֿון. קינדער פּלאַפּלען אָפֿט אַרויס נאָך מער ערנסטע זאַכן און דערבײַ ווייסן זיי אַליין נישט, וואָס זיי פּלאַפּלען. דער עיקר: די קליינע איז שיין. זי האָט טונקעלע אויגן און ליפּעלעך געשליפֿענע. זי האָט אַ פֿיגורל, וואָס זאָגט־צו זיך צו פֿאַרמירן אין אַ פֿײַן ווײַבלעך געשטאַלט. זי איז קאַטעגאָריש און באַפֿעלעריש, ווי אַ סך קינדער אין ארץ־ישׂראל. זי איז אָבער אויך גאַנץ אָפֿט טאָלעראַנט. אָט איז געקומען צו איר די חבֿרטע שושנה. מיר פֿירן אַלע דרײַ אַ שמועס. מיט אַ מאָל ווענדט זיך גילי צו שושנהן:

— לא תדברי עם סעגאַלאָוויטש טובֿ עבֿרית. טובֿ הוא לא מבֿין[6].

איך בין איר זייער דאַנקבאַר פֿאַר איר גוט הערצעלע. זי וויל מיר, נעבעך, אַרויסהעלפֿן. אָבער נישט אַלע מאָל איז זי אַזוי גוט. אָפֿט, ווען זי כאַפּט מיך בײַ אַ גרײַז, לאַכט זי מיך אויס און דראָעט מיך מיט אַ פֿינגערל. זי וועט זיך נאָך מיט מיר אָפּרעכענען... און איך וויל זײַן מיט איר אין אָרדענונג און אין פֿרײַנדשאַפֿט, פֿאַר יעדן פּרײַז. ווײַל זי איז גילי. ווײַל איר שמייכל רײַסט־אַראָפּ אַ שטיק פֿאַרקרימעניש פֿון מײַן אומעטיקן פּנים. ווײַל עס איז פֿאַראַן אַ ליכ־טיקע זון אין דעם לאַנד. און ווײַל ייִדן האָבן אַזוי פֿיל יסורים אויף דער ערד.

איך בין אַראָפּגעריסן געוואָרן, ווי אַ פֿאַרשימלט דאַכברעטל פֿון אַ גרויסן בנין. דער בנין איז געווען ייִדיש. איך האָב אים מײַן לעבן אָפּגעגעבן. די שפּראַך האָט שיינקייט. די שפּראַך האָט אמתע נשמה פֿון פֿאָלק, מיט געשליפֿענע פֿאָלקסווערטלעך, מיט געזאַלצענעם הו־מאָר. ייִדעס האָבן עס אונדז איבערגעלאָזט. און נישטאָ קיין מיאוסע־רע זאַך ווי פֿאַרטאַכלעווען אַ ירושה. איך בין גרייט ביזן סוף צו קעמפֿן פֿאַר דער גאַנצקייט פֿון דער ירושה. אָבער מיט גילין קען איך נישט פֿירן קיין שפּראַכדיספּוט.

זי קומט אַרײַן צו מיר, ווען איך שלאָף נאָך. זי נעמט מיך טרייס־לען, ביז איך כאַפּ זיך אויף, און דעמאָלט נעמט דאָס מײַלכעלע קלינגען:

— שלום, בוקר טובֿ! ווי ביסטו געשלאָפֿן? איך אַתּה מרגיש? ווי פֿילסטו זיך?

אַ ליכטיקער פֿרימאָרגן. די זון גייט אַלץ מער פֿלאַץ פֿאַרכאַפּן און גילי — זי פֿלאַפּלט. פֿון איר מײַלכעלע פֿאַלן ווערטער ווי פּערל, העברעיִשע פּערל. דאָס קלינגט ווי אַ פֿרימאָרגן־תּפֿילה. דאָס איז מײַן שחרית. איך וואָלט זי וועלן באַשיטן מיט מײַנע פּערל,

---

[6] זאָלסט נישט ריידן מיט סעגאַלאָוויטשן גוט העברעיִש. גוט פֿאַרשטייט ער נישט.

מיט יידישע האַרציקע אויסדרוקן, וואָס איך האָב נאָך פֿון חדר גע־נומען, פֿון פֿאַרשאָטענע גאַסן און געסלעך, פֿון אַ גאַנץ לעבן. אָבער גילי פֿאַרשטייט נישט די ווערטער. איז וואָס זאָל איך טאָן? נעמען שרײַען אויף איר?

— רייד יידיש!

זאָל זי מיר געזונט זײַן! איך וועל שוין זוכן מײַנע יידישיס־טישע אַמביציעס אין אַן אַנדער אָרט. זאָל דער ליכטיקער פֿרי־מאָרגן בלײַבן ליכטיק און זאָל גיליס פֿרײַנדלעכער בליק אַרײַן אין דעם פֿרימאָרגן מיט... העברעיש. מיר קומען־דורך. איך פּאַס זיך צו איר צו. איך געפֿין שוין די ווערטער. איך מוז זיי געפֿינען. אָט אַזוי גייען טעג, יאָרן. גילי וואַקסט און מײַן קענטעניש אין העב־רעיש וואַקסט אויך. איך וויס, אַז זי וועט מײַנע ביכער נישט לייע־נען אין יידיש, ווען זי וועט אויסוואַקסן. אַוודאי פֿאַרדריסט עס. אַוודאי איז עס קאָנפֿליקט, וואָס באַהאַלט זיך טיף אין האַרצן.

אַזעלכע שטילע קאָנפֿליקטן זײַנען פֿאַראַן נישט ווייניק. אָט קום איך אַרײַן אין אַ שטוב פֿון ראובֿן זיגעלבוים. ער איז אַ ברו־דער פֿון אַרטור זיגעלבוים. אַ געוועזענער שילער פֿון די וואַרשע־ווער יידישע שולן. אַ געוועזענער אַקטיאָר פֿון יונג־טעאַטער. די יאָרן פֿון דער מלחמה געוואַלגערט זיך אין סאַמאַרקאַנד. דערנאָך צוריקגעקומען אין אויסגעליידיקטן פּוילן. באַגעגנט זיך מיט אַ מיידל און חתונה געהאַט. דאָס מיידל איז געווען אין קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער. אַ חבֿרטע געווען אין השומר הצעיר. עס האָט זי גע־צויגן קיין ארץ־ישׂראל. און אין תּל־אָבֿיבֿ איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן אַרטאַ, אַ נאָמען נאָך אַרטור זיגעלבוים. אַ פֿײַן קינד. אַן אָריגינעל קינד. נאָך איר פּנים זעט זי אויס צו זײַן די צוקונפֿטיקע יהודית. דאָס מיידעלע נעמט שוין ריידן. אָבער וועלכע שפּראַך? דער טאַטע וויל, אַז דאָס קינד זאָל ריידן יידיש. די מאַמע וויל — העברעיש. אָבער ניטביידע וועלן דעצידירן. די שפּראַכפֿראַגע פֿאַר אַרטאַן וועט פֿאַרענטפֿערט ווערן אויף דער שוועל פֿון זייער הויז, ווו אַרטאַ וועט זיך שפּילן

מיט די שכנישע קינדער, אין גן־ילדים, אין בית־הספר. שווער איינצובלוטיקן אין זיך אַ נייַע שפּראַך און נאָך שווערער איז זיך אָפּצוזאָגן פון דעם אייגענעם בלוט. שפּראַך איז בלוט. שפּראַך איז אַלץ...

*

הײַנט איז שבת און איצט איז נישט מער ווי נײַן אַ זייגער אין דער פרי. אָבער אויף די גאַסן, אויף די טראָטואַרן פון תּל־אָבֿיבֿ ציִען זיך שוין די קינדער־וועגעלעך, גאַנצע שנורן, גאַנצע קאַראַוואַנען מיט ייִדישע נײַ־געבוירענע יאַטעלעך. די וועגעלעך זײַנען ווײַסע, די הײַזער זײַנען ווײַס. און איבער זיי אַ בלויער דורכזיכטיקער הימל, וואָס ווערט קיין מאָל נישט באַנאַל. די בלויקייט איז שטענדיק פריש און האָסט אַלע מאָל דעם אײַנדרוק, אַז דו זעסט עס ערשט צום ערשטן מאָל.

מען שטופּט וועגעלעך; מען גייט צום ברעג פון ים. זעט עס אויס: דער ים איז אַ זיידע און צום זיידן גייט מען. מען וויל אים זאָגן: שבת שלום! מ׳וויל אים באַגריסן, מען וויל אים זען, דעם זקן, און מען וויל זיך פאַר אים ווײַזן. פון די ווײַטע גאַסן און פון די נאָענטע געסלעך: קינדער־וועגעלעך אָן אַ סוף. איך ווייס נישט, צי שלמה בן דוד המלך האָט געהאַט אַזאַ וועגעלע, צי יוליוס צעזאַר איז געפירט געוואָרן אין אַ קינדער־וועגעלע. און נאַפּאָלעאָן און אַנדערע געקרוינטע און נישט־געקרוינטע גדולים פון דער פאַרגאַנגענהייט — צי האָבן זיי געהאַט וועגעלעך? אָבער אין תּל־אָבֿיבֿ האָט יעדעס קינד אַ וועגעלע, אַ טאַטן, אַ מאַמע, אַן עלטער שוועסטערל — מען שטופּט די פיר רעדלעך.

שבת אין דער פרי שטופּט מען עס צום ברעג פון ים. דאָ איז אַזאַ קאַרנאַוואַל, אַ יום־טובֿ, אַ שטיפּפּלאַץ פאַר אַלע קינדער און אַ שפּאַציר פאַר די דערוואַקסענע. הונדערטער און טויזנטער שטולן זײַנען באַזעצט. מען טרינקט קאַווע בײַ די טישלעך, מ׳עסט אײַזקרעם,

מען פֿלירטעוועט, מען דיסקוטירט, מען דערציילט זיך קעגנזײַטיק, ווי אַזוי די וואָך איז אַוועק.

שבת אין דער פֿרי, אין דער ייִדישער שטאָט, בײַם ים. דער ים איז אַן אָפּגעצוימטער מיט אַן אײַזערנעם באַריער. מען שפּאַצירט אויף ברייטע טראָטואַרן. מען קען זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק און אַרײַנקוקן אין דער ווײַט, אַזוי ווײַט ביז עס דערמאָנט זיך דער „דאָרטן", פֿון וואַנען דו ביסט אַהערצו געקומען. בײַם ים, בײַ די באַריערן — טויזנטער ייִדן; אין ים באָדן זיך טויזנטער ייִדן; אַ ביסעלע געלעכטער, אַ ביסל שמועס אויפֿן קול, און אָט האָסטו די ייִדישע סימפֿאָניע. די מאַמעס מיט די וועגעלעך, די וועגעלעך מיט די קינדער, גליקלעכע קינדער, זיי וועלן אויסוואַקסן און נישט וויסן פֿון קיין דאָרטן... און מיר? בײַ וויפֿל ימען זײַנען מיר שוין געוועזן? בײַ וויפֿל טײַכן? און בײַ וויפֿל ברעגן האָט מען אונדז שוין פֿאַריאָגט?

די קינדער־וועגעלעך פֿאַרצאַמען דעם וועג פֿאַר די עלטערע מענטשן. נאָר קיינעם פֿאַלט נישט אײַן צו פּראָטעסטירן פֿאַר דעם דאָזיקן געדראַנג. פּונקט ווי דו שפּרײַזסט אין אַ גאָרטן, וווּ עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך בלומען. שפּרײַזסטו לאַנגזאַם און לאַנגזאַמער, מײַדסט־אויס, קערעוועסט[7] אַהער און אַהין, כּדי נישט אַרויפֿצוטרעטן אויף אַ בלום. די קינדער, די יחסנים פֿון הײַנט און פֿון מאָרגן, זיי דרעמלען אין זייערע ווײַסע קאַרעטקעס. זיי שמייכלען פֿון זון און פֿון ליכט. אָט שטייען צוויי וועגעלעך איינס נעבן צווייטן. אין די צוויי וועגעלעך — צוויי קינדער. איינס אַ ווײַס און דאָס צווייטע אַ שוואַרצס, אַ תּימנער. ביידע שפּילן זיך צוזאַמען. זיי ציִען די הענטלעך אויס, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן אַרומנעמען, זיך צונויפֿגיסן. דורות וועלן אַוועקגיין — וועלכע לײַבקאָליר וועט דאָ זיגן? ווײַס צי שוואַרץ?

עס איז דאָ פֿאַראַן אַ סך צו זען אין די שטעט און דערפֿער

[7] דרייסט, גיסט אַ ריכטונג.

פֿון ארץ־ישׂראל. און אַז מען זעט, טראַכט מען, מען מוז טראַכטן. טאָ זאָל מיר זאָגן די צוקונפֿט, וועלכער נוסח וועט דאָ זיגן? דער אייראָפּעיִשער צי דער אַזיאַטישער? אָדער פֿוןביידע צוזאַמען וועט ווערן איין ייִדישער נוסח? אָבער אַלץ איינס: די צוקונפֿט ליגט דאָ אין די קינדער־וועגעלעך. ווײַסע קינדער־וועגעלעך מיט ווײַסע קי־שעלעך. אַ מחיה צו קוקן, ווי אַזאַ פּיטשינקער תּימנער נפֿשל, אַ שוואַרצינקער, אַ באַוועגלעכער, אַ צאַפּלדיקער... ווי אַ פּרינצל, אַ ייִדישער, ווי קליין ער איז, ווי גרויס ער איז, אויף זײַן ווײַסן קי־שעלע. קענסט פֿון אים די אויגן נישט אָפּרײַסן. ער נײַגערט. קוקסט אויף אים און מוזסט זיך דערמאָנען די גאַנצע ייִדישע געשיכטע מיט אַלע אירע וווּנדערלעכע איבערגאַנגען.

מען שפּאַצירט און מען רעדט זיך אויס אויף אַלע שפּראַכן פֿון דער וועלט: מען שרײַט אויף רוסיש:

— וואָלאָדיאַ! שלום!

וואָלאָדיאַ שטעלט זיך אָפּ און באַגריסט זיך מיט זײַן פֿרײַנד.

— וואָלאָדיאַ! גדיע טי ביל וטשעראַ? מי ריעזאַלי וסיו נאָטש וו ברידזש... וואָדקו פילי [8].

מאָדנע קלינגט ער, דער „וואָלאָדיאַ“, אין דער ייִדישער שטאָט, אָבער ער איז נאָך נישט אין גאַנצן פֿאַרשווונדן, דער גויִשער נאָ־מען.

— מעראַכע!

צוויי קרימער ייִדן באַגריסן זיך אויף טאָטעריש.

— בוקר טובֿ! — שרײַט מען פֿון אַ סך זײַטן.

— דזשיען דאָברי, וואַנדאַ!

— גוט שבת! גוט יאָר!

— באָן זשור!

— גוד מאָנינג!

---

[8] ווו ביסטו געווען נעכטן? מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט „געשניטן“ אין ברידזש, געטרונקען בראָנפֿן...

— גוט מאָיען, הער גוסטאַוו!

הער גוסטאַוו איז נישט אַליין. אויף אַ לאַנגן לעדערנעם פּאַ־סיק שטופּט ער אַ כּלב. ביידע זײַנען זיי גרויס, איבערגעוואַקסן, אומגעלומפּערט פֿון איבערוווקס. דער הער גוסטאַוו שלעפּט זײַן הונט מיט געוואַלט; דער הונט רײַסט זיך אויף צוריק אויך מיט געוואַלט; סוף־כּל־סוף ווייסט נישט ווער וועמען עס שלעפּט... אָבער די באַוועגונג ווערט דורך דעם געשטערט און מענטשן בייזערן זיך. די מער אײַנגעהאַלטענע שמייכלען.

מען רעדט אויף אַלע שפּראַכן. דער ים האָט איין שפּראַך — דאָס איז די שפּראַך פֿון אויפֿגעגאַנגענע כוואַליעס, וועלכע צעקלאַפּן זיך כּסדר, כּסדר...

דער ברעג פֿון ים אין תּל־אָבֿיבֿ איז צוגעפּוצט מיט גרויס גע־שמאַק. די אײַזערנע באַריערן, די ברייטע טרעפּ, דורך וועלכע מען גייט־אַראָפּ צום וואַסער, די ביימער און די פּלאַנטן מיט די בלו־מען — אַלץ איז פֿײַן, און די עיריה, די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, פֿאַר־דינט דעם אמתן דאַנק.

געווען איז דאָרט איין געשמאַקלאָזיקייט. מ׳האָט אָפּגעפֿאַרבט אַ בנין אויף רויט. אין גאַנצן רויט. פֿון פֿונדאַמענט ביזן דאַך — רויט. מען האָט געוואָלט אָניאָגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. מען האָט געלאָזט אָפּפֿאַרבן אַ בנין אויף דעם קאָליר פֿון דער רעוואָלוציע און עס איז אַרויסגעקומען נישט קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר אַ געשמאַקלאָזיקייט. עס האָט געריסן די אויגן. צו פֿיל רויטקייט, און דערצו נאָך נישט קיין צוציִענדיקע רויטקייט, נאָר עפּעס אַן אָפּגע־בליאַקירטע. עס האָט זיך געשפּיגלט אין ים און די כוואַליעס זײַנען כּסדר געלאָפֿן אויף דער אָפּשפּיגלונג פֿון דער רויטקייט, געוואָלט עס אָפּשווענקען. לעצטנס האָט ווער געווירקט און דאָס הויז האָט שוין אַן אַנדער קאָליר. מען טאָר נישט איבערזאַלצן.

מער פֿאַר אַלץ, פֿון אַלע פֿאַרבן איז צו הײַנטיקן טאָג אין גאַנג די רויטע פֿאַרב. די מיליאָנען ווײַבער מיט זייערע רויט געפֿאַרבטע ליפּן און רויט געפֿאַרבטע נעגל האָבן רעקאָרד געשלאָגן פֿון נאָכ־

מאַכונג און באַנאַליטעט. מאַקס נאָרדוי רעדט אין זײַנע פּאַראַדאָקסן, אַז דער ערשטער, וואָס האָט געזאָגט צו זײַן געליבטער „דײַנע אויגן זײַנען בלוי ווי דער הימל" איז געווען געניאַל, די אַלע איבעריקע, וואָס חזרן־איבער די פֿראַזע, זײַנען באַנאַל. עס קען זײַן, אַז דער ערשטער, וואָס האָט געזאָגט „רויט", איז אפֿשר אויך געווען געניאַל. איין זאַך קען מען פֿילן אויף זיכער: אַז פֿון די אַלע רויטקייטן איז די שענסטע רויטקייט די רויטע, די פֿרישע, די שמעקענדיקע רויטע רויז.

ווען מען רײַסט־אָפּ די אויגן פֿון ים און פֿון די מחנות מענטשן, וועלכע שפּאַצירן בײַם ים, דערזעט מען די דעכער פֿון תּל־אָבֿיבֿ, דערזעט מען דעם גרויסן קאַליידאָסקאָפּ פֿון די שערענגעס[9] ווײַסע הײַזער. דעמאָלט האָט מען אַ ביסל נחת. די לײַכטקייט פֿון דער שטאָט פֿילט זיך אַרויס פֿון איר גאַנצן געבוי. די באַלאַגערונג פֿון דער אַלטקייט איז דאָ נישטאָ. אין תּל־אָבֿיבֿ זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וועלכע געדענקען, ווען יעדעס הויז האָט זיך אָנגעהויבן בויען און ווען עס האָט זיך פֿאַרענדיקט. שפּאַצירסט מיט אַזאַ איינעם און יענער זאָגט צו דיר פּלוצלינג:

— אָט דאָ, וווּ מיר שטייען איצט, איז געווען זאַמד. איך וועל שטענדיק ליב האָבן תּל־אָבֿיבֿ, ווי אַ טאַטע האָט ליב זײַן זון, ווײַל איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, ווי אַ סימבאָל פֿאַר זעלבשטענדיקייט. מיר וועלן תּל־אָבֿיבֿ נישט אַוועקגעבן פֿאַר די שענסטע שטעט. מיר וועלן בויען און איבערבויען. אַז מען וועט דאַרפֿן, וועלן מיר אַרײַנזעצן עטאַזשן[10] אין דער ערד. און אַז מען וועט ווידער דאַרפֿן, וועלן מיר זיך אויפֿהייבן צוואַנציק עטאַזשן אין דער הייך, ווײַל אַזוי איז אונדזער ווילן פֿון באַפֿרײַונג.

— אָט דאָ איז געווען זאַמד. מיר האָבן אים צוגעדעקט מיט לעבן און באַוועגונג.

וואָס זאַמד באַטײַט אין דער געגנט, האָב איך זיך איבערגע־

---

[9] (פּויליש) שורות. — [10] גאָרנס, שטאָקן.

צוויגט, ווען איך בין איין מאָל אַרויסגעפאָרן אַ פינף און צוואַנציק קילאָמעטער פון תל־אָביב, אַ קוק צו טאָן אויף אַ נייעם מושב. געזען האָב איך דאָרטן נייע הייזער און נייע גאַסן. פריש געפלאַנצטעביימער. אָבער דאָס זאַמד פון מדבר איז אַהין געקראָכן ווי אַ ריזיקע שלאַנג. געקראָכן אין די גאַסן, אויף די ביימער. געזען דאָרט אַ גאַס מיט אַ צוגעקלאַפּטן בלעכל: רחובֿ לעאָן בלום — איז דאָס זאַמד דערגאַנגען ביז דעם בלעכל. אַזוי ווי וואַסער קריכט און פאַרפלייצט מיט עקשנות און סטיכיע, מיט זיכערקייט אין זיך, אַז אים, דעם זאַמד, געהערט דער שטח. האָבן מענטשן עס באַזיגט. ייִדישע הענט זײַנען שטאַרקער. דאָס זאַמד שטעלט זיך אָפּ, די ביימער גלײַכן זיך אויס, די גאַסן ווערן ריין און אין די הײַזער לעבט דאָס לעבן.

תל־אָבֿיבֿ איז אויך געווען אַזוי זאַמדיק. און הײַנט איז דאָרט קיין שטויבעלע נישטאָ פון דעם מדבר. דאָס זאַמד האָט מען באַזיגט. איצט ווילן אונדזערע ייִדן פאַרגרעסערן די שטאָט און פאַרקלענערן דעם ים. מען וויל אַ שטיק ים פאַרשיטן און מאַכן גאַסן און בויען הײַזער. דאָס איז אַ פּלאַן פאַר דער נאָענטער צוקונפט. מען גלייבט אין דעם און מען וועט אים דורכפירן. דעמאָלט וועט מען די באַריערן, מיט די ים־טרעפּ אָפּרוקן אַ ביסל ווײַטער. די אַלע קאַפע־הײַזער וועלן זיך אַריבערטראָגן אויף דעם צוגעקומענעם באָדן. און די אַלע, וואָס שפּאַצירן דאָ איצט מיט שבתדיקן נחת־רוח, וועלן ווידער שפּאַצירן און קוקן אויף דעם. עס איז געווען גרויס. מען קען זיך פאַרגינען און צונעמען בײַ אים אַ שטיקל וואַסער־וועלט.

* * *

קוקסט אויף תל־אָבֿיבֿ פון ים־ברעג און פילסט די שבתדיקייט. אין תל־אָבֿיבֿ ווערט פּרײַטיק פאַר נאַכט אָפּגעשטעלט די גאַנצע אַרבעט. אַלע געשעפטן ווערן געשלאָסן, די אויטאָבוסן טאָרן נישט פאָרן. נישטאָ קיין אויטאָבוסן. אָבער די טאַקסיס לויפן. פאַראַן אַזאַ שטומער, נישט געשריבענער אָפּמאַך מיט די שומרי־שבתניקעס: די

טאַקסים מעגן יאָ פֿאָרן. אַ טאַקסי איז קליין, עס לויפֿט שנעל אַוועק... אָבער אַן אויטאָבוס מיט געפּאַקטע וואַגאָנען, מיט בילעטן, מיט אַרײַן און אַרויס — שבת זעט מען עס נישט. ווען גילי איז איין מאָל געפֿאָרן שבת אין אַ טאַקסי מיט איר מוטער, האָט זי פּלוצלינג דערזען אַן אויטאָבוס. עס האָט עפּעס פֿאַרבלאָנדזשעט אַן אויטאָבוס אויף אַ תּל־אָבֿיבֿער גאַס. גילי איז איבערגעראַשט געוואָרן און צו דער מוטער אירער אויסגעשריגן:

— אמא! מה זה? אוטובוס בשבת...

מיט אַ טאַקסי מעג מען; מיט אַן אויטאָבוס — נישט. דאָס איז די פּשרה פֿון לעבן.

פּונקט אַנטקעגן ים, מיט די פֿענצטער און טעראַסן צום ים, שטייען אַ סך קאַפֿע־הײַזער, רעסטאָראַנען, האָטעלן. דאָס הייבט זיך אָן מיט קאַפֿע „פּילץ". דאָ קומען אַלע רײַכע אויסלענדערס, אַלע פֿון דער גאָלדענער יוגנט, געלטזעק, פּוסט־און־פּאַסטניקעס; דאָ צאָלט מען טײַערער און דאָ קאָקעטירט מען מער. דערנאָך גייט די גרויסע קאַפֿע „גנת־ים"; דאָ טאַנצט מען געדיכטער, עטלעכע הונ־דערט פּאָרלעך מיט אַ מאָל; וואָס נענטער צו יפֿו הייבט זיך גרעסער דער טומל. אַ לאַנגער פּאַס מיט קאַפֿע־הײַזער מכּל המינים. יעדע קאַפֿע האָט אַ גראַמאָפֿאָן, יעדער גראַמאָפֿאָן האָט אַנדערע פּלאַטן, לאָזט מען די פּלאַטן אין גאַנג מיט דער הילף פֿון מעגאַפֿאָן, גייט עס אַוועק אַ מוזיקאַלישער וויניגרעט, אַ מישמאַש פֿון קלאַנגען. שטעלט זיך פֿאָר: פֿון איין קאַפֿעהויז לויפֿן די טענער פֿון „קאַרמען", פֿון צווייטן קאַפֿע — די טענער פֿון „מײַן שטעטעלע בעלז", פֿון דריטן — „דער פּערסישער מאַרק"... העברעיִש, ענגליש, פּויליש, פֿראַנ־צייזיש, קלאַסישע מוזיק און ביליקע קופּלעטן. אַלץ צוזאַמען. איינס פֿאַרשרײַט דאָס צווייטע. און דערצו אַ מחנה יונגע לײַט מיט אַלע שפּראַכן און דיאַלעקטן, מיט זייערע געשרייען. דערוואַקסענע — מיט זייערע רייד. און דער ים מיט זײַנע כוואַליעס און טויזנטער טריט, וואָס שאַרקען הין־און־צוריק. דאָס זעט מען שוין באַלד אויס ווי אַן אייראָפּעיִשער פּאָרט, ווי אַנטווערפּן אָדער שערבורג. עס

גייט־אָן אַ טומלדיק לעבן. דאָ לעבט זיך אויס עמך. ביסטו נישט
געשטימט פֿאַר אַזאַ אויסלעבן זיך, טאָ קער זיך אום צוריק און גיי־
אַרײַן אין „פֿאַרק־האָטעל”. דאָס איז אַ קאַפּעטעריע און אַ רעסטאָ־
ראַן. שבת אין דער פֿרי קלײַבט זיך דאָרט צונויף די ייִדישע אינ־
טעליגענץ פֿון תּל־אָבֿיבֿ. פֿריִער איז דאָס פּלאַץ געווען אין „קאַסי־
נאָ”, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן סאַמע וואַסער. דאָרטן איז אויך גע־
קומען ביאַליק און דאָרטן געוואָרפֿן זײַנע קלוגע ווערטלעך. ביאַליק
איז געשטאָרבן, די „קאַסינאָ” איז אין גאַנצן אַראָפּגענומען געוואָרן.
האָט דער עולם זיך אַריבערגעטראָגן אין דעם גרויסן קאַפֿעהויז
„סמרד” און פֿון „סמרד” אין „פֿאַרק־האָטעל”. יעדן שבת אין דער
פֿרי קומט דער זעלביקער עולם און מען זיצט בײַ די טישן אין די
זעלביקע גרופּעס, פּונקט ווי פֿאַראַכטטאָגן שבת. דאָס איז אַ נישט־
אָפֿיציעלער קלוב פֿאַר דער ייִדישער אינטעליגענץ, אַ קלוב אָן אַ נאָ־
מען, אָן לעגיטימאַציעס. דאָס בעסטע, וואָס תּל־אָבֿיבֿ פֿאַרמאָגט. דאָ
זיצן פּאָליטישע טוערס, וועלכע רײדן וועגן פֿאַבריקאַציע און פֿאַב־
ריקאַנטן, רײדן וועגן פּאָליטיק. נישטאָ קײן טעמע, וועלכע ווערט
דאָ נישט באַרירט, און אַלץ אין אַ רויִקן, אַקאַדעמישן טאָן. עס קו־
מען אין „פֿאַרק־האָטעל” זשורנאַליסטן, דיכטערס, באַנק־דירעק־
טאָרן, פֿירערס פֿון קאָאָפּעראַטיוועס און מען שמועסט זיך דורך
אינטים. און עס איז אַזאַ אײַנדרוק, אַז פֿון די אינטימע שמועסן קו־
מען אָפּט אַרויס וויכטיקע זאַכן פֿאַר דעם ארץ־ישׂראלדיקן כּלל.
איך האָב אין ערגעץ נישט באַגעגנט אַזאַ צוזאַמענקומען. דאָ קען
מען עפּעס הערן און עפּעס זיך לערנען, ווען מען וויל וויסן, וואָס
ארץ־ישׂראל איז. איך פֿלעג די גאַנצע וואָך וואַרטן אויף דעם שבת,
כּדי ווידער צו זײַן מיטן דאָזיקן עולם, און איצט פֿעלן זיי מיר. עס
פֿעלט זייער רויִקייט, זייער אײַנגעזעסנקייט און עס פֿעלט די שבת־
דיקע רויִקייט. ווען איך בין איצט דורכגעגאַנגען עטלעכע גרויסע
שטעט אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, האָב איך דאָס נאָך שטאַר־
קער דערפֿילט: ייִדישער עולם איז נאָך ווייניק; מען דאַרף האָבן אַ
שבת פֿאַר אונדז; אַזאַ „פֿאַרק־האָטעל” מיט אַזעלכע ייִדן, וואָס איך

האָב דאָרטן באַגעגנט. אָן אַזאַ מין שבת איז די וואָכעדיקייט נאָך מער וואָכעדיקער און נאָך מער שווער.

ווען אין „פּאַרק־האָטעל" געפינען זיך עטלעכע הונדערט מענטשן און עס גייט־אָן אַזאַ איינגעהאַלטענער טאָן, מיינט מען, צום אָנהייב, אַז די ייִדן אין „פּאַרק־האָטעל" זיינען אָפּגעריסן פון אַלץ און אַלעמען. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. זיי זיינען אַ טייל פון דעם ישובֿ. זיי אַרבעטן מיטן ישובֿ און אָטעמען מיט אים. אַפילו אין די שעהען פון אָפּרו, אַפילו אין אַזאַ שבתדיקן פרימאָרגן, אין די שעהען פון דער בעסטער מנוחה. דער עולם איז דאָ, ווי אַ פּאַרלאַמענט־קאָמיסיע, וועלכע באַטראַכט אַלץ זאַכלעך, אַלץ וואָס קען נאָר ברענגען פּראַקטישע נוצן...

* * *

דער לעצטער ים, ווו איך האָב זיך געבאָדן ערבֿ דער לעצטער מלחמה, איז געווען דער באַלטישער. געווען אַזאַ פישערדאָרף ביי גדיניע אין פּוילן. קאַרווי האָט דאָס דאָרף געהייסן. געווען זיינען מיר דאָרטן אַ גרופּע פריינד פון לאָדזש און וואַרשע. געווען שמעון ווישעוויאַנסקי פון לאָדזש, אַ פאַבריקאַנט פון געדרוקטע קרעטאָנען. אַ פאַבריקאַנט איז ער בלויז געווען אין זיין פאַבריק; אין דער היים ביי זיך, אַ טיף אינטעליגענטער מענטש, פאָרזיצער פון „אָרט", בויער פון ייִדישן האַנטווערקער־וועזן. געווען איז דאָרטן זיין פרוי פאַני, אַ לעבנסלוסטיקע שיינע פרוי. געווען איר שוועסטער ראַיאַ טרילינג, איינע פון די שענסטע פרויען אין פּוילן. געווען גיניע בערקאָוויטש פון וואַרשע. געווען סטעפי האַבער פון וואַרשע, דעם יונגן מאָלער האַבערס פרוי מיט איר זעלטענער פיגור... געווען אַ פיינער בוקעט פון מענטשן. און דאָך האָט זיך אַ גרופּע פּאָליאַקן אָפּגערוקט פון אונדז. עס האָט זיי נישט געפּאַסט צו זיצן מיט אונדז אויף דעם קאַרווער זאַמד און צו באָדן זיך אין באַלטישן וואַסער אין איינעם...

— זשידזשי! — האָבן זיי געזאָגט און אַוועק וויַטער.

איצטער באָדן זיך דאָ אַ סך פּוילישע משפחות צוזאַמען מיט

יידן. זיי זײַנען געקומען אַהער פֿון איטאַליע, פֿון אייראָפּע — ווי פּליטים זײַנען זיי געקומען אַהער. פֿון אַלע עקן וועלט: פֿון גריכנ־לאַנד, פֿון בולגאַריע, פֿון רוסלאַנד, מיט שיקאָרסקיס אַרמיי. זיי באָדן זיך און שרײַען אין וואַסער צוזאַמען מיט די יידן. די זעלבי־קע שטראַלן בריִען זיי, די זעלביקע וואַסערן קילן זיי. אַ סך פֿון זייערע קינדער לערנען זיך אין העברעיִשע שולן און זייער פּויליש איז שוין געמישט מיט העברעיִשע ווערטער:

— מאַמאַ! — שרײַט אַ יאַטל, אַ פּוילישער — מאַמע! קופּ מניע ענבֿים, קויף מיר ווײַנטרויבן!

„קופּ מניע" אויף פּויליש; ענבֿים — אויף העברעיִש.

אין אַ צווייטן אָרט הערט מען אַ קריסטלעך קולכל פֿון אַ מיי־דעלע:

— מאַמאַ! אַני רוצה גלידה... אײַזקרעם...

אַלץ צוזאַמען גייט עס אַרײַן אין שבתדיקן כאַר. ווי מאָדנע די ערד האָט זיך אַ דריי געטאָן פֿון פֿישערדאָרף קאַרווי ביז דער שטאָט תּל־אָבֿיבֿ מיט דעם מיטללענדישן ים, מיטן ברעג, מיט די מענטשן, מיטן שבת! איך וויל שוין מאַכן מײַנע אויספֿירן מיט מײַנע פֿראַ־געס. איך וויל דערמאָנען און פֿאַרגלײַכן: דאָ און דאָרטן... נאָר אָט קומט ווידער אָן דער גרויסער דײַטש מיט זײַן גרויסן כּלבֿ; זיי שלעפּן זיך בײַנאַנד. הער גוסטאַוו צוריק, דער כּלבֿ — פֿאָרויס. ווען איך בין אַ צירק־דירעקטאָר, אַנגאַזשיר איך זיי ביידן. פֿאַר אַ קוק אויף זיי, מעג מען עפּעס באַצאָלן. אַ סך זאַכן האָב איך אין לעבן מיט מײַן ביסל אינטויִציע פֿאַרשטאַנען און נאָך מער זאַכן נישט פֿאַרשטאַנען, אָבער אַן אמתער שווערער רעבוס איז פֿאַר מיר די „הינטישע" ליבע. דאָס איז דאָך אַ שווערע זאַך, האָדעווען אַ הונט, דרעסירן, שפּײַזן און נאָכגיין דעם פּירפֿיסיקן נפֿש, ווען אין דער זעלביקער צײַט איז מען צום אייגענעם ברודער אַזוי גלײַכגילטיק... איך קוועל־אָן אַ ביסל פֿון די צוויי אַקראָבאַטן, פֿון הער גוסטאַוון מיט זײַן כּלבֿ, און איך וואַרף אַ בליק אויף דער גאַנצער פּאַנאָראַ־מע, אויף דעם ים, תּל־אָבֿיבֿ און דעם ריזיקן עולם, וואָס לאָזט זיך

דאָ פֿאַרברענגען. אַזש דער אָטעם פֿאַרכאַפּט. די אויגן ווייסן נישט אויף וואָס פֿריִער צו קוקן און די אויערן זײַנען פֿול מיט קלאַנגען, מיט געשריי און וואָרט, מיט וואָרט פֿון אַזוי פֿיל שפּראַכן, אויף וועלכע עס פּלאַפּלען קינדער פֿון איין פֿאָלק. העלבלאָנדע, שאַטינען און ברונעטן, שוואַרצע און האַלבשוואַרצע, בלויע אויגן, ביראויגן און שוואַרצע קאַרשן־אויגן. אײַנגעהאַלטענע טריט פֿון חכמים און שנעלע, נערוועיִשע טריט. זיי לאַכן און שפּאַסן, זיי שווײַגן און שרײַען, זיי באָדן זיך בײַם סאַמע ברעג און שווימען ווײַט אַוועק, אַז מען זעט בלויז פּינטעלעך פֿון זיי — קינדער פֿון איין פֿאָלק.

דער שבת איז דאָ געקומען און פֿול געמאַכט דעם ברעג פֿון ים און דעם ים גופֿא. טויזנטער קערפּערס שלײַדערן זיך אין די כוואַליעס און טויזנטער כוואַליעס טאַנצן איבער די קערפּערס. דער ים־ברעג איז איבערגעפֿולט, אין די קאַפֿע־הײַזער געפֿינט מען נישט קיין איין פּלאַץ. די קאַפֿע־הײַזער און אַלע קיאָסקן פֿון קאַלטע געטראַנקען זײַנען אָפֿן בלויז אין דעם ראַיאָן, וואָס פֿירט צום ים און בײַם ים גופֿא. אויף הערצל־גאַס, אויף דער גאַס נחלת בנימין און אַנדערע גאַסן פֿון צענטער איז אַלץ פֿאַרמאַכט. בלויז בײַם ים־ברעג קען מען עסן אײַזקרעם אָדער טרינקען אַ גלאָז קאַווע. פֿאַר דעם ים האָט מען דרך־ארץ. אַפֿילו די שומרי־שבתניקעס האָבן דרך־ארץ פֿאַרן ים.

רויכערן פֿרײַ אויף אַ תּל־אָבֿיבֿער גאַס איז נישט קיין אײַנגענעמע זאַך, ווײַל דאָ און דאָרט, דער אָדער יענער — מען בייזערט זיך דערפֿאַר און מען זידלט גאַנץ פֿײַן אויס. איך האָב נישט ליב, ווען מען מישט זיך אין מײַנע מצווה־זאַכן. דאָך, איין מאָל, האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ תּימנער פֿרוי מיט אַזאַ בליק, אַז איך האָב זיך דערשראָקן. איך האָב גערויכערט און זי האָט עס דערזען און אויסגעשריגן:

— בשבת?

אַלע דורות פֿון שבת־געזעץ, אַלע הייליקייטן פֿון שבת, געלײַ־

טערטע פון דורות, האָבן אַרויסגערעדט פון איר „בשבת?״... איך האָב אַוועקגעוואָרפן דעם פּאַפּיראָס און געשטעלט פּיס.

*

די מלחמה האָט פאַרשפּעטיקט מײַן קומען קיין ארץ־ישׂראל אויף אָנדערטהאַלבן יאָר. אין זומער פון 1939 האָב איך אונטערגע־שריבן אַן אָפּמאַך מיט דער רעדאַקציע פון הײַנט אין וואַרשע. נאָך יענעם אָפּמאַך האָב איך געדאַרפט אָנשרײַבן פאַרן הײַנט אַ ראָמאַן פון ארץ־ישׂראל און צוליב דעם טאַקע זיצן דאָרט אַ יאָר צײַט. איך האָב זיך דאָס אונטערגענומען מיט גרויס נײַגעריקייט. אָבער איי־דער איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מײַנע צוגרייטעניש, מיט וויזעס און פּאַפּירן, איז היטלער אַרײַן אין פּוילן.

אַנשטאָט אַ דיכטערישער שליח בין איך אַרײַנגעקומען אין ארץ־ישׂראל אַ צעבויקערטער [11] פּליט. איך האָב אין וועג פאַרלוירן די בעסטע כּוחות, פאַרלוירן מוט, גלויבן. איך האָב מיטגעבראַכט אַ גרויסע אָנגעשראָקנקייט: די ייִדן אין פּוילן זײַנען אין געפאַנגענ־שאַפט — וואָס וועט זײַן מיט זיי? שוין נישט געווען צו טראַכטן וועגן שרײַבן אַ ראָמאַן. ווען אַ וועלט ברענט, שרײַבט מען נישט קיין ראָמאַנען. איך האָב זיך פאַראַנקערט, געפונען מײַן קאַפעהויז, פאַרנומען אַ שטאַמטישל אויף גאַנצע זיבן יאָר.

דאָס טישל איז געשטאַנען אין גערטנדל פון קאַפע „גנתי״, בײַ דער וואַנט פון אַ שכנישן מויער. צווישן מויער און טישל — אַ גרויסער קאַקטוס, אַ דרײַ מעטערדיקער, אַ שטעכעדיקער, אַן אויס־געפלאָכטענער פון גרינע צווײַגיקע שווערדן, אַ שותּף צו אַלע מײַנע ביטערע טראַכטענישן, צו אַלע געווונטשענע און נישט־געווונטשענע באַגעגענישן. ווען מען האָט צו האַסטיק אויסגעשטרעקט די האַנט אין זײַן ריכטונג, האָט ער געשטאָכן. אַ בייזער קאַקטוס, אָבער אין דער זעלביקער צײַט אַ שיינער, אַ פרישער גרינער און אַן אימפּאָ־זאַנטער.

[11] צעשלאָגענער, צעבראָכענער.

איך האָב מײַן טישל פֿאַרנומען מיט דעם דערלויבעניש פֿונעם קאַפֿע־אייגנטימער און קיינעם נישט אָפּגעטראָטן. דאָס איז געווען מײַן אייגנציקער מגרש[12], מײַן אייגנציקע טעריטאָריע. ער האָט גע־האַט מעלות, מײַן טישל. פֿון אים האָט מען געזען די גאַנצע קאַ־פֿעטעריע מיטן עולם. געזען האָט מען פֿון מײַן זיצפּלאַץ אויף אַ שטיק בן־יהודה־גאַס. און אַז מען זעט און מען פֿאַרטראַכט זיך, זעט מען אַ ביסל ווײַטער.

איין מאָל איז מײַן טישל פֿאַרנומען געוואָרן דורך דרײַ פֿאָ־ליציייִשע אָפֿיצירן — אַ ייִד, אַן אַראַבער און אַן ענגלענדער. דער ייִדישער האָט געהייסן קרעמער: דער אַראַבישער — נאַשאַשיבי; דער ענגלישער — ווער ווייסט אים דאָרט? יחסנים. זיי האָבן נישט געוואָלט אַוועקגיין. האָב איך געפֿאָדערט. עס איז געוואָרן אין קאַ־פֿעהויז אַ שטיקל טומל, אָבער דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט דער באַ־ווּסטער שופֿט קאָרנגרין, וועלכער איז געזעסן אין דער זײַט. און ער האָט אויפֿן אָרט געפּסקנט, אַז איך בין גערעכט. די דרײַ אָפֿי־צירן האָבן זיך אַריבערגעקליבן צו אַ צווייטן טישל מיט ברוגזע מינעס.

דער שופֿט קאָרנגרין האָט געשמייכלט און געפֿרעגט בײַ מיר:

— איר האָט אַזוי ליב אײַער טישל?

— דאָס איז נישט וויכטיק, אָדון שופֿט! וויכטיק איז, אַז פּאָ־ליציאַנטן זאָלן נישט באַזיגן די פּאָעזיע. איר פֿאַרשטייט? בײַ אַן איינזאַמען מענטשן איז אַלץ אַן ענין, אַפֿילו אַ שאָקלדיקער טיש אין אַ קאַפֿע־הויז.

איך האָב דאָרט גערוט בײַ דעם טישל און נישט גערוט. איך האָב דאָרט פֿאַרבראַכט מײַנע זיבן יאָר. דאָרט האָב איך געזאַמלט פֿרײַנד, טײַערע פֿרײַנד, אויף אַלע איינזאַמע מענטשן געזאָגט גע־וואָרן. אין ארץ־ישׂראל האָט מען צײַט צו זײַן אַ פֿרײַנד...

אין תּל־אָבֿיבֿ לויפֿט מען נישט אַרײַן אין אַ קאַפֿעטעריע אַ פֿאַר־

---

[12] אַ פּלאַץ, אַ שטיקל באָדן.

סאָפּעטער. מען קומט־אַרײַן געלאַסן, מען זעצט זיך אַוועק באַקוועם, אָנגעלענט. דער קעלנער קוקט נישט אויף דיר ווי אויף אַ זיצנדיקן אָנשיקעניש. מעגסט זיצן שעהען לאַנג. און תּל־אָבֿיבֿ איז דאָך נישט קיין שטאָט פֿון לײדיק־גײערס. תּל־אָבֿיבֿ אַרבעט גאַנץ גענוג. נאָר אַ ביסעלע געבענטשטע צײַט לאָזט מען איבער פֿאַר זיך און פֿאַר פֿרײַנד. עס איז פֿאַראַן געמיט אין ארץ־ישׂראל. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז דאָס גרעסטע פֿאַרמעגן פֿון ישובֿ. הלוואַי ווײַטער אַזוי, פֿון דור צו דור... געבראַכט האָבן דאָס געמיט נישט די דײַטשישע שטײַפֿע ייִדן, נישט די פֿרענקישע קאַרגע ייִדן, נאָר טאַקע אונדזערע ייִדישע ייִדן פֿון פּוילן, וואָלין, ווײַסרוסלאַנד, ליטע און אוקראַינע, און אויך דער תּימנער ייִד. אַ ים מיט גמרא־ווערטלעך, פֿאָלקס־ווערטלעך, שנעלע אויפֿפֿאַסונגען, לאַקאָנישע פֿראַגעס און אינטעליגענץ אין גאָר אַ פֿײַנער פּראָפּאָרץ.

* * *

פֿון 1941 ביזן סוף פֿון דער מלחמה איז אין ארץ־ישׂראל אָנגעגאַנגען אַ שטילע מיליטערישע מאָביליזאַציע. די ייִדן האָבן געשיקט זײערע זין אין די ענגלישע פֿאַרמאַציעס. יעדע אָרגאַניזאַציע און יעדער קיבוץ האָט געשיקט פֿון זײַן קערפּערשאַפֿט אַ טייל פֿון זײַן בעסטער יוגנט. מען האָט אַגיטירט אויף פֿאַרזאַמלונגען, אין דער פּרעסע. די אַגיטאַטאָרן פֿלעגן אויך אַרײַנקומען אין די קאַפֿע־הײַזער. מען האָט געפֿאָדערט דאָקומענטן. די רעוויזיאָניסטן און נאָך אַנדערע גרופּעס זײַנען געווען קעגן דער מאָביליזאַציע, ווײַל דער ענגלענדער גיט גאָר נישט דערפֿאַר און ער וועט גאָר נישט געבן. אַפֿילו אַ שטיקל ערד טאָר אַ ייִד נישט קויפֿן. האָבן די אָנהענגערס און די קעגנערס פֿון דער מאָביליזאַציע זיך געקריגט און געזידלט. מען האָט זיך אַפֿילו געכאַפּט שלאָגן מיט שטולן. צום גליק זײַנען די שטולן געווען לײַכטע, פֿון שטרוי געפֿלאָכטן...

איין מאָל איז מען צו מיר אויך צוגעקומען:

— ואַתּה... און דו? פֿאַר וואָס גייסטו נישט אין זעלנערײַ? היטלער שעכט־אויס דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק... ואַתּה?

האָב איך זיי געענטפֿערט, די ווילע בחורים:

— מיט מײַן כּוח קען איך קוים די פֿעדער מײַנע האַלטן... נאָך מײַנע יאָרן באַדאַרף איך שוין זײַן אַ גענעראַל...

— ווען מיר זען. מיר וועלן איבעררײדן מיט וועמען מען דאַרף. אפֿשר וועט מען דיך מאַכן פֿאַר אַ גענעראַל.

אַזוי האָט זיך איינער אָפּגעוויצלט, און די גאַנצע גרופּע האָט בײַם אַוועקגיין מיר סאַלוטירט, ווי מען סאַלוטירט אַ גענעראַל.

אָן אַ שפּאַס איז עס קיין מאָל נישט אָפּגעגאַנגען. אַפֿילו די אַלטע בעטלערין, וואָס איז צוגעקומען צו מײַן טיש — זי האָט אויך מיטגעבראַכט הומאָר. אַן אַלטיטשקע פֿון איבער אַכציק, פֿון ירושלים איז זי, פֿון יענע וואָס מען געדענקט שוין נישט ווען זיי זײַנען געקומען קיין ארץ־ישׂראל. מען רופֿט זי: „מאיר בעל־נס־אייניקלעך"... זי קומט־צו אַ שווײַגנדיקע, מיט דרך־ארץ. איך קוק אויף איר און באַקום אויך פֿאַר איר דרך־ארץ, פֿאַר אירע קנייטשן פֿון אַלטקייט, פֿאַר איר ציכטיקייט. די הויט פֿון אירע הענט איז שטאַרק צעקנייטשט און פֿאַרהאַרטעוועט, ווי קראָקאָדיל־פֿעל. דאָס זעלביקע — דער האַלדז און דער אונטערשטער טייל פֿון פּנים. אָבער דער שטערן און די הויט אַרום די אויגן איז גלאַט און גע־זונט, ווי די הויט פֿון אַ פֿרישן עפּל. אויפֿן קאָפּ טראָגט זי אַ ווײַס טיכל. די שוואַרצע אויגן קוקן־אַרויס פֿון דעם ווײַסן טיכל נאָך מער שוואַרץ. זי קומט אין וואָכעדיקן טאָג און זעט־אויס ווי אַ שבתדיקע.

— וואָס ווילט איר? — פֿרעג איך מיט דער בעסטער רויִקייט.

— פֿאַר־פֿי־רן אײַך וויל איך נישט.

פֿאַר אַזאַ ענטפֿער באַקומט זי, אַנשטאָט אַ פּיאַסטער, אַ גאַנצן שילינג.

אַ צווייטער ייִד, וואָס זוכט אַ נדבֿה, לויפֿט־צו מיטן גאַנצן אימ־פּעט צום טיש:

— גיט אַ נדבֿה!

ענטפֿערט מען אים:

— נישטאָ קיין געלט...

— וואָס? איר האָט נישט קיין געלט? טאָ גייט אַרבעטן.

אַ מאָדנער ייִד מיט אַ קאַלטענעוואַטער באָרד, מיט זייער גרויסע ברעמען, מיט גרויע אויגן, מיט די דאָזיקע גרויע אויגן וואַרפֿט ער בליקן אויף יעדערן פֿון אונדז באַזונדער, אויפֿן טישל, אויף יעדער גלאָז און פֿלעשל. אומרויִקע, שנעלע אויגן.

— פֿעטער, פֿון וואַנען שטאַמט איר?

— אַ דאָ געבוירענער. אַ צברא.

— אָבער פֿון וועלכער געגנט?

— איך בין אַ היגער. פֿון תּמיד אָן אַ היגער.

— אָבער פֿון וועלכן ישובֿ?

— יאָ! פֿון טאַטנס־טאַטנס־טאַטן. אַ היגער, תּמיד אַ היגער... גיט אַ נדבֿה!

— אָבער ווו זײַט איר געבוירן געוואָרן? אין חבֿרון, אין טבֿריה, אין ירושלים, צי אין חיפֿה?

— אין ערגעץ נישט.

דער דאָזיקער ענטפֿער זײַנער פֿאַראינטריגירט. ער איז דאָך נישט קיין משוגענער. ער איז נישט מער ווי אַ ייִד וואָס בעט אַ נדבֿה. און ריידן רעדט ער אַ ייִדיש, ווי ער וואָלט איצט געקומען פֿון דובנע.

— אָבער דאָך, ווו זײַט איר געבוירן געוואָרן?

— אויף אַ באַרג.

און ער דערציילט אַ געשיכטע, ווי אַזוי זײַן מאַמע איז געפֿאָרן מיט זיבן און פֿופֿציק יאָר צוריק אויף אַ קעמל, אין אַ קאַסטן, פֿון ירושלים קיין חיפֿה. אַזאַ רײַזע האָט דעמאָלט געדויערט דרײַ מעת־לעת. נו, איז זי אין קאַסטן, אויפֿן קעמל, געלעגן געוואָרן און דער געבוירענער בן שטייט איצט פֿאַר אונדז:

— גיט אַ נדבֿה!

*

נו, וואָס, ליכטיקער תּל־אָבֿיבֿ! לאָמיר זיך געזעגענען. מײַן ווילן איז קומען צוריק צו דיר. אַן אַלטיטשקער וועל איך זיצן אויף אַ באַנק און אָנקוקן די קינדער וואָס שפּילן זיך און אָנקוקן די וואָס אַרבעטן און שאַפֿן, די וואָס פֿאַרליבן זיך און פֿאַרברענגען. צי דאָס וועט זײַן אַ באַנק אויף בן־יהודה־גאַס, צי אויף אַלענבי־גאַס, צי בײַם ברעג פֿון ים — יעדעס ווינקל איז מיר טײַער. יעדער קלאַנג פֿון די זיבן יאָר גייט מיר נאָך און וועט מיר נאָכגיין. נאָענטע, טײַערע משפּחה־קלאַנגען.

זיך געזעגנט אויף רעכטס און אויף לינקס. אַלץ, וואָס איז דיר דאָ טײַער געווען, איז געוואָרן נאָך מער טײַער. אַ שאָד צו פֿאַרלאָזן, אַ שאָד אַוועקצופֿאָרן. אַלץ אַ שאָד. מען וויל זיך טרייסטן מיט דעם, וואָס מען פֿאָרט אין דער גרויסער וועלט, און דאָרטן וועלן אויך זײַן פֿרײַנד. אָבער דאָס האַרץ נאָגט, אוי, ווי עס נאָגט!

קורץ פֿאַר מײַן אַוועקפֿאָרן איז קיין ארץ־ישׂראל אָנגעקומען דער פּאָעט סוצקעווער. איך האָב נאָך געהאַט די פֿרייד צו פֿאַרברענגען אויף זײַן באַנקעט. אַ צוריקגעהאַלטענער, פֿאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. אַזעלכער ווי ער זײַנען געראַטעוועט געוואָרן, כּדי צו גרויסן און פֿאַראייביקן דאָס פֿאַרברענטע פֿאָלק. איך טראַכט, אַז אַלע געראַטעוועטע וועלן נאָך האָבן גרויס נחת פֿון אים. צום באַדויערן האָב איך זיך געזעגנט מיט אים בלויז איין מאָל, נישט באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט אים.

וואָס זאָל איך זיי זאָגן מײַנע פֿרײַנד? איך ווייס דאָך אַז אַזוי שנעל באַפֿרײַנדט מען זיך נישט און מען געפֿינט נישט אַזוי שנעל אַזעלכע איבערגעגעבענע...

און יוסף פּערלמאַן, יוסף העפּטמאַן, דאָקטער מיכלין און מלך ראַטבאַרד, שאַפּיר, בראַנדעס, איר אַלע, וואָס איר זײַט געווען אַזוי גוט און געדולדיק צו מיר — צו אײַך וויל איך צוריקקומען, צו אײַך, שכנים און פֿרײַנד פֿון תּל־אָבֿיבֿ, בירגערס פֿון ארץ־ישׂראל. מיט די ווערטער האָט מען זיך געדריקט די הענט און אויף אַ באַזונדערן שטום־לשון האָט מען זיך געזעגנט מיט בוים, ים, בנין

און מיט אַלץ, וואָס איז געווען פֿאַר די אויגן. געזעגנט זיך מיט ווערטער און מיט שווײַגן. געטרונקען אַ לחיים מיט אַ סך מענטשן, באַנקעטעוועט און געשמייכלט און שוין געבענקט נאָך די פֿרײַנד, איידער מען איז אַוועקגעפֿאָרן.

אין דעם זעלביקן טאָג פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָב איך דערזען אויף בן־יהודה־גאַס יצחק גרינבוימען. איך בין צוגעלאָפֿן צו אים:

— אָדון גרינבוים! איך פֿאָר מאָרגן קיין אַמעריקע...

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן האַסטיק און האַסטיק געפֿרעגט:

— איר וועט קומען צוריק?

— יאָ, אַוודאי, מיט גאָטס הילף!

— טאָ אויב אַזוי, פֿאָרט געזונטערהייט!

* * *

די שטאַרקסטע געזעגענונג איז געווען מיט מײַן טײַערער גילי. עס איז געווען זייער פֿרי. שטענדיק אין דער צײַט שלאָפֿט זי נאָך, אָבער זי האָט דערהערט אַ גערודער אין די צימערן און זי איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון איר בעטל אין איר קאָלירטן פּיזשאַמעלע. זי האָט זיך געריבן די אויגן און דערזען מײַנע פֿאַרפּאַקטע וואַליזעס. זי האָט עס דערזען און אויסגערופֿן מיט צעשראָקענער פֿאַרוווּנדערונג:

— מה! הוא באמת נוסע? וואָס, ער פֿאָרט טאַקע אויף אַן אמת?

זי איז אַנטלאָפֿן אין אַ צווייטן צימער און זיך צעוויינט אויפֿן קול. אַזאַ וויינען האָט מיך ממש צעבראָכן. צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געזען און געהערט וויינען אַ קינד צוליב מײַן אַוועקפֿאָר. ווען מען זאָל פֿאָלגן דאָס אייגענע האַרץ, האָב איך באַדאַרפֿט דורך דעם פֿענצטער אַרויסוואַרפֿן מײַן פּאַס מיט די וויזעס, אויספּאַקן צוריק די וואַליזעס און בלײַבן, בלײַבן מיט גילין.

אירע טרערן — אַ געשעעניש פֿאַר מיר, אַ מתּנה אויפֿן וועג מײַנעם. איך בין איר נאָכגעלאָפֿן, געכאַפּט און גרויס מי האָט מיר געקאָסט אָפּצורײַסן אירע הענטלעך פֿון פּנימל, כּדי אַ קוש צו געבן:

— להתראות! צום ווידערזען, גילי.

# געווען א טלאמאצקע 13 (*

---

* אונטער אָט דעם נאָמען איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט געווען באַקאַנט דער אַדרעס פון ייִדישן זשורנאַליסטן־ און שרײַבער־פאַראיין אין וואַרשע. — דאָס זײַנען קאַפּיטלען פון בוך טלאַמאַצקע 13, דערשינען אין בוענאָס־אײַרעס 1946.

# זיבן פענצטערס...

טלאָמאַצקע דרײַצן, אונדזער ליטעראַרישער לאָקאַל, האָט געהאַט זיבן פֿענצטער מיט אַ באַלקאָן צו דער גאַס. פֿון אונדזערע פֿענצטער האָבן מיר געזען די טלאָמאַצקע, אַ שטיק פֿון דער לעשנאָגאַס און די גאַנצע לענג פֿון אַ גאַס, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פזשעיאַזד. אָט די גאַס איז שטענדיק געווען אין גרויס באַוועגונג. פֿון דאַנעט דער וועג, צי צו נאַוואָליפּיע, צי צו נאַלעווקעס און צו דעם גאַנצן ייִדישן קוואַרטאַל אין זײַן געדיכטקייט. דאָ האָט שטענדיק געשוואומען אַ שטראָם פֿון יענע ייִדן, וועלכע זײַנען שוין איצט נישטאָ...

מיר האָבן אויך געהאַט אַ סך פֿענצטער אין הויף אַרײַן. און ווען איך דערמאָן זיך אונדזער לאָקאַל, ווען איך טראַכט זיך אַרײַן אין די יאָרן, וואָס מיר האָבן דאָרטן פֿאַרבראַכט, קאָן איך זיך נישט באַפֿרײַען פֿון איין שטאַרקער דעראינערונג: אויף דעם זעלביקן הויף, ווו דער ליטעראַטן־פֿאַראיין האָט זיך באַזעצט, איז אויך געווען אַ שול, די אין וואַרשע באַוווסטע שול, השׂכּלה. דאָרטן, אויפֿן הויף, האָבן שטענדיק געשטיפּט און געשריִען די שילערס. מזיקים און שרײַערס. זיי האָבן נישט איין מאָל פֿאַרטויבט אונדזערע שמועסן. די ווענט האָבן זיך געטרייסלט פֿון זייערע יונגע און שטאַרקע געשרייען. נישט איין מאָל איז זייערע אַ פּילקע פֿאַרפֿליגן דורך דעם פֿענצטער צו אונדז אַרײַן. נישט איין מאָל איז אַ ייִנגל, אַ שטיפֿער, אַרײַנגעלאָפֿן צו אונדז זיך באַהאַלטן. קינדער זײַנען אָנזאָג און צוזאָג... זיי זײַנען שוין נישטאָ. אָבער די געשרייען חזרן זיך איבער אין מוח. וואָס פֿאַר אַ מאָמענט איך זאָל נישט דערמאָנען פֿון יענע טעג, שפּרינגען די קינדער אַרויס. איין דעראינערונג רופֿט־אַרויס די צווייטע און אַלע צוזאַמען זײַנען זיי פֿאַרבלוטיקט...

אונדזער גאַנצער דאָזיין, דער קאַליידאָסקאָפּ, וואָס האָט אַ לעבן געשוועבט פֿאַר די אויגן. מחנות ייִדן, זייערע פֿרויען און קינדער, ווערקשטאַטן, געוועלבער, שילדן, באַלעגאָלעס, סוחרים, מעקלערס, בעלי־מלאכות, פֿרומע און פֿרומאַקעס, נאַציאָנאַלע און אַסימילירטע, פֿון וואַרשע גופֿא און פֿון דער פּראָווינץ. מען פֿלעגט קומען קיין וואַרשע צו קרובֿים, מען פֿלעגט פֿאָרן פֿון וואַרשע צו קרובֿים. שאַרע, פּשוטע און יחסנים, רײַכע און אָרעמע, שלעכטע און גוטע. מיר האָבן זיי געזען, די לעבנס, דורך אונדזערע זיבן פֿענצטער און דורך אַנדערע פֿענצטער. מיר זײַנען געגאַנגען מיט זיי אויף די זעלביקע גאַסן, געאָטעמט מיט זיי, פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן און גע־גלייבט מיט זיי. מיליאָנען! און איצט האָבן מיר פֿאַר זיי און פֿון זיי איין וואָרט: נישטאָ... אויף דעם די גאַנצע חכמה און דערפֿינ־דונג פֿון צוויי־פֿיסיקן, צו שלעפּן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן קיין טרעבלינקע און מײַדאַנעק! זאָלן די קללות אַליין פֿון זיך נע־מען שילטן.

אַנטקעגן אונדזער פֿאַראײַן איז געווען אַ זייגער־מאַכער; אַן עלטערער שטילער ייִד; עפּשטיין האָט ער געהייסן. האָט ער גע־וואָלט מיט עפּעס דינען דעם כּלל. האָט ער אײַנגעמויערט אין וואַנט אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן ציפֿערבלאַט, אַ זייגער פֿאַר אַלעמען, פֿאַר דעם גאַנצן קוואַרטאַל, פֿאַר אַלע פֿאַרבײַגייערס. ער האָט געזאָרגט, אַז דער זייגער זאָל גיין פּינקטלעך און מענטשן זאָלן קיין טעות נישט האָבן אין דער צײַט. דער זייגער איז געגאַנגען ביז מען האָט גענומען וואַרפֿן באָמבעס אויף די הײַזער, ביז די מערדערײַען האָבן זיך אָנגעהויבן. און די לעצטע, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן זיך איבערגעצײַגט, אַז עפּשטיינס זייגער איז נישט ריכטיק געגאַנגען. די צײַט איז נישט געווען קיין ריכטיקע. די צײַט פֿון היטלערן איז אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע פֿון אוראַלט, אַ צײַט פֿון חיות, איידער מענטש איז נאָך געבוירן געוואָרן...

איך אַליין לויף־אַרום פֿון איין פֿאַרברענטן פּונקט צום צווייטן. איך גריבל זיך אין דעם אַש, דאָס מאָל אין דעם אַש פֿון טלאָמאַצ־

קע דרײַצן. פֿון גאַנצן פּויליש־ייִדישן לעבן איין בית־עולם. מער איז גאָר נישט פֿאַרבליבן. אין אונדזער צער אָבער צעטײלן מיר אָפֿט מאָל דעם בית־עולם אויף קלענערע, באַזונדערע: אַ בית־עולם פֿון דער חסידישער וועלט, אַ בית־עולם פֿון ייִדישן אַרבעטער, פֿון ייִדישע סוחרים, פֿון ייִדישע אונטערנעמערס און פֿאַבריקאַנטן, אַ בית־עולם פֿון אַ מיליאָן קינדער — אונדזער צוקונפֿט זײַנען זיי געווען. מיר גייען אויך נענטער צו צום בית־עולם פֿון ייִדישן גײַסט, פֿון ייִדישע שולן און ביבליאָטעקן. ייִדיש טעאַטער, מוזיק און מאָלערײַ, ייִדישע פּרעסע און ליטעראַטור. פֿון קיין איינעם פֿון די בית־עולמס קען מען נישט אַוועקגיין און מען קאָן אויך גאָר נאָענט נישט צוגיין. עס ציט־אַראָפּ אין לעצטן אָפּגרונט. שרײַען? ...די טויטע וועלן נישט הערן און די לעבעדיקע וועלט איז נאָך טויטער ווי די טויטע וועלט... איך וואָלט וועלן אַרומקריכן אין דעם כאַאָס פֿון די פֿאַרבליבענע שטיינער און אויסקריצן אויף די שטיינער די טײַערע נעמען פֿון די קרובֿים און פֿרײַנד... זאָל כאָטש דער ווינט זיי לייענען, דער ווינט...

איך האָב שטענדיק ליב געהאַט דעם ווינט, נאָר איצט איז ער מיר הייליק געוואָרן. מײַנע קרובֿים און מײַנע פֿרײַנד זײַנען מיט גוואַלד געשלעפּט געוואָרן צום פֿײַער, פֿון זיי איז אַש פֿאַרבליבן און דער ווינט טראָגט דאָס אַש. ער טראָגט עס איבער בערג און ימען. שטויבלעך שוועבן אין דער לופֿט. קוקט זיך צו צו די שטויבלעך, הערט זיך צו, אפֿשר וועט זיך לאָזן כאַפּן אַ צענטל פֿון אַ לידקלאַנג, אַ זיפֿץ פֿון אַ תּפֿילה, פֿון דער לעצטער תּפֿילה. אויב אַזאַ שטויבעלע פֿאַלט־אַראָפּ אויף אַ שטיין, ווערט הייליק דער שטיין. אויב עס פֿאַלט־אַראָפּ אויף אַ מענטשנס נשמה, זאָל דער מענטש וויינען אַ גאַנץ לעבן און זאָל דער דאָזיקער זיך נישט פֿאַרענטפֿערן, אַז לעבן איז שטאַרקער פֿון אַלע אומגליקן. יסורים זײַנען שטאַרקער פֿון אַלע אומגליקן. יסורים זײַנען שטאַרקער פֿון אַלע לעבנס.

*

צוואַנציק יאָר פֿון מײַן לעבן זײַנען דורך־און־דורך פֿאַרבונדן מיט טלאָמאַצקע דרײַצן. דעריבער דערלויב איך זיך צו שרײַבן וועגן דעם דאָזיקן בנין. איך האָב דאָרטן געהאַט פֿרייד און פֿאַר־ביטערניש. איך האָב זיך אַפֿילו אַ מאָל שטאַרק געבייזערט אויף דער „בודע“. איך וואַרף אָבער איט קאַטעגאָריש אָפּ דאָס פּערזענ־לעכע. איך וויל בלויז אַרויסרופֿן די געשטאַלטן, יעדערן מיט עפּעס דערמאָנען. יעדער פֿון זיי האָט עפּעס געוואָלט דערגרייכן אין דער ייִדישער קולטור און זײַן דערגרייכונג איז דאָך געווען אין דער זעלביקער צײַט אַ דערגרייכונג פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק...

פֿריילעכע און אומעטיקע געשטאַלטן. יעדער איינער פֿאַר זיך געזוכט ערנסט צו פֿאַרשטיין און פֿאַרנעמען, וואָס דאָס איז לעבן, וואָס דאָס איז פֿאָלק. אין פֿאַראיין האָט מען דיספּוטירט. אין פֿאַראיין האָט מען זיך אויך אָפּט געווײַלט, אַפֿילו זיך נאַריש געמאַכט. אָבער אָט עפֿנט זיך די טיר און עס באַווײַזט זיך די ווערדיקע געשטאַלט פֿון הלל צייטלין. מען ווערט רויִקער, אײַנגעהאַלטענער. פֿון גרויס דרך־ארץ צו אַ תּלמיד־חכם...

מען איז נישט געווען בײַ אונדז ווי די שעפּסלעך. מען איז נישט געווען הכנעהדיק. קיינער האָט עס נישט פֿאַרלאַנגט און קיי־נער האָט דערצו נישט געצווונגען. בעסער זיך רײַסן און בײַסן אַ ביסל איידער זײַן אונטערטעניק און נאָכגעביק. מען איז געווען פֿרײַ. פֿרײַ אין אָנערקענען וועמען און פֿרײַ אין מבֿטל מאַכן אַ צווייטן... אָבער וואָס איז דאָ די נפֿקא־מינה? ייִדישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען. דער עיקר איז געווען דער צוזאַמען. און געווען בײַ אונדז אַ טיפֿער ווילן, אַז דער צוזאַמען זאָל אָנהאַלטן און אָנהאַלטן. מיר, פֿון אונדזער דור, ייִדישע שרײַ־בערס, וועלכע וועלן קיין מאָל נישט גיין צו די פֿרעמדע, מוזן מיר דאָס אייגענע פֿעסטער מאַכן. אָט דאָס איז געווען דער ציל פֿון דער בודע. אַ באַוווּסטזיניקער אָדער אומבאַוווּסטזיניקער ציל... אַלץ איינס.

אויף צו שרײַבן זכרונות מוז מען זיך שטאַרק קאָנצענטרירן

און אַרויסרופֿן געשטאַלטן, די סבֿיבֿה פֿון די געשטאַלטן, די קלאַגען פֿון דער סבֿיבֿה... אויפֿגעציטערט ווער איך, ווען איך פּרוּװ דאָס טאָן. דער געדאַנקענגאַנג רײַסט זיך איבער: „זיי זײַנען נישטאָ“... נישט די ייִדן, נישט די הײַזער זייערע, נישט די גאַסן. טלאָמאַצקע־גאַס איז נישטאָ און די זיבן פֿענצטער זײַנען אויך נישטאָ. איך קוק אין דער פֿאַרגאַנגענהייט דורך די פּוסטע לעכער פֿון דער צעריסענער נשמה. איך מוז עפּעס אויסקוקן, איך מוז עפּעס זען, ווײַל איך וויל עפּעס דערציילן. איצ שרײַב דאָ נישט קיין קונסטווערק. נאָך טרעבלינקע און מײַדאַנעק קאָן מען דאָס וואָרט קונסט נישט הערן... אין דעם אַש פֿון מײַדאַנעק זײַנען אַרײַן אַזוי פֿיל געשטאַלטן, אַזוי פֿיל טײַערע נאָענטקייט, אַזוי פֿיל עלטערע און ייִנגערע זשורנאַליסטן און שרײַבערס... פֿון גרעסערן פֿאַרנעם און פֿון קלענערן מאָסשטאַב — איצט זײַנען זיי שוין אַלע גלײַך. מען מוז אָבער עפּעס פֿאַרצייכענען. אין לאָקאַל פֿון אונדזער פֿאַראיין האָט געהערשט אַ מענטשלעכע גלײַכקייט. קיין יחסנים זײַנען דאָרט נישט געווען. מען האָט זיך פֿײַנט געהאַט, צי מען האָט זיך ליב געהאַט, אַלץ איינס. קיין יחסן האָט מען נישט געקאָנט ווערן אויף טלאָמאַצקע דרײַצן. דאָס איז געווען דאָס שענסטע, וואָס דער פֿאַראיין האָט פֿאַרמאָגט. אַ גרויסע, אַ נישט־געשרייבענער, איז דאָס געווען: נישט אַרויסשפּרינגען אויבן און נישט בלאָזן פֿון זיך... דער פֿאַראיין האָט געהאַט זײַנע גרויסע מעלות און זײַנע גרויסע חסרונות. אָן חסרונות קאָן אויך נישט זײַן, אָבער איין מעלה איז אים צום שטאַרקסטן פֿאַרבליבן. אָט די גלײַכקייט, עפּעס אַ קלוגע ייִדישע גלײַכקייט, אַ דזשענטעלמענישקייט פֿון בטלנים, וואָס קומען אין זייער בטלנישער בודע און פֿאַרברענגען האַרציק. דו ביסט אַ גוטער ברודער! און אויב דו האָסט צו דערציילן אַ גוטן וויץ, ביסטו גאָר אַ גוטער ברודער. מאַכן אַ פּאַראָדיע אויף דעם צווייטן, אויסלאַכן גוטמוטיק. דאָס — יאָ. אָבער נישט ווײַזן די אייגענע העכערקייט. אַ יחסן אין גאַס, אין רעדאַקציע, אַ יחסן אין ביבליאָטעק, בײַ די לייענערס, אָבער נישט אין שרײַ־

בערקלוב. דאָ האָט מען זיך נישט געטאָרט באַרימען, ווײַל מען ווערט גלײַך אויסגעלאַכט. אָנפֿאַנגערס און אַלטע פּענמענטשן — מען איז געזעסן בײַם זעלביקן טישל און מען האָט געהאַט די זעלביקע רעכט.

צום בעסטן האָט קוואַליפֿיצירט די מיטגלידער פֿון אונדזער פֿאַראיין דער באַלעבאָס פֿון אונדזער בופֿעט. דאָס איז געווען אַ ייִד אַ הויכער, אַ שלאַנקער, זייער ענלעך צו אַ דײַטש. געהייסן האָט ער בייקראָן. ער איז נישט געווען ענלעך צו אַ פּשוטן דײַטש, נאָר טאַקע צום קייזער ווילהעלם דעם צווייטן אַליין. זײַנע גרויסע וואָנצעס האָט ער געהאַט און זײַן שנעלן בליק. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט וויכטיקע לײַט, מיט דיכטערס און רעדאַקטאָרן. אָבער גרויס בײַ אים איז געווען דער וואָס האָט מער געגעסן און מער געצאָלט. קיין אַנדערע מאָס האָט ער נישט געהאַט.

די קעלנערין האָט געהייסן מאַניע. אַ פֿרוי פֿון עטלעכע און דרײַסיק יאָר, אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע מיידלעך. אַן אַלמנה, און זי האָט געוואָלט אַ צווייט מאָל חתונה האָבן. אין פֿאַראיין זײַנען געווען עטלעכע פֿאַרעלטערטע בחורים און די מאַניע האָט זיי בעסער באַדינט ווי די אַנדערע חבֿרים. זי האָט אַלץ געטראַכט און געהאַט האָפֿענונג, אַז איינער פֿון זיי וועט ווערן איר מאַן. האָט זי אים דערלאַנגט מער זופּ אין טעלער און אַ בעסער שטיקל פֿלייש. די „בטלנים" האָבן דאָס פֿלייש אויפֿגעגעסן און זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק. האָט זי זיך געבייזערט און נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס דער אָדער יענער בטלן וויל זיך מיט איר נישט פֿאַרקנסן. וועגן אַלץ האָבן זיי גערעדט, נאָר נישט וועגן אַ שידוך... מאָדנע מענטשן די שרײַבערס! סוף־כּל־סוף האָט זי זיך צוגעוווינט צו דער לאַגע. זי האָט אונדז אַלעמען איגנאָרירט און אַלעמען געגעבן גלײַכע פּאָרציעס שפּײַז. נישט געווען מער קיין יחסנים. אַפֿילו זאַקס, דער איינזאַמסטער פֿון אַלע איינזאַמע, ער איז אויך נישט געווען קיין בעלן צו חתונה האָבן מיט דער אַלמנה.

דער בופֿעט מיט דער קיך, וואָס האָט שטענדיק פֿונקציאָנירט,

האָט צוגעגעבן זייער פּיל געמיט פאַר אונדזער פאַרזאַמלט וועלטל... דאָס וועלטל איז געווען גאָר נישט קליין. ביז דרײַ הונדערט מיט־גלידער האָט פאַרמאָגט דער פאַראײן, אַ סך פון די מיטגלידער האָבן געהאַט פרויען; פלעגט מען קומען מיט די פרויען, מיט באַ־קאַנטע. בײַ די טישלעך איז שטענדיק געווען דיספּוט, שפּאַס און אַנעקדאָט... צום טיש האָט מען געמוזט מיט עפּעס קומען. מען האָט געמוזט עפּעס ריידן, דערציילן. די גרעסטע צאָל מיטגלידער פון דעם ליטעראַטן־פאַראײן האָט געשטאַמט פון די שטעטלעך און יעדעס שטעטל האָט געהאַט אירע חכמים און אירע נאַראָנים — האָט דאָך יעדער איינער געהאַט צו דערמאָנען, וואָס בײַ אים אין שטעטל איז פאָרגעקומען; האָט מען געהאַט עפּעס אַ פאָלקסליד, אַן אומבאַקאַנט ליד; האָט מען געהאַט אַנעקדאָטן, קאָמישע פאַקטן און מעשׂיות פון אַ מלמד, צי פון אַ שוחט...

פּיל האָבן טאַקע געקאָנט גוט דערציילן — האָט דאָס ליטעראַ־רישע וועלטל געשלונגען מעשׂיות פון דער גרויסער וועלט און פון די קליינע שטעטלעך...

נישט איין מאָל האָט זיך דאָס אויג געפרייט, ווען חבֿרים האָבן פּיל געמאַכט דעם לאָקאַל — אַ ליטעראַרישער יאַריד, אַ קיבע־צאַרניע, אַ גאָרקיך פאַר די פּענמענטשן — אַלץ צוזאַמען. און עס איז גוט געווען, היימלעך געווען. האָט מען טאַקע געזאָגט:

— אַן פאַראײן וואָלטן מיר נישט געקאָנט עקזיסטירן...

— אַן פאַראײן — אַ וויסטעניש...

מען זיצט מיט ד״ר זשיטלאָווסקין בײַ אַ טיש. ער האָט גע־לייענט בײַ אונדז אַ סעריע רעפעראַטן. געלייענט האָט ער אין אַ גרויסן טעאַטער און געהאַט דערפאָלג בײַ טויזנטער. אָבער נישט וועגן דעם רעדט מען מיט אים. מען פרעגט אים, ווי געפעלט אים אונדזער מיטאָג. ענטפערט ער:

— דער מיטאָג איז נישט בעסער ווי אין ניו־יאָרק, אָבער דאָ עסט זיך געשמאַקער.

מיר האָבן שטאַרק געוואָלט, אַז בײַ אונדז זאָל זיך עסן גע־

שמאַקער. עסן געשמאַק, גוט זיך פֿילן, פֿרײַ פֿאַרברענגען... אָט די דרײַ בײַ דעם ווײַטערן טישל. אַזוי ווי אָפּגעזונדערטע. זיי האָבן זיך זייערע ענינים. זיי פֿירן לאַנגע שמועסן. איינער פֿון זיי מיט דעם צעקנייטשטן גמרא־פּנים איז איסר איינהאָרן, אַ ברודער פֿון היינט־דירעקטאָר אַהרן איינהאָרן. אויסער גמרא האָט ער געלערנט אין סאָרבאָן. אַ צײַט געווען אין ארץ־ישׂראל, אין מקווה־ישׂראל ווי אַ שילער פֿון באַראָן ראָטשילד. אַ טיפֿער געלערנטער. קונסט און תּלמוד, נאַטור־וויסנשאַפֿט און פֿראַנצייזישע ליטעראַטור. אַ בקי, אַ גאון. דער פֿאַראיין ווייסט וועגן דעם. דער צווייטער איז דאָקטער קאַמעניעצקי, באַרימט געווען ווי אַ למדן און פֿאָרשער פֿון די אַראַמעישע ווערטער אין דער העברעיִשער שפּראַך. דער דריטער מיט זיי איז שאַפּיראָ. שאַפּיראָ אָדער — דער עילוי פֿון דער זיבעטער מלוכה. אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע אין פֿולן זין פֿון וואָרט. ער האָט אַמאָל געענדיקט די מירער ישיבֿה. ער האָט געלייענט און געלערנט פֿאַר צען לעבנס. בעלעטריסטן און פֿאָרשערס האָבן בײַ אים באַשטעלט ידיעות היסטאָרישע און וויסנשאַפֿטלעכע, ווײַל ער האָט געוווּסט, ווו אַלץ אויסצוזוכן און געפֿינען. ער איז געווען אַ באַראָטער אין די גרויסע מלוכה־ביבליאָטעקן און ער האָט אויך געאָרדנט פּריוואַטע ביבליאָטעקן בײַ די פּוילישע פֿירשטן און אַריסטאָקראַטן. ער האָט דער ערשטער „אונטערגערוקט“ פּרצן די ביכער פֿון אַנרי בערגסאָן און נאָמבערגן האָט ער רעקאָמענדירט — טשעסטערטאָנען. אַליין אַ שטילער. זײַנע טריט האָט מען נישט געהערט. זײַן וואָרט איז געווען רויִק, געלאַסן. אַ בלאַס פּנים מיט אַ שוואַרצגרויער באָרד, מער שוואַרץ ווי גרוי. אַ געהייליקט פּנים פֿון אַ מענטש, וואָס ווייסט אַ סך. פֿון אַזעלכע געשטאַלטן האָט דער פֿאַראיין אויסגעזען חשובֿער. אָבער קיינער האָט נישט אונטערגעשטראָכן די חשיבֿות און קיינער האָט זיך נישט געוואָרפֿן מיט פּראַזעס. יעדער איינער האָט געהאַט זײַן פּלאַץ, נאָר קיינער האָט אים אויף דעם פּלאַץ נישט אַוועקגעזעצט. אַלץ איז אָנגעגאַנגען לײַכט ביז פֿרײַקייט.

די טיר אונדזערע האָט זיך זייער לײַכט געעפֿנט. פּראָפֿעסאָר באַלאַבאַן האָט זיך אָפּגערעדט צו באַגעגענען מיט דעם פֿאָרשער מתּתיהו מיזעס. זלמן רייזען, פֿון ווילנע, באַגעגנט זיך מיט דעם יונגן היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום. יעדן טאָג, יעדע שעה — נײַע פּנימער. דאָס האָט אונדז שוין נישט געוווּנדערט. אומעטיק וואָלט אונדז געוואָרן, ווען דאָס וואָלט אַנדערש געווען.

געווען זײַנען נישט איין מאָל פֿאַלן, ווען געסט פֿון אַנדערע שטעט און אַפֿילו אַנדערע לענדער זײַנען גלײַך פֿון וואָקזאַל צו אונדז אַראָפּגעפֿאָרן מיט זייערע וואַליזעס און דערנאָך זײַנען זיי געגאַנגען אין האָטעל אַרײַן. אונדזער אַדרעס האָט מען שוין נישט באַדאַרפֿט פֿאַרשרײַבן — מען האָט אים געהאַלטן אין זכּרון: טלאָמאַצקע דרײַצן. אַן אָפֿענע טיר. אַ סך טישלעך מיט גאָר אַ סך שטולן. אַ ווענטל אַזאַ. און זאָלן קומען געסט, וועלכע האָבן אַ שײַכות צו דעם דאָזיקן ווענטל, און זאָלן זיי זײַן ווי אייגענע...

אונדזער ווענטל האָט געשאַפֿן די ייִדישע פּרעסע און געשאַפֿן ביכער. וואַרשע און די פּראָווינץ פֿלעגן צוזאַמען אַרויסוואַרפֿן אין פֿאַרלויף פֿון דער וואָך אָנדערטהאַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן ייִדישע צײַטונגען, דערצו נאָך זשורנאַלן, ביכער, בראָשורן. דער הויפּט־שטאַב פֿון דער דאָזיקער צײַטונג־אָפֿענסיווע איז געווען טלאָמאַצקע דרײַצן.

אין דעם דאָזיקן לאָקאַל זײַנען געווען כּמעט אַלע שרײַבערס פֿון אונדזער דור. אין 1919, ווען איך בין צוריקגעקומען פֿון רוסלאַנד, האָב איך בײַ אַ טישל געטראָפֿן יעקבֿ דינעזאָן. שוין אַ גאָר אַלטיטשקער געווען. מיט לאַנגזאַמע שפּרײַזן פֿלעגט ער אַוועקגיין פֿון לאָקאַל און אַזוי האַרציק מיט יעדן איינעם זיך געזעגנט, ביז ער איז מער שוין נישט געקומען. ש. אַנ־סקי האָט די לעצטע וואָכן פֿון זײַן לעבן בײַ אונדז פֿאַרבראַכט. ער האָט זיך נישט דערוואַרט צו דער פּרעמיערע פֿון זײַן באַרימטן דיבוק, וועלכער איז דעמאָלט שוין באַלד פֿאַרטיק געווען בײַ די ווילנער. מען האָט אים באַגראָבן נעבן פּרצן און דינעזאָן, ווײַל דער פֿאַראיין האָט אַזוי

געוואָלט, ווײַל אַנ־סקי איז געווען ערלעך און געטרײַ די ייִדישע מאַסן...

איך געדענק זײַן לוויה. צענדליקער טויזנטער ייִדן האָבן אַוועקגעוואָרפֿן זייער אַרבעט און באַשעפֿטיקונג. די נאַלעווקעס האָבן צוגעמאַכט די געשעפֿטן. אַנדערע האָבן נישט געוווּסט, ווער עס איז אַנ־סקי — האָבן זיי געפֿרעגט, האָט מען זיי געענטפֿערט:

— אַ ייִדישער שרײַבער איז געשטאָרבן.

און דאָס איז גענוג, אַז דער פֿרעגער זאָל שוין נאָכגיין ביזן בית־עולם.

אין דעם טאָג פֿון אַנ־סקיס לוויה איז צו מיר אין פֿאַראיין אַרײַנגעקומען אַלטער קאַציזנע, וועלכער איז געווען אַנ־סקיס בעסטער פֿרײַנד אין וואַרשע. ער האָט געהאַלטן אַ שטעקן און צו מיר האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט אַ געבראָכענער שטימע:

— טײַערער! דעם דאָזיקן שטעקן האָט פּרץ געטראָגן. פּרץ איז געשטאָרבן, האָט אים אַנ־סקי גענומען. איצט האָב איך דיר געבראַכט דעם שטעקן, נעם עס!

— אָבער, קאַציזנע! איך וויל ניט שטאַרבן.

מען האָט דעמאָלט אַ שפּאָר ביסל געלאַכט.

דעם שטעקן האָט מען אַרײַנגעשטעלט אין אַ שראַנק פֿון קאַנצעלאַריע. ער איז דאָרט לאַנג געשטאַנען, יאָרן לאַנג. מלך ראַוויטש האָט אים נאָך געפֿונען, ווען ער איז געוואָרן סעקרעטאַר בײַ אונדז. מען האָט דעם שטעקן געוואָלט אַוועקשענקען וועמען פֿון אונדזערע חבֿרים, נאָר קיין בעלנים אויף אים האָבן זיך נישט געפֿונען.

*

דער פֿאַראיין האָט זיי געזען, די ייִדישע מאַסן, דורך זײַנע זיבן פֿענצטער, וועלכע זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויף דרײַ גאַסן. אין אונדזערע לאַנגווײַליקע און אונדזערע אומעטיקע שעהען זײַנען מיר זייער אָפֿט צוגעגאַנגען צו די פֿענצטער און געקוקט. צי מען האָט געוואָלט, צי מען האָט נישט געוואָלט, די שאָטנס זײַנען גע־

קראָכן אין די נשמות אונדזערע. אָט די ייִדן, וואָס לויפֿן דאָ פֿאַרבײַ מי די האַנט־וועגעלעך, די ייִדן מיט די פּעק און פּעקלעך, מיט פֿאַרזאָרגטע פּנימער — זיי זײַנען אונדזערע און מיר זײַנען זייערע. זיי זײַנען אונדזער לאַסט און אונדזער האָפֿענונג, אונדזערע לייענערס. און ווי דאָס לעבט און שוועבט, און ווי דאָס וויל נישט אונטערגיין! פֿיל מאָל פֿלעגט מען זיך פֿאַרטראַכטן, פֿיל מאָל געשלונגען צער פֿון דער גאַנצער סבֿיבֿה. קאָן דאָס זײַן אָן צער בײַ אונדז?

אַז מען ווערט געבוירן און מען לעבט, מוז מען האָבן פֿון וואָס צו לעבן. האָט זיך אַ גרויסער טייל פֿון די פּוילישע ייִדן געראַנגלט ביטער מיט פּרנסה. מען האָט געמעקלערט. מען איז געקראָכן אויף די ווענט און געלעבט פֿון לופֿט און פֿון זייפֿנבלאָז. מען האָט זיך איינער דעם צווייטן געגנאַרט און קוים געבראַכט אויף אַ שטיקל ברויט פֿאַר דער משפּחה. איך וואָלט וועלן זען, ווי אַן אַנדער פֿאָלק וואָלט עס געמאַכט אַ לעבן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען. די ייִדן אונדזערע זײַנען נישט געווען באַליבט בײַ די פּאָליאַקן. אַלע שלעכטע עפּיטעטן האָט מען זיי אָנגעוואָרפֿן. די דײַטשן האָבן אונדז מיט האַס אָנגערופֿן מזרח־יודן און אונדזערע אייגענע ייִדן, די אַסימילירטע, האָבן נאָך צוגעגעבן אַזוי פֿיל האַס צו די נאַלעווקעס... איך האָב געלעבט אין ראַיאָן פֿון די נאַלעווקעס. יעדן טאָג פֿלעג איך גיין אין רעדאַקציע אַרײַן און זיך דורכשטופּן קוים אויף די טראָטואַרן, וועלכע זײַנען פּשוט אָנגעשטאָפּט געווען מיט ייִדן. פֿאַר מיר זײַנען זיי נישט געווען קיין „גנבֿים און שווינדלערס“. פֿאַר מיר און פֿאַר אונדז אַלעמען אין טלאָמאַצקע דרײַצן זײַנען זיי געווען מזיקים, וועלכע ראַנגלען זיך בײַם אָפּגרונט און ציִען די ביטערע יניקה פֿון דעם ראַנגלען זיך. איך האָב אויך געזען דעם צווייטן צד, דעם קריסטלעכן; זיי האָבן דאָס געזאָלט זײַן די מלאָכים אַנטקעגן די נאַלעווקער ייִדן... איך האָב זיי געזען, זיך גוט צוגעקוקט און צוגעהערט צו זיי. איך בין צוויי יאָר געזעסן אין פּוילישן סיים ווי אַ צײַטונגס־באַריכטער און דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט וועגן די נידערטרעכטיקסטע אינטריגעס, וועגן כּסדרדיקן קאַריעריזם, וואָס

האָט געהערשט אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט. מען האָט איינער דעם צווייטן געמסרט, פֿאַרפֿאָלגט, אויסגעלאַכט. ביכער זײַנען שוין אָנגעשריבן געוואָרן און וועלן נאָך אָנגעשריבן ווערן וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין פּילסודסקיס צײַט, אַרום פּילסוד־סקין. וויפֿל מיליאָנען זלאָטעס זײַנען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו שי־כּורים און טויגעניכצן, זיי זאָלן עפּענען קראָמען און קאָנקורירן מיט די ייִדן. וויפֿל באָקשיש און אַפֿערע אין די פּוילישע אַמטן... דאָך זײַנען זיי פֿאַרבליבן שטענדיק די פֿײַנע לײַט. מיאוס געווען זײַנען בלויז די נאַלעווקעס... פֿאַרשריגן און פֿאַרטויבט זײַנען מיר געוועןן פֿון זייערע רכילות. אַזוי פֿאַרשריגן, אַז אונדזערע אייגענע שוואַכלינגען און פֿלאַכקעפּ האָבן זיך אויפֿגעהערט צו קאָנטראָלירן און זיי האָבן שוין אויך געהאַסט די נאַלעווקעס... אין אונדזערע ייִדישע פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדעס און דעמאַגאָגישע שטרײַטן זײַנען נישט איין מאָל די נאַלעווקעס בלוטיק אָנגעגריפֿן געוואָרן. אָבער ייִדישע זשורנאַליסטן און שריפֿטשטעלערס האָבן זיך דאָס קיין מאָל נישט דערלויבט. נישט אַ הערש־דוד נאָמבערג, נישט אַ הלל צייט־לין, נישט אַ יהושע גאָטליב. קיין איינער פֿון די אמתע ייִדישע זשורנאַליסטן, פּובליציסטן און שטריפֿטשטעלערס האָט זיך קיין מאָל נישט דערוועגט צו באַליידיקן און אויסלאַכן ייִדיש שווער לעבן. די נאַלעווקעס, די ייִדישע לופֿט־געשעפֿטן, די ענגשאַפֿט, אַלץ איז דאָס געווען ייִדישער ווייטיק און אַזאַ האָט מען עס באַ־דאַרפֿט טיפֿער באַנעמען, אַזוי און נישט אַנדערש.

דער פֿאַראיין איז געוואָרן אונדזער אָבסערוואַציע־פּונקט. פֿון אונדזער באַלקאָן האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו דער ייִדישער באַ־וועגונג, צו אַ סך זאַכן. מיר האָבן געזען מאַניפֿעסטאַציעס. מיר האָבן דאָ געזען קאַטוילישע פּראָצעסיעס מיט די קאָשטשיאָל [1]־בילדער. פֿון אונדזער באַלקאָן האָבן מיר אין צוואַנציקסטן יאָר געהערט, ווי די האַרמאַטן הילכן בײַ קאַרטשעוו און אָטוואָצק. די רוסן זײַנען

[1] (פּויליש) קלויסטער.

דעמאָלט געגאַנגען אויף וואַרשע און דעמאָלט זײַנען זיי אויך צוריקגעגאַנגען. דער פֿאַראיין האָט אַלע קלאַנגען פֿון דער גאַס פֿאַרנומען, פֿאַרטײַטשט און דעבאַטירט וועגן יעדן פֿאַל, וואָס האָט אָנגערירט די ייִדישע אינטערעסן. צו ערשט האָט עס געזאָלט זײַן אַזוי, אַז דער פֿאַראיין זאָל זיך פֿאַרנעמען בלויז מיט די פּראָפֿעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן פֿון זײַנע מיטגלידער. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט געווען דער עיקר. עס האָט זיך געוואָלט האָבן אַן אייגענעם ווינקל. די ייִדישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן האָבן געזוכט שוץ בײַ זיך אַליין, אין אַן אייגענער היים, אין אַ ייִדישן קלוב. אַ זאַמלפּונקט, אַ טריבונע פֿאַר זיך, אַ שוץ פֿון דער אַסימילאַציע, אַ שוץ פֿון דער אַרומיקער פֿרעמדשאַפֿט. פֿון דער הייך, פֿון די רײַכע און רײַך געוואָרענע, איז זי געקראָכן, די אַסימילאַציע, פֿון די ערבֿ־שמדניקעס. שלעכט איז דעמאָלט, ווען פֿרעמדע ווילן אונדז איבערמאַכן, אָבער נאָך ערגער איז, ווען דאָס ווילן טאָן אייגענע, אין זעלביקן גורל געבוירענע. די אייגענע קריכן נאָך מער אַרײַן אין די ביינער, זיי לאַכן־אויס ביטערער ווי די פֿרעמדע און עס פֿאַרדריסט מער, ווען אַן אייגענער לאַכט־אויס דײַן שפּראַך, דײַן תּפֿילה, דײַן מנהג, דײַן בגד. די פֿאַרמאַסקירטע ווילן, אַז דו זאָלסט אויך אָנטאָן אַ מאַסקע. פֿון דער הייך, פֿון די רײַכע עטאַזשן, איז זי געקראָכן די אַסימילאַציע אַן אויסגעפּוצטע, אַ צוגעפּאַסטע צו פֿרעמדן לעבן און אין דער זעלביקער צײַט אַ פּחדנישע, אָן אַן אייגענער נשמה. נישט ווערט איז זי געווען אַ פֿאָלקסליד, וואָס איז געקומען פֿון קעלער. נישט ווערט איז זי און זי וועט קיין מאָל נישט אָפּנאַרן דעם, וואָס האָט האַרץ און מענטשן־ווערדע. אַ ליד פֿון דוד איינהאָרן און אַ ליד פֿון משה קולבאַק, צי פֿון איציק מאַנגער, אַן עכט ליד פֿון אַ ייִדישן דיכטער וועגט־אַריבער אַלע שקרים פֿון דער אַסימילאַציע. סבֿיבֿה האָט מען געזוכט אין פֿאַראיין. און גאַנץ שנעל איז טלאָמאַצקע דרײַצן געוואָרן נישט בלויז אַ היים פֿאַר ייִדישע דיכטערס און זשורנאַליסטן, נאָר דאָרט איז אויך געוואָרן אַ שטאָמגאַסט דער ייִדישער אַקטיאָר, דער ייִדי־

שער מאָלער און דער יידישער מוזיקער. אַלע יידישע קינסטלערס פֿון פּוילן און ווייטער פֿון פּוילן זיינען געווען ביי אונדז. צוליב די פֿיל געסט האָט מען געמוזט פֿאַרגרעסערן דעם לאָקאַל, אַרויסנע־מען אַ דיקע וואַנט און מאַכן מער פּלאַץ. מען האָט געקויפֿט נייע מעבל און שטענדיק געהאַלטן אין איין פּוצן די צימערן. יעדער מאָלער האָט דעם פֿאַראיין געשאָנקען אַ בילד, אַזוי אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַ גאַנץ פֿיינע גאַלעריע פֿון בילדער. טלאָמאַצקע דרייצן, די „בודע", האָט זיך געמענטשלט. שוין געווען עטלעכע „משו־געים", וועלכע האָבן דעם פֿאַראיין אָפּגעגעבן זייער גאַנצע פֿרייע צייט. דער שטאַרקסטער „משוגענער" אין דעם פּרט איז געווען דער פֿאָלקזינגער מנחם קיפּניס, אַ וווּנדערבאַרער דערציילער. יאָרן לאַנג נאָך אַנאַנד האָט ער פֿאַר אונדז דערציילט קאָמישע מעשׂיות פֿון זינגערס און חזנים און דאָס האָט זיך ביי אים קיין מאָל ניט אויסגעשעפּט. ער האָט געהאַט אַ קוואַל פֿון פֿאָלקסלידער, וואָס אין קאָנצערטזאַל האָט מען זיי נאָך קיין מאָל נישט געהערט.

דאָס, וואָס פֿאָלק האָט געשאַפֿן אין משך פֿון דורות, איז געווען צו פֿיל, אַז איין דור זאָל עס צונויפֿזאַמלען און קאָנצענטרירן. קיפּ־ניס איז אין דעם פּרט געווען דער גרעסטער זאַמלער. ער האָט פֿיל לידער באַאַרבעט מוזיקאַליש און ליטעראַריש. ער האָט אַליין די לידער געזונגען און אַליין זיי אַרויסגעגעבן אין זאַמלביכער. פֿיל מאָל האָט ער אויך גערופֿן צו זיך אַהיים און געוויזן גאַנצע אוצרות, וואָס האָבן געוואַרט אויף דעם תּיקון, געוואַרט, אַז יידיש עולם זאָל זיי דערהערן. פֿיל פֿון די לידער האָט ער פֿאַר מיר געזונגען און געלייענט. געווען אין די לידער פֿון פֿאָלק פֿיל טיפֿע איבערראַשונג, אַ געלייטערטער יידישער חן, נשמה יידישע... דאָס איז אַלץ פֿאַר־ניכט געוואָרן צוזאַמען מיטן פֿאָלק.

קיפּניס איז געווען אין אונדזער קרייז אַ טייערער שפּאַסער, דאָך נישט קיין אָפּשפּאָטער. דאָרט, ווו ער איז געזעסן, צו זיין טישל האָט זיך דער עולם געזאַמלט. איינס האָט מען געוווּסט: אַז

זיצנדיק מיט קיפּניסן און שמועסן, וועט מען אין עצבֿות נישט אַרײַנפֿאַלן.

ווען פֿאַר די צוואַנציק יאָר, וואָס טלאָמאַצקע דרײַצן האָט עק־זיסטירט, וואָלט דאָרט געזעסן אַ סטענאָגראַף און אויפֿגעכאַפּט די אַלע מעשׂיות וואָס חבֿרים האָבן דערציילט, אַלע זכרונות פֿון זייע־רע היימען, מעשׂיות פֿון יידישע קרעטשמעס, פֿון ישובֿניקעס, מעשׂיות פֿון וואַלדיידן, טערפּענטין־יידן, מילכיידן, פֿון יידישע באַ־לעגאָלעס, פֿון טײַכיידן, און מיליידן, ווען דאָס וואָלט אַלץ פֿאַר־שריבן געוואָרן, אַלע די אויסדרוקן און אַלע די לידער פֿון יידישן דלות און פֿון יידישן בטחון און יום־טובֿ! עס איז געווען אין דעם אַלעם אַ געוועב פֿון דורות. מיט איין מאָל ווערט עס נישט באַשאַפֿן. דער ייִד פֿון קליינעם שטעטל האָט תּמימותדיק ליב געהאַט דאָס לעבן און די נאַטור. עס איז געווען אַ יידישער פּאַנטעיזם. יידישע מעלאָדיעס געוועבט מיט קלאַנגען פֿון דער אַרומיקייט. עס זײַנען געווען יידישע מוזיקאַנטן, וועלכע האָבן די מעלאָדיעס אויסגעשפּילט. עס האָט זיך שוין באַוויזן דער דיכטער, דער יידישער, וועלכער האָט עס אַלץ געוואָלט אויסזינגען. דער פֿאָלקזינגער מנחם קיפּניס איז געווען ווי אַ פֿאַרמיטלער צווישן פֿאָלק און דיכטער...

ער האָט ליב געהאַט דעם פֿאַראיין ווי דאָס לעבן און אַרײַנגעבראַכט האָט ער דאָרט אַ סך לעבן. שוין געווען נישט יונג, האָט ער דאָך געהאַט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר, שוואַרץ דערפֿאַר, ווײַל ער האָט זיי געפֿאַרבט, און אין וואַרשע האָט מען זיך אויף דעם חשבון געוויצלט. מען האָט געזאָגט, אַז אין שטאָט געפֿינען זיך זקנים, וועלכע געדענקען נאָך, ווען קיפּניס איז גרוי געווען...

וויפֿל פֿרייד האָט געגעבן דעם יידישן פֿאַרבענקטן און נײַגע־ריקן צוהערער באָריס אייסוראָוויטש. ער האָט געאַרבעט אין „אָרט". אין פּוילן איז ער געווען אַ לײַדנשאַפֿטלעכער באַרגגייער. פֿלעגט ער אָרגאַניזירן גרעסערע גרופּעס פֿון יידישע מיידלעך און בחורים און געקלעטערט מיט זיי אויף די געפֿערלעכע שפּיצן פֿון די טאַטרן,

בעסקידן און קאַרפּאַטן[1]. אָבער נאָך מער באַוווסט איז ער געווען ווי אַ גוטער דערציילער פֿון דער טריבונע. ער איז געווען בײַ אונדז אַן אָפֿטער גאַסט און איז זייער אָפֿט אַרויסגעטראָטן מיט זײַנע פֿאָרלעזונגען וועגן עקזאָטישע לענדער. דאָס בעסטע בײַ אים איז געווען זײַן דערציילונג וועגן אינדיע. דאָ האָט ער דערגרייכט דאָס העכסטע אין שטימונג און מאָלערישקייט. אונדזערע לצים האָבן זיך אַפֿילו געשושקעט, אַז אייסוראָוויטש איז קיין מאָל אין אינדיע נישט געווען און וועגן די אַלע זאַכן האָט ער אַרויסגעלייענט פֿון ביכער אָדער אַליין אויסגעטראַכט. אויב דאָס איז טאַקע אמת, איז אייסוראָוויטש בײַ מיר נאָך העכער אויסגעוואַקסן. מיט אַזאַ פֿאַנטאַזיע קאָן מען איבערשטײַגן אַלץ, וואָס מען זעט אין באַן, שיף און עראָפּלאַן. בעת אייסוראָוויטש האָט דערציילט, האָב איך נישט געקוקט אויף אים, נאָר אויף זײַנע צוהערערס. זיי זײַנען געזעסן פֿאַרכאַפּט, מיט דער טיפֿסטער נײַגעריקייט. די בחורים און מיידלעך פֿון וואַרשעווער אָרעמע קוואַרטאַלן — זיי האָבן זיך געניייטיקט אין אַזעלכע לעגענדאַרישע מעשׂיות פֿון די ווײַטע לענדער. שעהען לאַנג האָבן זיי געהערט, ווי אַ מענטש דערציילט וועגן דער שענסטער פֿרוי, וואָס ער האָט אויף זײַנע רײַזעס באַגעגנט, וועגן דעם שענסטן בוים, וואָס ער האָט געזען און וועגן שענסטן פּאַלאַץ, וואָס ער האָט אָנגעקוקט... אונדזערע בחורים און מיידלעך האָבן הנאה געהאַט פֿון אייסוראָוויטשעס פֿאַנטאַזיע און עס האָט זיי אַוודאי שפּעטער אין שלאָף געקלונגען:

— שוואַרץ ווי די נאַכט, הייס ווי די מדבר־זון, זיס ווי די לאָטאָס־בלום...

און טאַקע דערפֿאַר, ווײַל זיי האָבן קיין מאָל קיין לאָטאָס־בלום נישט געזען...

*

---

[1] מאָלערישע בערג אין פּוילן.

איך האָב נישט געציילט, וויפל מאָל אין טאָג עס פלעגט אַרײַנ־קומען אין „בודע״ יואל מאַסטבוים. ער מיט זײַן קינסטלערקאָפּ האָט זיך אָנגעזען אין גאַנצן זאַל. אַ קאָפּ! איך ווייס נישט צו ווע־מענס קאָפּ עס איז ענלעך. בעטהאָווען, ליסט, שובערט, זע איך יואל מאַסטבוימען, דערמאָנט זיך מיר גלײַך דער וואַרשעווער לי־טעראַטן־פאַראיין. אַ טאַלאַנטירטער, נאָר טאַלאַנט איז נאָך ווייניק. יואל מאַסטבוים האָט שטענדיק געהאַט געניאַלע פּלענער וועגן אַזעלכע ווערק, אַז די גאַנצע וועלט וועט אַ כפּרה גיין. נאָר נישט לי־טעראַטור אַליין. יואל מאַסטבוים איז זייער מוזיקאַליש. ער קען שטיקער סימפאָניעס אויף אויסנווייניק און אפשר גאַנצע סימפאָניעס. מיר האָבן תּפילה געטאָן, ווען ער איז געווען אין פאַראיין, ער זאָל נישט כאַפּן אַ צווייטן אַזאַ מוזיקאַלישן חבר. ווײַל דעמאָלט גייט עס אויף שעהען אַוועק אַזאַ טורניר, ווער עס געדענקט מער פון בעט־האָווען, פון מענדעלסאָן, פון טשײַקאָווסקין... דעמאָלט איז שוין געווען צו פיל מוזיק, כאָטש נעם און אַנטלויף.

מוזיקאַליש איז אויך געווען י. י. פּראָפּוס. ער איז געווען אַ יחסן אין דעם וועלטל. ער האָט שוין געאַרבעט אין אָנהייב פון אונ־דזער יאָרהונדערט אין אַ יידישער צײַטונג, אין פּעטערבורג, אין פרײַנד גופא האָט ער געאַרבעט. לעצטנס איז ער געווען רעדאַק־ציע־סעקרעטאַר פון מאָמענט, אַן אַלטער בחור, האָט ליב געהאַט גוט אָפּצועסן און גוט זיך אויסצושלאָפן, האָט ליב געהאַט מוזיק און שטענדיק געברומט אַ שורהלע פון אַ וועלט־קאָמפּאָזיציע. האָט ליב געהאַט צו באַרימען זיך:

— דו זעסט...

דערבײַ פלעגט ער פון וועסטל־קעשענע אַרויסצי:ען אַ בילעט אויף דעם נאָענטסטן קאָנצערט.

ער האָט זיך פּשוט געריצט מיט דעם. ער האָט שוין אַ בילעט. ער וועט הערן די סימפאָניע. און וואָס איז ווערט דער צווייטער, וואָס ווייסט אַפילו נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס סימפאָניע?

אַ מאָל פלעגט עס ווערן בײַ אַ טישל אַזאַ מין „פילהאַרמאָניע״.

הענעך קאָן, דער טאַלאַנטירטער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע, דער דיריגענט שניאור, יואל מאַסטבוים, פּראָפּוס און אַנדערע, איינער דעם צווייטן האָט איבערגעשטיגן אין מוזיקאַלישקייט. דערבײַ קומט־צו דער קליינער קיפּניס און רופט זיך אָן:

— חבֿרה! איך בין שוין גאָר נישט?

— האַ, קיפּניס! חזנות, אַהער אַ ביסל חזנות!

און קיפּניס הייבט־אָן צו דערציילן מעשׂיות פֿון חזנים און ער דערמאָנט זיך ניגונים...

— אוי, ווי, אוי ווי... איך דערמאָן זיך אויך... די אַלע טעג, די אַלע נאָכמיטאָגס, אַלץ און אַלעמען דערמאָן איך זיך...

מיר האָבן שטענדיק געוואָלט וואָס ווייניקער פּאָליטיק און מער חבֿרשאַפֿט און דאָך האָט מען פֿיל מאָל געמוזט רעאַגירן פּאָליטיש. ווען אין לעמבערג האָט זיך געענדיקט דער פּראָצעס פֿון שטייגערן, וועלכער איז פֿאַלש באַשולדיקט געוואָרן אין וועלן דער־מאָרדן דעם פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט, און די דאָזיקע באַשולדי־קונג איז שטאַרק אויסגעניצט געוואָרן פֿון די אַנטיסעמיטן פֿאַרן פּראָצעס און בעת דעם פּראָצעס. ווען שטייגער איז באַפֿרײַט גע־וואָרן, האָבן מיר טעלעגראַפֿיש אַרויסגערופֿן דעם באַפֿרײַטן מיט זײַן באַרימטן פֿאַרטיידיקער לייב לאַנדאַו צו אונדז אין „בודע". מיר האָבן אויסגעשטעלט אונדזערע טישן און שטולן און געפּראַוועט אַ באַנקעט, אַ דעמאָנסטראַטיוון באַנקעט קעגן דער פּוילישער רעגי־רונג און פֿאַר דער איבּיקער גערעכטיקייט.

אַ צווייט מאָל האָבן מיר אָפּגעטאָן אַ צו־להכעיס דער פּוילי־שער רעגירונג צוליב דער באַרימטער זינגערין איזאַ קרעמער. אי־זאַ קרעמער איז געקומען קיין וואַרשע זינגען אויף פֿראַנצייזיש, דײַטש, ענגליש, פּויליש, איטאַליעניש, רוסיש און... ייִדיש. עס קאָן זײַן, אַז צוליב דעם ייִדיש טאַקע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער רעכטער פּוילישער פּרעסע אַ גרויסע העצע קעגן איר, זינגען האָט זי געזאָלט אין דעם רײַכסטן זאַל פֿון פּוילן, אין דעם פֿילהאַרמאָ־

ניע־זאַל. דעם דאָזיקן זאַל האָט אַ ייִד, רײַכמאַן, אויסגעבויט פֿאַר זײַן געלט און ער האָט עס אָוועקגעשענקט צו דער שטאָט וואַרשע. האָט מען אָנגעהויבן שרײַבן אין די צײַטונגען, אַז איזאַ קרעמער איז אַ קאָמוניסטישע אַגענטין, אַז זי איז אַ שונא פֿון פּוילן און אין טאָג פֿון קאָנצערט, עלף אין דער פֿרי, האָט מען געגעבן צו וויסן דעם אימפּרעסאַריאָ פֿון דער זינגערין, אַז דער קאָנצערט וועט נישט פֿאָרקומען, פֿאַרבאָטן און אַ סוף... די רעפּאָרטערס האָבן אונדז די נײַס געבראַכט אין דער „בודע" צום מיטיק און אַזוי עסנדיק און שפּאַסנדיק האָט זיך איינער פֿון אונדזערע אָנגערופֿן:

— זאָל זי זינגען בײַ אונדז, אויב די רעגירונג דערלויבט נישט, טאָ זאָל זי זינגען בײַ אונדז, פֿאַר אייגענע מענטשן...

— און אַ דערלויבעניש?

— אַ דערלויבעניש וועלן מיר זיך אַליין געבן.

קיין איין אונטערנעמונג אונדזערע האָט נישט געטאָרט דורכגיין אָן אַ דערלויבעניש פֿון רעגירונגס־קאָמיסאַר. דאָס האָט גע־דראָעט מיט אַ פּראָצעס און מיט פֿאַרמאַכן דעם פֿאַראיין... דאָס מאָל האָבן מיר באַשלאָסן צו פֿײַפֿן אויף דער דערלויבעניש און זאָל זײַן, וואָס עס וויל... מען איז מיט דעם פּלאַן אַרײַנגעלאָפֿן אין קאַנצעלאַריע צו אונדזער סעקרעטאַר. מען איז באַלד אַוועק צו אי־זאַ קרעמער אין „האָטעל אַנגעלסקי". זי האָט אײַנגעשטימט. דע־מאָלט האָבן מיר טעלעפֿאָניש אײַנגעלאַדן אונדזערע בעסטע כּלל־טוערס, אַלע פֿאָרזיצערס און סעקרעטאַרן פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אַלע מיטגלידער פֿון אונדזער פֿאַראיין. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַן עולם פֿון הונדערטער מענטשן און איזאַ קרעמער האָט פֿאַר אונדז געזונגען עטלעכע שעה נאָך אַנאַנד. איך האָב איזאַ קרעמער געהערט נאָך אין אָדעס בײַ איר אָנהייב. איך האָב זי געהערט אין לאָנדאָן און אין פּאַריז. נאָר אַזאַ „די מעזינקע אויסגעגעבן", ווי דעמאָלט בײַ אונדז אויף טלאָמאַצקע דרײַצן, האָט זי אפֿשר קיין מאָל נישט געזונגען. און — דער באַנ־

קעט פֿאַר איר ביז באַגינען, די שטימונג, די ייִדישע, אין אַזאַ סבֿיבֿה פֿון פֿאָלקס־אינטעליגענץ, אַזאַ יום־טובֿדיקע שטימונג...

דער פֿײַנער אויפֿטו איז דורכגעגאַנגען בשלום. די רעגירונג האָט זיך געמאַכט נישט זעעוודיק.

*

מיר האָבן זיך נישט פֿאַרשלאָסן פֿון דער גאַס. אונדזערע זיבן פֿענצטער האָבן צו דעם נישט דערלאָזט און, ווען מען האָט זיך אויף אַ מינוט פֿאַרגעסן, זײַנען געקומען די רעפּאָרטערס און דערציילט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער ייִדישער וועלט און נישט בלויז אין דער ייִדישער. אָבער מיר האָבן בעסער געוואָלט זײַן אַ קרעטשמע ווי אַ סעקטע און דאָס האָבן מיר טאַקע אַ לאַנגע צײַט אויסגעפֿירט אויף צו־להכעיס אַלע סעקטאַנטן, וועלכע האָבן אונדז אַטאַקירט פֿון פֿיל זײַטן.

אַ קרעטשמע אָדער אַ גאַסטהויז פֿאַר אַלע חבֿרים. דאָך, אין לאָקאַל גופֿא, האָט זיך יעדערער אויסגעווײלט, וועמען ער האָט געוואָלט. עס זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. אָט דער קאַרלינסקי האָט זיך נישט געקאָנט שיידן מיט דעם רעאַליסטישן דערציילער דוד קאַסעל און זיי בײדע האָבן געמוזט זײַן צוזאַמען מיט דעם טונקעלן און די דרײַ האָבן אויך געהאַט שטענדיק אַ פֿערטן צו זייערע שמועסן. דער פֿערטער איז געווען דער העברעיִשער לערער ראַקאָווסקי, וועלכער האָט פֿון צײַט צו צײַט געשריבן אַרטיקלען אין די צײַטונגען. די אַלע פֿיר האָבן זיך פּשוט נישט אָפּגעלאָזן. זיי האָבן געהאַט טעמעס צו ריידן וועגן אַלט־וואַרשע, וועגן אַלטע עסקנים, משׂכּילים, רעדאַקטאָרן, וועגן פּרצעס הויז, ווו זיי זײַנען געווען אָפֿטע געסט. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדער מיינונג וועגן דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור. זיי האָבן רויִק דיספּוטירט. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי זײַנען שטענדיק אײַנשטימיק אין זייערע אָפּשאַצונגען. אײַנשטימיק אַפֿילו דעמאָלט, ווען מען איז אַבסאָלוט נישט אײַנשטימיק געווען...

י. י. זינגער מיט זײַן ברודער זײַנען קיין מאָל נישט געזעסן צוזאַמען. מען האָט זיי געזען בײַ באַזונדערע טישלעך. מען האָט זיי געזען און שטאַרק געזען, צוליב די גלאַטע שאַרפֿע קעפּ... די צוויי זײַנען געווען געבוירענע אָפּלאַכערס, נאָר נישט קיין לאַכערס...

איטשע־מאיר ווײַסנבערג האָט געהאַט זײַן טישל מיט זײַנע חסידים. דער ערשטער חסיד זײַנער איז געווען האַראַנטשיק, שפּע־טער האָבן זיי אויפֿגעהערט מיט זייער חבֿרשאַפֿט, ווײַל ווײַסנבערג האָט נישט ליב געהאַט, אַז איינער פֿון זײַנע חסידים זאָל ווערן צו זעלבשטענדיק. דאָך האָט ווײַסנבערג זיך פֿון דעם נישט גענומען צום האַרצן. ער האָט יעדן טאָג אַנטדעקט נײַע טאַלאַנטן און זיי גע־האַלטן פֿעסט לעם זיך, זיי זאָלן נישט אַנטלויפֿן... שלמה שיינבערג, אַ יונגער פּראָזאַיִקער, אַ ווילער, אַ שטילער, ער האָט געהאַט אַ זעצערײַ אין פּולאַוו און איז יעדע וואָך געקומען נעמען בײַ די פֿאַר־לעגערס נײַע קאַפּיטעס. ער איז אויך שטענדיק געזעסן מיט ווײַסנ־בערגן און געהאַט פֿאַר אים גרויס דרך־ארץ. איך פֿאַרנודע דעם זכרון אין יענע טעג. איך זע די מענטשן, איך הער זייער שמועס. ווי ווייניק פֿון זיי זײַנען פֿאַרבליבן און די פֿאַרבליבענע זײַנען צע־זייט און צעשפּרייט, אַזוי משונהדיק ווײַט איינער פֿון צווייטן. די וואָס זײַנען פֿאַרבליבן האָבן באַקומען אַ שרעקלעכע ירושה — דאָס אַש פֿון זייערע פֿאַרברענטע משפּחות. מיט אַזאַ ירושה וועט מען זיך שטיקן ביז דער לעצטער שעה...

טלאָמאַצקע דרײַצן איז אַ לאַנגע צײַט געווען אַ טראַנזיט־פּונקט פֿאַר די ייִדישע שרײַבערס פֿון אַמעריקע, וועלכע זײַנען דורך פּוילן געפֿאָרן באַזוכן רוסלאַנד. אָט אַזוי משה נאַדיר, לייוויק, אָפּאַ־טאָשו, מנחם, הלל ראָגאָף. מיר האָבן קיין מאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט אויפֿצונעמען אַ חבֿר מיט וואָס מיר קאָנען. און מיר האָבן דאָך אַ סך שטולן — האָט מען געמאַכט באַנקעטן. מיט איי־נעם האָט זיך דער באַנקעט אַ ביסל פֿאַרהאַטשעקט. ער האָט נישט געוואָלט קיין באַנקעט. דאָס איז געווען אונדזער ליבהאַרציקער פֿרײַנד, אונדזער אַלעמענס פֿרײַנד, אַבֿרהם רייזען. איך האָב צו

אים אַ ספּעציעלן סענטימענט: פֿון אים באַקומען דאָס ערשטע בריוול וועגן מײַנע לידער, פֿון אים די ערשטע אָנערקענונג־ווערטער אין אַ זשורנאַל. אַבֿרהם רייזען! איך לאָז נישט דורך קיין געלעגנהייט צו דערמאָנען זײַן „אַ געזינד זאָלבע אַכט", זײַן „אין קישן באַהאַלט איך דאָס פּנים" און „דער שטויב פֿון דער ערד איז געפֿאַלן אויף מיר". מײַן טײַערער רייזען! מיר ווילן מאַכן אַ באַנקעט פֿאַר אײַך. ענטפֿערט ער:

— איך וויל נישט, מען דאַרף נישט...

— פֿאַר וואָס?

— מען דאַרף נישט.

— מיר ווילן, חבֿרים, פֿאַרברענגען מיט אײַך עטלעכע שעה. מיר האָבן אײַך ליב.

— וואָס וועט דאָרטן זײַן?

— עס קאָן זײַן אַ גלעזל טיי און עס קאָן זײַן פֿיש, און ווײַן.

— ניין! נישט דאָס מיין איך. איך מיין, ווער וועט דאָרט זײַן?

— חבֿרים, אייגענע מענטשן, ליטעראַטן... מען וועט ריידן און זינגען...

— וואָס וועט מען ריידן?

איך האָב אים פֿאַרשטאַנען. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט ריידן קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד. איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז ער מעג זײַן רויִק. איז געווען אַ באַנקעט און רייזען איז געפֿאָרן קיין רוסלאַנד. מען האָט אים אין מינסק, בײַ זײַן אָנקומען, אויפֿגענומען מיט פּאַראַד. קאַוואַלעריע און אינפֿאַנטעריע מיט אַרטילעריע — מען האָט אים אויפֿגענומען מיט מיליטער... מען האָט גערעדט צו אים די בעסטע ווערטער. ער, דער דיכטער פֿון פֿאָלק, האָט עס פֿאַרדינט כּשר. אָבער נאָך רוסלאַנד, נאָך זײַן צוריקקומען קיין אַמעריקע, איז ער גלײַך אַרײַנגעטראָטן ווי אַ מיטאַרבעטער אין אַנטיקאָמוניסטישן פֿאָרווערטס. די „בודע" האָט זיך וועגן דעם דערוווסט און די „בודע" האָט געשמייכלט. וואָס מער ווי שמייכלען? עס זײַנען געווען אַ סך קאָמישע און אין דער זעלביקער צײַט טראַ־

גיקאָמישע געשיכטעס, וואָס נישט פֿאַר אונדזערע כּוחות איז דאָס געווען צו אַנטשיידן... האָט מען אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפֿאָן און זיך גוט אויסגעטאַנצט. און יעדער איינער פֿאַר זיך האָט געטאָן זײַן אַרבעט. געשריבן, וואָס ער האָט געפֿילט, און איבערגעליטן, און געוואַרט, און געבענקט...

און מען איז געווען היימיש.

דאָך, פֿון צו פֿיל היימישקייט, האָט מען זיך אײַנגעוווינט דעם פֿאַראיין גרינגצושאַצן און אַפֿילו זידלען, אָנגרײַפֿן... אייגענע חבֿרים האָבן דאָס פֿיל מאָל געטאָן. איך געדענק, ווען דער באַוווסטער זשורנאַליסט בערנאַרד זינגער איז געפֿאָרן באַזוכן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָבן מיר אײַנגעאָרדנט פֿאַר אים אַ געזעגענונג. טישן, שטולן און אַ ביסל משקה. דאַכט זיך אַלץ איז פֿײַן, די דרשות אויך פֿײַן. דאָס שלוסוואָרט האָט זינגער. ער דאַנקט נישט פֿאַר די גוטע ווערטער, ער דאַנקט נישט פֿאַר די משקה — ער זידלט אונדז. ער זאָגט, אַז מיר זײַנען צעפֿוילטע קליינבירגערס, אַז מיר זײַנען פֿאַרקויפֿט בײַ דער יִדישער בורזשואַזיע און מיר דינען אירע אינטערעסן... ווי געזאָגט, ער האָט אונדז געמאַכט אויסצודרייען. גערעדט האָט ער שנעל, געענדיקט שנעל און פֿאַרלאָזן זײַן פּלאַץ, דורכגעלאָפֿן דעם גרויסן זאַל און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, מיט כּעס אַ קלאַפּ געטאָן...

— וואָס איז דאָס? — האָט איינער פֿון אונדזערע געפֿרעגט.

— גאָר נישט... אַז מען פֿאָרט קיין רוסלאַנד, באַדאַרף מען זידלען דעם ליטעראַטן־פֿאַראיין...

דאָס זעלביקע האָט אויך געטאָן משה קולבאַק, איינער פֿון די בעסטע און איינער פֿון די עכטסטע יִדישע פּאָעטן. אַ טײַערער יונג. ער איז אַוועק פֿון אונדז קיין רוסלאַנד מיט אַ גוטן, ריינעם ווילן, מיט גלויבן... ער איז געווען אַ סמאַרגאָנער און געלעבט אין ווילנע. געליבט געווען בײַ דער יִדישער יוגנט ביז גאָר. זיי האָבן דאָרט געוויינט אין ווילנע, בעת ער איז אַוועקגעפֿאָרן. דאָך ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: רוסלאַנד. דאָרט איז זײַן פּלאַץ און דאָרט איז

זײַן צוקונפֿט. פֿאַר זײַן אַוועקפֿאָרן פֿון פּוילן איז ער געקומען צו אונדז זיך געזעגענען. מיר האָבן אים פֿײַן באַגלייט, פֿײַן וואָס פֿײַנער קאָן שוין ניט זײַן. די בעסטע סעודה און די בעסטע ווערטער. ער האָט פֿאַרדינט מיט זײַנע ליטווישע מאָטיוון, מיט זײַנע וועלפּישע לידער. עס איז גוט, ווען מען קאָן מאַכן אַ מענטשן קאָמפּלימענטן פֿאַרדינטע, ערלעכע... משה קולבאַק איז געווען אַזאַ מענטש... אָבער ווי איבערגעראַשט זײַנען מיר געוואָרן, ווען אין יענעם אָוונט האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט פֿון אים:

— איר זײַט דאָ אַלע פֿאַרפֿוילט... איר זײַט אַ קנעכטישער עלעמענט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ שעדלעכער עלעמענט... מען דאַרף אײַך אַלעמען אויסראָטן...

מיר האָבן זיך בײַ די טישן דעמאָלט איבערגעקוקט און מיר האָבן געשמייכלט: אַז מען פֿאָרט קיין רוסלאַנד, באַדאַרף מען זידלען דעם ליטעראַטן־פֿאַראיין. די „בודע" האָט נישט רעאַגירט. די „בודע" האָט זיך געלאָזן זידלען און באַליידיקן. מן הסתם באַדאַרף אַזוי זײַן. עס איז נישט קיין אומגליק, אַז מען ווערט באַליידיקט. אַבי דער באַנקעט איז געווען אַ שיינער, אַן אויפֿריכטיקער. קולבאַק איז אין רוסלאַנד געוואָרן אויס. פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען ווייסן מיר ביז הײַנט נישט. פֿאַר וואָס תּפֿיסה און פֿון וואָס געשטאָרבן? פֿרעג דעם ווינט!...

די שאָטנס און די ליכטיקע זײַטן, אַלץ צוזאַמען איז דאָס טײַער געווען. אַפֿילו די אַרויסגעבערס, די באַלעבאַטים פֿון אונדזערע צײַטונגען — איך געדענק נישט פֿאַר די צוואַנציק יאָר קיין איין ביטערן קאַמף מיט זיי. איך געדענק נישט קיין לאַנגע שטרײַקן, קיין געשרייען. נישט געווען צווישן זיי קיין פֿאַרביסענע. נישט געווען קיין עקספּלאָטאַציע. פֿאַרקערט, די גרעסטע צאָל צײַטונג־אַרבעטערס האָבן געמאַכט אַ פֿײַן לעבן.

די באַלעבאַטים פֿון די ייִדישע צײַטונגען זײַנען אַ ביסעלע געווען ברוגז אויף דער „בודע". דער פֿאַראיין האָט געקעמפֿט פֿאַר זײַנע מיטגלידער און האָט אויסגעקעמפֿט פֿאַר זיי, וואָס נאָר עס

איז מעגלעך געווען. אין דעם קאַמף מיט די באַלעבאַטים האָט בײַ אונדז געהערשט אַ גרויסע דיסציפּלין. נישט געווען אַזאַ מיטגליד, וואָס זאָל די דיסציפּלין ברעכן. אַ וואָרט פֿון אונדזער פּראָפֿעסיאָנעלער סעקציע איז געווען הייליק און שטרײַק איז געווען דאָס בעסטע געווער. גלײַכצײַטיק מוז מען צוגעבן, אַז די באַלעבאַטים אונדזערע זײַנען נישט געווען קיין פֿאַרביסענע „באָסן". מען איז כּמעט שטענדיק דורכגעקומען אין אַלע קאָנפֿליקטן. די באַלעבאַטים פֿון הײַנט, די אַרויסגעבערס ש. י. יאַצקאַן, די ברידער נח און נחמיה פֿינקעלשטיין — פֿון זיי איז יאַצקאַן געווען אַ ביסל אײַנגעשפּאַרט. ער האָט זײַן אייביקן מאָטיוו: איז אַ מיטאַרבעטער פֿעיִק אָדער טאַלאַנטירט — קומט אים צו צאָלן, וויפֿל ער וויל; איז ער אָבער אַ טויגעניכץ — באַדאַרף מען אים שנעלער אַוועקשיקן. אין דער פּראַקטיק איז אָבער געווען אַנדערש: מען האָט געמוזט אַ סך טויגעניכצן שיצן און פֿאַרטיידיקן. נח און נחמיה פֿינקעלשטיין, די צוויי אידעלע געשטאַלטן פֿון אונדזער פּרעסע־וועלטל, זײַנען ווערט דערמאָנט צו ווערן מיט רעספּעקט. זיי וועלן נישט פֿאַרגעסן ווערן בײַ אונדזערע גערעטעוועטע זשורנאַליסטן און שטריפּטשטעלערס, זייער פֿאַרנעם אין דער אַרבעט, זייער באַציִונג צו די מיטאַרבעטערס. נח פֿינקעלשטיין איז אַוועק קיין פּאַריז, אַלט און קראַנק. פֿראַנצייזן האָבן אים געראַטעוועט. נחמיה... אין קאַלכאויוון...

עס איז געווען בײַ דער ייִדישער פּרעסע סוחרישע קאָנקורענץ, אַ ביסל צו פֿיל געטומלט אָפֿט, געווען, געווען... ווו איז דאָס נישט פֿאַראַן? אָבער לאָמיר אַרויפֿלייגן רויִק די האַנט אויפֿן האַרצן און זאָגן, וואָס עס ווילט זיך זאָגן: מען איז געווען מענטשלעך איינער צום צווייטן. איך וואָלט עס אויסגעדריקט און אײַנגעפּאַסט אין אונדזערס אַ ווערטל: „ייִדישע גזלנים"... איך געדענק ווען די „אַגודה" האָט נישט געהאַט קיין דרוקערײַ פֿאַר דאָס ייִדישע טאָגבלאַט, זײַנען זיי געגאַנגען, די אָרטאָדאָקסן, צו דער בונדישער פֿאָלקסצײַטונג און געבעטן, מען זאָל זיי דערלויבן צו דרוקן זייער פֿרומע צײַטונג אין דער אַפּיקורסישער דרוקערײַ. אין פֿינף מינוט

איז די טראַנזאַקציע געמאַכט געוואָרן און דער חבֿר נח, נח פּאָרט־נאָי, דער פֿירער פֿון „בונד", האָט זיי געווונטשן מזל מיט דעם טראַדיציאָנעלן „גאָט זאָל העלפֿן"...

ווען איינער פֿון די אָרטאָדאָקסישע פֿירערס האָט דעמאָלט גע־פֿרעגט נחן:

— ווי וועט עס איצטער זײַן? מיר וועלן דרוקן בײַ אײַך אונ־דזער צײַטונג און מיר וועלן אײַך, בונדיסטן, קריטיקירן... מיר וועלן אײַך אפֿשר אויך זידלען...

זאָגט נח פּאָרטנאָי:

— קלאַפּט, וויפֿל עס גייט אַרײַן.

געווען בײַ דער יידישער פּרעסע קאָנקורענץ. דאָך, ווען עס פֿלעגט קומען אָן ענין, וואָס באַלאַנגט דעם גאַנצן יידישן כּלל, דע־מאָלט איז מען געווען אייניק. ווען דאָס געריכט האָט פֿאַרמשפּט כאַסקעליעוויטשן צום טויט פֿאַר דערמאָרדן אין בריסק אַ פּוילישן זעלנער אין געראַנגל, דעמאָלט האָט אויך דאָס זעלביקע געריכט געגעבן מאָטיוון צו דעם פּסק. מאָטיוון בייזע, אַנטיסעמיטישע מאָ־טיוון, וועלכע האָבן סטימולירט צו פּאָגראָם. די יידישע פּרעסע האָט געמוזט רעאַגירן. אָבער ווי רעאַגירט מען, ווען קריטיקירן אַ געריכט־אורטייל טאָר מען נישט? און דעמאָלט נאָך, ווען דער אַנ־טיסעמיטיזם האָט אַזוי ווילד געבושעוועט, דעמאָלט, צוויי יאָר פֿאַר דעם נײַעם חורבן? עס האָט ממש געדראָעט, אַז די גאַנצע יידישע פּרעסע זאָל פֿאַרמאַכט ווערן. האָט מען זיך באַראָטן אין ליטעראַטן־פֿאַראיין, ביז צוויי בײַ נאַכט. אײַנטייל האָבן אין דער באַראָטונג גענומען: ה. ערליך, פּנחס שוואַרץ, נח פּרילוצקי, לאַזאַר קאַהאַן, משה אינדעלמאַן, דוד פֿלינקער, בערנאַרד זינגער, ב. כילינאָוויטש, אלחנן ציטלין, נתן שוואַלבע, מאַרק טורקאָוו, חיים פֿינקעלשטיין און בער ראָזען. די אָנגענומענע רעזאָלוציע, וואָס האָט שאַרף קרי־טיקירט דאָס געריכט מיט דער פּוילישער רעגירונג אין איינעם, איז געווען אָבליגאַטאָריש פֿאַר אַלע יידישע צײַטונגען און איז אָפּ־געדרוקט געוואָרן. אַלע זײַנען באַוווסטזיניק אויף דעם געגאַנגען

און ריזיקירט צו ברענגען אַ קרבן די גאַנצע פּרעסע אונדזערע פֿאַר עטלעכע ווערדיקע ווערטער... מען האָט געקעמפֿט מיט די שוואַכע ווערטער פֿון וואָרטקאַמף. די אַטאָם־באָמבע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. אויף דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע האָט זיך דאָך געמוזט רעכענען אַ ביסל מיט דער וועלט, האָט אונדזער אָפּגעדרוקטע רעזאָלוציע שטאַרק געווירקט. דאָך איז די פּרעסע, די ייִדישע, נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. די געהיים־פּאָליציי, די פּוילישע, האָט בלויז געזוכט און געוואָלט דערגיין, ווער עס זײַנען די מחברים פֿון דער רעזאָלוציע. זיי האָט מען געוואָלט צוציִען צום געריכט. צוויי יאָר ביז דער מלחמה איז די אויספֿאָרשונג געווען אין גאַנג און די אַגענטן פֿון דער פּאָליציי האָבן זיך גאָר נישט דערוווּסט.

אין ליטעראַטן־פֿאַראיין האָט מען געבטלט, געטאַנצט, געטריבן אַ ביסל רכילות, אָבער קיינער פֿון אונדזער חבֿרה האָט נישט געוואָלט אַרײַנקומען אין פֿאַראיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. אַזאַ איינער, וואָס האָט נישט רעאַגירט ווערדיק ווי אַ מענטש און ייִד, אַ „מאָשקע”, האָט בײַ אונדז קיין פּלאַץ נישט געהאַט, קיין מאָל נישט. מיר האָבן יעדע אײַנלאַדונג פֿון די פּאָליאַקן געוויגן און געמאָסטן. מיר זײַנען געווען פֿאָרזיכטיק מיט אונדזער כּבֿוד. נישט דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן געוואָלט זײַן יחסנים, נאָר מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז די יחסנים זאָלן אונדז טאָן אַ טובֿה. מיר האָבן געוואָלט זײַן געבעטענע, נאָר נישט קיין אײַנגעבעטענע. אין די פּוילישע זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע קרײַזן האָט מען גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דעם און זיי האָבן זיך באַמיט צו זײַן מיט אונדז אין אָרדענונג.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## פון ז. סעגאלאָוויטשעס לעבן און שאפן



בלעטער פֿון געשיכטע, שפּראַכפֿאָרשונג, קריטיק און זכרונות

י. ראַפּאָפּאָרט

## ז. סעגאַלאָוויטש און זיין ווירקונג אויפן לייענער *

...נאָך דעם כמות מאַכט סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג אויס אפשר קוים אַ צוואַנציקסטל פון סעגאַלאָוויטשעס סכום געדרוקטע בויגנס; אָבער נאָכן איכות איז סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג דער ווערטפולסטער טייל פון זײַן שאַפן.

איך וויל מיט דעם לחלוטין ניט זאָגן, אַז צווישן די זייער שלעכטע פּראָזע־ביכער, וואָס סעגאַלאָוויטש האָט געשריבן, געפינען זיך נישט אויך ווייניקער שלעכטע אָדער אַפילו גוטע נאָוועלן אָדער קאַפּיטלען. אָבער איך וויל מיט דעם זאָגן, אַז קרעאַטיווע קראַפט און אָרגאַנישע גאַנצקייט פיל איך נאָר אין די בעסערע דיכטונגען סעגאַלאָוויטשעס, צי דאָס איז די פּאָעמע קאַזשמיערזש, צי רייזעלע דעם שוחטס, צי דער פּאָעמעס־ציקל וועגן חורבן פּוילן, דאָרט אָדער נישטאָ, צי אַ געראָטענע שורות אַכט.

סעגאַלאָוויטש איז געווען אַ דיכטער און זײַן פולן דיכטערישן אויסדרוק האָט ער געפונען אין דיכטונג, אין געזאַנג, אין לירישן ניגון. אין דער דאָזיקער דיכטונג זעען מיר אויך זײַן דיכטערישע געשטאַלט, מיר שפירן זי דאָרט אין איר גאַנצקייט...

אין איין געלונגענעם אַכט־שורהדיקן ליד קען סעגאַלאָוויטשעס מהות, זײַן עכטע באַציִונג צו דער וועלט און צו דעם מענטשן, זײַנע איבערלעבענישן געפינען אַ פולברוסטיקערן אויסדרוק ווי אַ ראָמאַן פון 300 זײַטן אָדער ווי אין אַ נאָוועלע.

און דאָס, וואָס איז טיפּיש און ווערטפול פאַר אַ שרײַבערישער פערזענלעכקייט, איז אויך ווערטפול פאַר דער ליטעראַטור.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט אַ סך לייענערס און ער האָט שטענדיק באַאײַנפלוסט זייער ליטעראַרישן געשמאַק, אָבער נאָך מײַן טיפסטער איבערצײַגונג — באַאײַנפלוסט צום שלעכטן. ער האָט דעם לייענער פאַרוויגט מיט סענטימענטאַלע טענער, נישט געוועקט בײַ אים דאָס טיפערע, נישט געריסן אים אין דער הויך, — ער האָט דעם לייענער מער געקיצלט עמאָציאָנעל ווי אויפ־

---

* פון בוך זוימען אין ווינט, ב"א 1961, ז' 228.

געטרייסלט. אָבער די ליטעראַטור האָט ער באַאײַנפלוסט נאָר מיט זײַנע לידער. נישט אין אַזאַ מאָס ווי קולבאַק, מאַנגער, משה־לייב האַלפּערן און אַנדערע; אָבער ער האָט אַ חלק אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער דיכטונג, פון ייִדישן פערז — ער האָט נישט נאָר געשריבן דיכטונג — ער האָט געלאָזט זײַן שפור אין דער ייִדישער דיכטונג.

ער איז נישט אַזוי טיף ווי באָריישאָ איז דאָס אָפּט, ווי לייוויק איז דאָס אָפּט; ער רודערט נישט אויף אַזוי שטאַרק עמאָציאָנעל ווי קולבאַק און מאַנגער — אָבער זײַן קאַזשמיערזש איז בשעתו געווען אַ נײַס אין דער ייִדישער דיכטונג — אַן עכטע ראָמאַנטישע שאַפונג אין דער ייִדישער דיכטונג, וואָס איר פערז גלאַנצט און פליסט ווי די ווײַסל־כוואַליעס אין אַ לבנה־נאַכט, וואָס איר ריטעם איז — עכטער געזאַנג, וואָס אירע בילדער זײַנען פריש און לעבעדיק, וואָס איר אינהאַלט איז דעם דיכטערס אַן עכטע איבערלעבונג, געפורעמט מיט מאָס און פײַנעם געשמאַק.

איך האָב זייער זעלטן הנאה געהאַט פון סעגאַלאָוויטשעס פּראָזע — פאַרקערט, זי פלעגט מיך זייער אָפּט אויפרעגן, דערעסן, גלײַכגילטיק לאָזן, אָבער איך האָב זייער זעלטן נישט גענאָסן פון סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג.

יעקב גלאַטשטיין

## ז. סעגאַלאָוויטש, דער באַזינגער און באַקלאָגער פון פוילישן יידנטום

דער ביאַליסטאָקער יונגער מאַן ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס איז געוואָרן דער באַזינגער און באַקלאָגער פון פוילישן ייִדנטום, איז דורך ארץ־ישראל געקומען שטאַרבן אין ניו־יאָרק. אין דעם אַליין ליגט אין מיניאַטור די געשיכטע פון אַ גרויסן טייל פון אונדזער פאָלק און די ביאָגראַפיע פון איינעם פון אונדזערע וויכטיקסטע שרײַבערס.

...ביאַליסטאָק איז פאַר אַ סך פוילישע ייִדן ממש געווען טיף רוסלאַנד. אָבער ווער איז נאָך געוואָרן אַזאַ פוילישער ייִד ווי דער „רוסישער" יונגער מאַן, וואָס האָט אין פוילישן ייִדנטום געפונען זײַן רעליגיע? ער האָט נישט נאָר געגלייבט אין פוילישן ייִדן, נאָר דאָס גאַנצע פוילישע ייִדנטום איז פאַר אים געוואָרן געפונענער גלויבן — ער האָט זיך באַקערט צום פוילישן ייִדנטום.

...ווען דאָס אַלץ איז חרוב געוואָרן, איז סעגאַלאָוויטש געלאָפֿן פֿון דאָרט אַ גוסס. ער איז נישט געווען קיין געראַטעוועטער פּליט אין דעם געוויינלעכן זין. ער איז געבליבן בוכשטעבלעך אויף דער שוועל פֿון טויט. דער פּויליש־ייִדישער קינסטלער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח, כּדי צו לעבן און קלאָגן. דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס קיין ליטעראַטור האָט נאָך נישט געזען. ער האָט נישט געלעבט פֿאַרן לעבן, נאָר פֿאַרן הספּד און קדיש. אַ הויכע, שלאַנקע נשמה, איבערגעצויגן מיט אַזוי פֿיל ענלעכקייט אויף הויטלעבן און וויפֿל ס'איז נייטיק, כּדי נישט אין גאַנצן אַוועקצושרעקן די לעבעדיקע, איז ער געגאַנגען צווישן אונדז און געקלאָגט און געשריגן.

דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט דעם שליח־ציבור אים געשיקט אין דער וועלט, כּדי ער זאָל אויסקלאָגן זײַן איכה. די גאַנצע שעפֿערישע רו, וואָס האָט אין אים אַמאָל קינסטלעריש געגליווערט, איז אויפֿגעטרייסלט און אויפֿגעשוידערט געוואָרן. דער אַמאָל לעבעדיקער קינסטלער האָט דאָס פּוילישע ייִדנטום אָנגענומען ווי אַ געבענטשטן אייביקן המשך און ער האָט רויִק געשריבן, ווײַל אויף אים איז נישט געלעגן דער גאַנצער עול לגמור. ער האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ רינג אין דער קייט. ער איז געזעסן צווישן זײַן פֿאָלק פֿון שרײַבערס און לייענערס און ער האָט געלאָזט הערן זײַן אייגן, ליב און ליריש קול, זײַן אייגענע אַ ביסל פֿאַרנאַרישטע קלוגשאַפֿט.

...דער רויִקער סעגאַלאָוויטש, דער מעשׂיות־שפּינער, דער פּאָעט פֿון קורץ לירישע געזאַנגען, דער זיכערער, דער פֿאַרגלייבטער אין זײַן אייגענעם גלויבן, איז קיין מאָל נישט געווען, האָט נישט געקענט זײַן אַזאַ גרויסער קינסטלער־שליח ווי ער איז געוואָרן, ווען ער האָט געקראָגן די שליחות פֿון אַזוי פֿיל טויט און אומברענג.

אויף סעגאַלאָוויטשן איז שטענדיק געלעגן דער חותם פֿון דעם שריפֿטשטעלער, וואָס האָט אַ באַזונדער לעבן און וואָס פֿאַרמאָגט אַן אייגענע גענוגשאַפֿט. זײַנע אַלע קינסטלערישע אַמביציעס זײַנען באַפֿרידיקט געוואָרן דורך דעם, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט מער, ווי ער האָט געקענט און ס'האָט אים נאָר געוווּנדערט און היפּש וויי געטאָן, וואָס קאָלעגן באַאומרויִקן אים דורך זייער אומצופֿרידנקייט מיט זײַנע פֿאַררונדלטע דערגרייכונגען. אַזאַ אומצופֿרידנקייט איז פֿאַר אים געווען אַ רוף צו גרעסערע פֿאַרמעסטן, אָבער זײַן גאַנץ געמיט איז געווען קעגן דעם, אַז ער זאָל לייגן צו פֿיל לאַסט אויף זיך. ער האָט געוווּסט, אַז ער טוט זײַן פֿליכט נאָך זײַנע כּוחות, וואָס זײַנען געווען גאַנץ באַדײַטנדיקע. ער האָט פּשוט נישט געוואָלט לײַדן פֿון קיין טײַפֿערער אומרו, ווי די וואָס איז באַשערט געווען און וואָס איז געווען די מאָס פֿון זײַן טאַלאַנט און פֿון זײַן לײַכטער, פֿאָלקישער באַטראַכטונג. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ פּראַקטישער פּרוכטבאַרקייט, אַזאַ פּרוכטבאַרקייט ווי ס'פֿאַרמאָגן

אַ סך פּראָפעסיאָנעלע שרײַבערס, וואָס ווייסן אַז זיי האָבן לייענערס; אַז די לייענערס וואַרטן אויף זייערע ביכער און אַז די ביכער באַצאָלן זיך און גיבן זיי די געלעגנהייט אָנצוהאַלטן דעם פאַרכישופטן קרײַז, וואָס אין אים ווערט אָפּט פאַרלוירן דער שרײַבער, וועלכער האָט קיין מאָל קיין צײַט נישט אָפּצוכאַפּן דעם קינסטלערישן אָטעם.

ביז ס'איז געקומען די גרויסע אויפטרייסלונג וואָס האָט סעגאַלאָוויטשן אַרויסגעפירט פון אָט דעם פאַרכישופטן קרײַז. ער האָט פּלוצעם דערזען, אַז ער האָט שוין פאַר קיינעם נישט צו שרײַבן.

...ער האָט גענומען שרײַען גוואַלד אויף דעם גרויסן אונטערגאַנג און ס'איז אין דעם גוואַלד געלעגן דער כוח פון אַ פאַרשפּעטיקטן, אָבער שטאַרק קאָנצענטרירטן חשבון־הנפש, וואָס די צײַט האָט גורם געווען. ער איז גאָר נישט גרייט געווען פאַר אַזאַ פּלוצימדיקן איבערבראָך.

...פּלוצעם האָט סעגאַלאָוויטש אומדערוואַרט דערשפּירט, ווי דער איבערבראָך איז אויף אים אַרויפגעוואָרפן געוואָרן, און דווקא דורך אַ גרויסן, פינצטערן, אומבאַצייכנטן בית־הקברות. ער איז שוין גאָר נישט געווען זיכער אין זײַן גאַנצער אָנגעזאַמלטער פּראָפעסיאָנעלער ליטעראַרישער חכמה. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט שרײַען אני שלמה פאַר אַ וועלט, וואָס וועט זיך אויסלאַכן פון זײַן גאַנצער טאָג־טעגלעכער פּרנסה־ליטעראַטור.

ער האָט געשריגן גוואַלד און אַפילו נישט געוווּסט, אויב דאָס, וואָס ער שרײַט, איז שוין דער פּראָדוקט פון זײַן גרויסער איינזאַמקייט, פון זײַן קינסטלערישער סיִעסטאַ, מישטיינס געזאָגט, אָדער ס'איז בלויז די איינזאַמקייט אַליין, די גוססדיקע מיטשטאַרבנדיקע איינזאַמקייט, וואָס איז ווי בענקשאַפט פון אַלטע, צעבראָכענע אינוואַלידן, נאָך דעם ווי עס שטאַרבן זייערע נאָענטע פרײַנד און זיי אַליין דערזעען זיך עלנט און הילפלאָז.

סעגאַלאָוויטש האָט אין זײַן לאַנגער קאַריערע גענומען דעם לייענער זײַנעם און באַטראַכט ווי אַן אָפּנעמער, אַ פאַרברויכער. ער האָט אויף אים אַרויפגעצווונגען זײַן עלעגאַנטע, אין תוך זעלבסט־צופרידענע מעלאַנכאָליע, אָבער ער האָט נישט צו פיל געפאָרשט, ער האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף זײַנע געשמאַקן. ער האָט אים געגעבן, אָבער ער האָט בײַ אים ווייניק גענומען. ער האָט אים געזען אַרום זיך און געשעפּט יניקה בלויז פון דעם האַרציקן, לעבעדיקן טומל, וואָס די פּוילישע ייִדן האָבן געמאַכט. ער האָט, מסתמא, אין זעלטענע מינוטן פאַר זיך פאַרצייכנט, אַז מען דאַרף קומען נענטער צום פאָלק, מען דאַרף נידערן טיפער, אָבער ער האָט געלעבט אין אַזאַ שרײַבערישער לייענער־זעטיקייט, וואָס איז געווען ווי אייביקע יוגנט. פאַר זײַנע לייענערס איז ער קיין מאָל נישט געווען אַלט. פאַר זײַנע לייענערס האָט ער קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו זײַן יוגנטלעך. גאָר אומגעריכט האָט ער זיך

דערזען אַלט און איינזאַם. אומדערוואַרט און נישט־צוגעגרייטערהייט האָט אים דער חורבן דערלאַנגט אַ בלײַשטיפט אין האַנט און אים געצוווּנגען מאַכן דעם סך־הכל.

ס'האָט געזאָלט זײַן אַ נעגאַטיווער סך־הכל. נישטאָ! ס'האָט אפשר געזאָלט זײַן אַ פּריוואַטער סך־הכל. אָבער מיט דעם כּוח פֿון דעם דאָזיקן באַשײַמפּערלעכן עלנט האָט ער דעם פּריוואַטן אונטערשטרײַך פֿאַרוואַנדלט אין אַ הימל־שרײַענדיקן, הימל־שפּאַלטנדיקן חשבון מיט זיך, וואָס איז געוואָרן דער חשבון פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק און אויף אַלע ייִדישע דורות.

אין זײַן נישטאָ איז אפשר פֿאַראַן מער דאָ־באַוווּסטזײַן פֿון אַ לעבן, וואָס איז ערשט געווען, ווי אין דעם גאַנצן לעבעדיקן צושטײַער זײַנעם, וואָס איז געווען פּלעגמאַטיש פֿאַרגליווערט. אין דעם גוואַלד ווערט אויפֿגעלעבט אַזוי פֿיל פֿאָלקסגעוויין און צער, אַז דער קינסטלער ז. סעגאַלאָוויטש האָט אין זײַן קול דערהערט דעם רעליגיעזן ציטער, וואָס ער האָט אַלע מאָל געוואָלט אַרײַנגיסן אין זײַנע ווערק און וואָס ער האָט כּסדר געהאַלטן אין איין אָפּלייגן אויף שפּעטער. ווי ער וואָלט זיכער געווען מיט אייגענער אַריכת־ימים און מיט דער אייביקייט פֿון פֿאָלק. אין זײַן נישטאָ איז פֿאַראַן עפּעס פֿון דער אויפֿגעפֿלאַמטער קינסטלערישער גבֿורה פֿון אַ שמשון אויף דער עלטער, וואָס האָט בלינדערהייט אַ טרייסל געטאָן די זײַלן פֿון ייִדישן קלאָג־נוסח. ער האָט אַלע מאָל פֿאַרמאָגט אַ פּשטות, אָבער זי איז געווען אַ רויִקע. דאָס מאָל איז זײַן פּשטות פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם קאָלעקטיוון אויסגעשריי פֿון טויטע משפּחות, וואָס האָבן געיאָמערט אין זײַנע זאָגערישע פּסוקים.

ער האָט אויסגעוויינט אַלע זײַנע און אפשר אויך אונדזערע טרערן.

ח. ש. קאַזדאַן

## ז. סעגאַלאָוויטש און זיין ירושה־דור*

... זיכער איז, אַז סעגאַלאָוויטשעס צושטײַער צו דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און נאָך מער פֿאַר דעם וווּקס פֿון דער ייִדישער לייענערשאַפֿט — איז זייער גרויס. ער האָט צוגעטראָגן שפּײַז פֿאַר גרויסע שיכטן, נײַע און נײַע לייענערס. ער האָט זיי געצווּנגען פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. ער איז געווען זייער טרייסט און זייער העלד. ער האָט זיי געראַ־

* פֿון די צוקונפֿט, יולי־אויגוסט 1949, זז' 338—344.

טעוועט פאַרן ליטעראַרישן וואָרט בכלל, פאַר עסטעטישע איבערלעבונגען, פאַר אַריינטראַכטונגען אין זינען פון לעבן. סענטימענטאַלער פאָלקסראָמאַן האָט זיין אָרט אין יעדער ליטעראַטור אויף אַ געוויסן שטאַפּל פון איר אַנטוויקלונג. מיט אוממיטלבאַרקייט און אָפנהאַרציקייט, מיט אמתער ניט־געקינצלטקייט און פשטות האָט סעגאַלאָוויטש באַהאַנדלט סיי זיינע לייענערס, סיי זיינע העלדן. מיט דעם האָט ער געוווּנען זיין גוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אימפּאָנירט דעם לייענער אויך מיט דעם, וואָס ער האָט אין זיין ווערק אַריינגעפירט פרויען מיט אמתע און הייסע ליבע־געפילן, מיט ראָמאַנטישע און אַ מאָל אַוואַנטוריסטישע באַגעגענישן, צוזאַמענשטויסן. סעגאַלאָוויטש לעבט מיטן טאָג, מיטן אינטערעס פון דער מינוט — ווייטע פּערספּעקטיוון פעלן אים. ער האָט נישט קיין אידעאַלן; דערפאַר פאַר־לירט ער זיך אַזוי לייכט צווישן „דריי סאָסנעס" פון מענטשלעכע באַציִונגען, אינעם דרייעק פון ליבע. ער מיינט, אַז דאָ עקט זיך דאָס לעבן. ער גלייבט ניט, אַז אין לעבן איז דאָ עפּעס מער ווי אָט די לופטיקע שמעטערלינגען־טאָגלינגען, גרויסע סאָציאַלע קאַמפן, פּראָבלעמען — זיינען פאַר אים פונקט אַזעלכע צופעליקייטן, ווי אַ שיינער פרויס פאַרראָטן איר העלד. דורכפאַל פון אַ רעוואָלוציע און פאַרראָט פון דער געליבטער — ביידע גלייכע קאַ־טאַסטראָפעס.

ז. סעגאַלאָוויטש איז דער דיכטער פון „אַזוי איז דאָס לעבן". ער האָט נישט די אַמביציע צו ווערן דער דיכטער פון „אַזוי דאַרף דאָס לעבן זיין". זיין אינטערעס ליגט אינעם היינט, נישט אינעם מאָרגן. זיין סטיכיע איז שאַפן, מאָלן, זינגען. ער פאַרשטייט נישט, וואָס עס הייסט פּריידיקן, פירן, לערנען.

זיין גאַנצע קינסטלערישע שעפערישקייט איז געווען קאָנצענטרירט אויפן יחיד — און דער הויפּט אויף יענעמס סעקסועלע „דורכלעבונגען", און זיינע „אינטערעסאַנטע געשיכטעס מיט פרויען". אַרום האָט אין פּוילן געקאָכט — סיי אויף דער ייִדישער סיי אויף דער פּוילישער גאַס, סיי צווישן אַרבעטערס, סיי צווישן בירגערטום און פּשוטע ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר. סעגאַלאָוויטש איז געווען טויב צו דעם. ווי ער האָט אַליין געשריבן אינעם ראָמאַן „אונדזער פרוי" (1930): „איך בין עגאָאיסטיש גלייכגילטיק צו אַלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, איך בין מיר אַ וועלט פאַר זיך. איך גלייב ניט אין קיין משיח, מענטשן זיינען גוט און שלעכט פון דער נאַטור... שוואַכע, אונטער־געדריקטע וועלן שטענדיק זיין, ווייל עס וועט קיין מאָל נישט אויסגעוואָרצלט ווערן דאָס געפיל פון הערשן" (ז' 29).

עס איז ניט, חלילה, קיין ניצשעאַנישקייט. ער באַטראַכט זיך ניט פאַרן „העכסטן מענטשן־עקזעמפּלאַר" און „איבערמענטש". ניין, עס איז פּשוטער

ווילן צו גיין — „מיטן ליידיקן טראָטואַר פון גאַס". עס איז אַ מין אַנט־לויפן פון לעבן, אַ באַגעגענען זיך מיט „נייַגעריקייט" און גלאַט אַזוי „אינ־טערעס" צום אַרום.

...סעגאַלאָוויטש איז אויף דער עלטער אַ פליט. ער פראַוועט זייַן 60סטן געבוירן־טאָג ווייַט פאַרוואָרפן פון זייַן היים, פון זייַנע נאָענטע און געליבטע, אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען, „אַ וואָגלער פון שטאָם אויסגעראָטן, איך בין ווי פאַרמעקט און פאַרשטאָכן... אַ ממזר פון 60... אַ שאָטן".

און פונעם ערשטן מאָמענט, ווי נאָר ער איז צו זיך געקומען און אַ שטיקל מקום־מנוחה געפונען אין תל־אָביב, און ביזן לעצטן טאָג, האָט ער ניט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו באַוויינען דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט זייַן פאָלק געטראָפן. שוין באַלד בייַם אָוועקשטעלן זייַנע אויסגעמאַטערטע וואָגלער־פיס אויף דער רויִקער ערד האָט ער אַ נדר געגעבן — „אין ערגעץ ניט וויסן קיין רו". און פון יענעם טאָג הערן אים ניט אויף צו פּייַניקן די בילדער פון וואַרשע, די בילדער פון אַמאָליקן לעבן אין פּוילן, און וואָס ער לאָזט ניט אַרויס פון אונטער זייַן פּען, איז עס ווידער און ווידער דאָס געזאַנג וועגן נאַלעווקעס און וועגן קאַזמיעזש, און וועגן געטאָ־ייִדן אין לאָדזש און אין לובלין. ער הערט די קלאַנגען פון זייער ייִדיש לשון און פון זייער זינגען און דאַוונען. ער חזרט־איבער די טייַערע נעמען פון די וואָס זייַנען אומגעקומען פאַרן כלל און פון די וואָס האָבן אין גאַנצן קיין נעמען ניט געלאָזן נאָך זיך. פאַר זייַנע אויגן שוועבן די טויזנטער געשטאַלטן, וואָס זייַנען אים אַזוי ליב געווען און וואָס מיט זיי האָט ער אַזוי פיל יאָרן פאַרבראַכט צוזאַמען. און יעדעס מאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער איז „אַ צווייַג אָפּגעבראָכן", „אַ דור איז מיר דאָרטן פאַרבליבן", „פאַרלאָרן דאָס קול פון מיליאָנען"...

...אין זעקס קינות האָט דער דיכטער אויסגעוויינט און אויסגעקלאָגט זייַן טיפן צער און דאָס אומגליק פון זייַן פאָלק, ניטאָ פאַרן דיכטער קיין טרייסט און ניט קיין באַרויִקונג.

...אין זייַנע וויזיעס פון געטאָ זוכט ער די קינדער... אויף די ברעגן פון זייַן ווייַסל זוכט ער די קינדער, אפשר וועט ער זייערס אַ שטים דערהערן, זייערס אַ געלעכטער, אַ שטיפערייַ. אָבער פינצטער און פאַרשטומט איז דער גיהנום, וואָס רופט זיך חורבן פּוילן. אונטערגעגאַנגען איז דער „פּשוטער ייִד איטשע מאַיער", און צוזאַמען מיט אים אויך זייַן ירושה־דור.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ דאָס דאָזיקע בוך, דער 37סטער באַנד **מוסטערווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור**, אַרויסגעגעבן דורכן **יוסף ליפּשיץ־פֿאָנד**, דורך דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ** אין בוענאָס־אײַרעס, וועט אפֿשר העלפֿן צו **קאָרעגירן דעם טעות**, וואָס איז פֿון טייל פּײַנשמעקערס באַגאַנגען געוואָרן **קעגן ז. סעגאַלאָוויטשן**.

◈ אין דעם בוך **לידער, דערציילונגען, זכרונות** ווערט — ווי אין אַלע אַנדערע בענד **מוסטערווערק** — אָפּגעהיט די כראָנאָלאָגיע בײַם פֿאַרשטעלן דאָס שאַפֿן פֿון שרײַבער. אין אָט דעם בוך ווערט אָבער ספּעציעל געזוכט צו ווײַזן, אַז אויך **אין פֿאַרמלחמהדיקן** זוסמאַן סעגאַלאָוויטשן איז געווען דער קערן **פֿון נאָכמלחמהדיקן** זוסמאַן סעגאַלאָוויטש.

◈ אין 11 אָפּטיילונגען איז אין דעם בוך אײַנגעטיילט סעגאַלאָוויטשעס שאַפֿן און יעדע גרופּע צילט פֿאַרצושטעלן דעם שרײַבער פֿון אַן אַנדער זײַט, דער עיקר **טעמאַטיש** און **אידעיִש**, נאָר איבער הויפּט **נאַציאָנאַל**. קינסטלעריש איז סעגאַלאָוויטש אין 1938 נישט ווייניקער רײַף ווי אין 1948.

◈ די **טיטלען** פֿון די אָפּטיילונגען, גענומען על־פּי רוב פֿון סעגאַלאָוויטשעס פֿערזן אָדער טיטלען, זוכן צו **אָריענטירן** דעם לייענער און אים באַוועגן צו **שאַצן**. אַזוי, למשל, הייסט דער 1טער אָפּטייל **קאַפּריזן**, ווי ס׳איז דער טיטל פֿון דעם דיכטערס אַ בוך, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס דאָ איז בײַם סוף אוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פֿרעגצייכן: **קאַפּריזן?...** דער לייענער קען דאָ לײַכט אורטיילן, אַז דער דיכטער האָט באַנוצט דאָס וואָרט בלויז לשם עניוות ווען...

◈ דער דאָזיקער באַנד **מוסטערווערק** וועט אפֿשר זײַן פֿאַרן לייענער פֿון די **לײַכטסטע** און אַטראַקטיווסטע ביכער אין דער סעריע: אַמוזאַנטער לייענשטאָף און כמעט פֿעליעטאָניסטישע פּראָזע גרענעצט זיך דאָ מיט פּאָעזיע פֿון הויכן סאָן און קוואַליטעט, איבער הויפּט פֿון דער חורבן־פּאָעזיע. אין די דאָזיקע **קאָנטראַסטן** שפּיגלט זיך אָבער אָפּ נישט בלויז דער שרײַבער אין זײַנע **פֿאַרשיידענע פּאַזעס**, נאָר אויך **די צײַט אין איר היסטאָרישן איבערבראָך**.

◈ די מוזיק צו **רייזעלע דעם שוחטס** איז נייטיק געווען צו אויסקלייבן דורכן פֿאַרגלײַכן די פֿאַרשיידענע נוסחאות. דאָס האָט מיט ליבשאַפֿט געטאָן דער קאָמפּאָזיטאָר **לעאָן ווײַנער**.

ש. ר.

**Joseph Lifshitz Fund**



**ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק**

## מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**
**2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)**

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יִדי׳ פֿאָלקסלידער**, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**
**2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

4) מענדעלע מוכר ספֿרים — **מסעות בנימין השלישי**
**2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)**

5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זײַטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע, קריזיס**, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זײַטן)

8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** (256 זײַטן)

**9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (352 זײַטן)**

10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זײַטן)

11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

12) י. ל. פרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (240 זײַטן)

**14 דוד האָפשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — שריפֿטן (272 זײַטן)**

15) מרדכי ספעקטאָר — **דער יידישער מוזשיק**, ראָמאַן (272 זײַטן)

16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זײַטן)

**17) שלום עליכם — מנחם־מענדל, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)**

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (256 זײַטן)

19) י. י. שוואַרץ — **קענטאַקי**, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג** (פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זײַטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זײַטן)

21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זײַטן)

22) מענדעלע מוכר ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זײַטן)

23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פּוילישע וועלדער** (416 זײַטן)

24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זײַטן)

25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות** (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער** (288 זײַטן)

28) אַבֿרהם רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

29) אַנטאָלאָגיע — **די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע** (416 זײַטן)

30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות** (224 זײַטן)

31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)

32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

33) אַנטאָלאָגיע — **ייִדיש אין ליד** (264 זײַטן)

34) מנחם באָרײשאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)

35) אַנטאָלאָגיע — **ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט** (464 זײַטן)

36) אַנטאָלאָגיע — **נוסח השׂכּלה** (272 זײַטן)

37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)

**פֿאַר דער סעריע פֿון 1968 דערשײַנט:**

38) מעשׂה־בוך, **צוגעגרייט פֿון יעקבֿ מייטליס.**

**אין 1969 וועלן דערשײַנען אָט די 4 ביכער:**

39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** / שמוגלערס.

40) ערבֿ חורבן: **מיכל בורשטיין** / בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע **און** לידער פֿון **יחיאל לערער, חיים סעמיאַטיצקי, ישׂראל שטערן, משה שימעל.**

41) חורבן: **אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע.**

42) אויפֿשטאַנד: **אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע.**

Z. SEGALOWITCH

# POESIAS, CUENTOS, RECUERDOS

## POETRY, STORIES, MEMOIRS

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE

Director: SAMUEL ROLLANSKY


1968

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires